# אלע שריפטען

— פון —

# יעקב גארדין

צווייטער באַנד

היברו פּאַבלישינג קאָמפּאַני
85־83 קאנאל סטריט, ניו יאָרק.
1910.

# אינהאלט-פערצייכניס:

## פאמיליען בילדער



## אונגליקליכע און עלענדע

## סאַטירע און הומאָר





# זעקס טעג.

## איינלייטונג.

איך האָב אַ יונגען פריינד. זיין נאָמען איז אַלבערט דאָרים. קיינער פון אייך האָט ביז איצט פון איהם ניט געהערט, ווייל ער איז אַ שטילער, שעמעוודיגער מענש. ער יאָגט זיך ניט נאָך כבוד און רוהם און האַלט זיך פון דער ווייטענס. דערצו נאָך — זעהר אַ געזונטער איז ער אויך ניט. ער איז אַ איד, אָבער ער פערגע־טערט די נאַטור, ווי אַן אמת'ער גוי. די שעהנקייט פון דער נאַטור, איהרע וואונדערליכע פארבען און קאָלירען, איהרע טענער און קלאַנגע, איהר מאַיעסטעטישע רוהע און ברויזענדער שטורעם, איהר שרעקליכע מאַכט און ריהרענדע מילדקייט, איהר שטראַהלענדע, ליכטיגע, שאַ־פענדע, ענערגיע און לעבען געבענדע זונן, און איהר פערטראַכטע, פער'חלום'טע, אין ווייסען מאַנטעל פון געהיימנים פערוויקעלטע לבנה — אַלעם מאַכט אַ טיעפע ווירקונג אויף זיין פּאָעטישע זעלע. ער איז אביסעל דעקאַדענטיש, ווי כמעט אַלע פּאָעטען פון אונזער קראַנקער צייט, אָבער ער איז זעהר אויפריכטיג און עהרליך אין זיין דענקען און פיהלען.... ער האָט די שטילע מעלאַנכאָלישע בערג מעהר ליעב, ווי דעם שטורמישען טהעטיגען אָקעאַן, ער האָט מעהר נייגונג צו דער ליריק פון דער נאַטור, ווי צו איהר דראַמע . . . אָבער ער איז זעהר אַ סימפּאַטישער קערל און איך האָב איהם ליעב. און איך ווייס, אַלבערט דאָרים האָט מיך אויך ליעב.

אין יוני . . . 190 קריג איך פון מיין יונגען פריינד פאָלגענדען בריעף: „איך בין איצט אין די בערג. די דאָקטוירים האָבען מיך אהער געשיקט צו פערבעסערען אַ ביסעל מיין געזונד. גרויסע געטליכע

איך, קומט איצט צו מיר אויף א וואָך, אָדער צוויי. איהר וועט בע־זוכען אַ קראַנקען פריינד, איהר וועט זיך אויף אַ צייט ארויסרייסען פון דער ערשטיקענדער, שמוציגער אַטמאָספערע, אין וועלכער איהר לעבט דאָרט אין שטאָט, איהר וועט זיך אַ ביסעל אָברוהען און איהר וועט צוזאַמען מיט מיר בעוואונדערען די גרויסע געטליכע נאַטור....

„איך בעט אייך, קומט... די נאַטור איצט דאָ ארום מיר, איז ווי אַ הייליגער טעמפעל... זי ווערט דאָ פון קיינעם ניט פּראָפאַ־נירט, ניט ערנידעריגט. די צייט, ווען דיעזער שטילער געגענד ווערט פערוואַנדעלט אין אַ ליאַרעמדיגען חזיר־מאַרק, דער סעזאָן, ווען די גרויסע בערג און די שעהנע טהאָלען ווערען דאָ פערוואַנדעלט אין אַ עס־צימער און שלאָף־צימער, — דער סעזאָן, ווען אַהער קומען מחנות מענשען צו מאַכען אַן אויסשטעלונג פון זייערע גראָבע בייכער און הויכע ביוסטען, פון זייערע טייערע בריליאַנטען און אָרעמע נשמות, — די צייט איז נאָך ניט געקומען. עס איז שטיל דאָ און רוהיג. אין דעם האָטעל וואו איך שטעה איצט בין איך נאָך דער־ווייל דער איינציגער גאַסט... דער האָטעל געפינט זיך אין דער שעהנסטער געגענד דאָ, און פון דער טעראַסע פון׳ם האָטעל זעה איך לאַנדשאַפטען און בילדער, וואַלקענס און פעלזען, וועלדער און בערג, ליכט און שאַטענס, בלויע הימלען און גרינע טהאָלען, וועלכע קיין מאַהלער אין דער וועלט קען ניט איבערגעבען אויף אַ בילד. איך בעט אייך, קומט. אייער טרייער פריינד, אַלבערט דאָריס״.

איך האָב געענטפערט באַלד מיט אַ טעלעגראַמע: „מיין ליע־בער אַלבערט דאָריס, איך פאָהר צו דיר״. און אויף׳ן צווייטען טאָג, דריי נאָך מיטאָג בין איך שוין געזעסען מיט מיין פריינד אויף דער טעראַסע פון זיין האָטעל און האָב געקוקט מיט נייגעריגע, פער־וואונדערטע אויגען אויף די שעהנע הערליכע בערג.

מיר האָבען פערבראַכט עטליכע שטונדען צוזאַמען. מיר האָבען בעוואונדערט אַלעס, וואָס איז געווען צו בעוואונדערען און בעשפּראָ־כען אַלע פּאָעטישע געגענשטענדע, וועלכע האָבען פערדיענט בע־שפּראָכען צו ווערען און מיר זיינען פּלוצלונגביידע אָנשוויגען גע־וואָרען. „דו ווייסט, דאָריס, איך האָב מורא, איך וועל דאָ מעהר ווי איין טאָג ניט קענען זיין... ביי׳ם אָקעאַן קען איך פערבלייבען מאָנאַטען, זאָגאַר יאָהרען; ער ציהט מיך, ער רעדט צו מיר מיט אַ

בערג, וועלכע שווייגען ווי די געהיימניסע פון דעם מענשענ'ס שיק־זאל, וועלכע קוקען אויף אייך, ווי די ספינקסען פון עגיפּטען, וועלכע פערהיפּנאָטיזירען אייך מיט זייער אייביגע רוהיגקייט, ווי די מאָנאָ־טאָנע, שלעפעריגע וויעגעל־ליעדעלע פון א ליעבענדער מוטער. איך בין שוין פיער מאָנאט דאָ, און אין מיין געגענוואַרט האָט דער גרויסער ביהנען רעזשיסער — די נאטור — עטליכע מאָל שוין געביטען די סצענעריים, די דעקאָראַציאָנען פון די בערג... פריהער איז דאָ אַלעס געווען בעדעקט מיט א ווייסען שנעענעם מאַנטעל. די שוואַרצע נאַקעטע בוימער אויף די ווייסע, פרייליכע בערג, האָבען אויסגעוויזען ווי א צוגעקלעפּטע שטעכיגע באָרד אויף א יונגען פרייליכען פּנים. א מונטערער ווינד האָט געבלאָזען פון דער הויך און דאָס בלוט אין די אָדערען איז אומגעלאָפען שנעלער און שטאַרקער. דאַן האָט די זונן אראָבגעשטויסען דעם ווייסען מאַנטעל פון די בערג אראָב אין די טהאָלען אריין... און די ווייסע, זיידענע טוך פון'ם מאַנטעל האָט זיך צונויפגעוויקעלט און אויסגעשפּרייט אין ווייסע טייכען וואָס לויפען און רעדען... די שווייגענדע שוואַרצע בערג האָבען גערעדט מיט א גיסענדע און רוישענדע וואַסער שפּראַך... איך פלעג שטונדען לאַנג זיצען און צוהערען זיך צו דיעזע רייד... זיסע קינדערשע שפּראַך, וועלכע ווערט פערשטאַנען נור פון די, וואָס האָבען דאָס קינד ליעב... נאָכדעם האָט פון די טהאָלען אָנגעהויבען צו קריכען לאַנגזאַם און שטיל ארויף צו די בערג א גרינער צודעק... אזוי ווי א גרויסע מחנה פון שוואַרצע וואָראָנעס אויף א פעלד, וואָס האָט זיך ערשט בעדעקט מיט גרינס, האָבען אויסגעוויזען די נאַקעטע שוואַרצע בוימער אויף די בערג... טויטע דערנער אויף א לעבעדיגען באָדען! דער ווינד האָט גרויזאַם דיעזע דערנער געריסען און געבויגען און האָט יאָמערליך געקלאָגט אין זייער טרויער־פערזאַמלונג... נאָכדעם האָט די וואַרעמע זונן בעשאָטען אַלע נאַקעטע בוימער מיט קליינינקע, גרינינקע פינטעלעך... נאָכ־דעם האָט די צויבערישע זונן פון יעדע גרינע פינטעלע ארויסגעצויגען א גרינע, סאַמעטענע בלעטעלע... און אַלע בוימער האָבען בעדעקט זייערע קעפּ מיט גרויסע גרינע שטריימלעך... פון א טויטע מאַסע איז געוואָרען א פערזאַמלונג פון לעבעדיגע אינדיווידיואומס... אָך, ווי שעהן און הערליך עס איז איצט דאָ אויף די בערג! איך בעט

יא, האָט ער געזאָגט, איך וועל אייך לעזען מיינע ערצעהלונגען. אָבער איהר דארפט וויסען, אז איך בעשרייב די ערגעבניסע פון ליעבע ניט ווי איהר... איהר שילדערט שטענדיג די ליעבע ווי א טריאומפירענדען זיעגער. אייערע פערליעבטע זיינען שטארק גענוג ארויסצורייסען ביים שיקזאל אם וועניגסטען עטליכע אויגענבליקען פון גליק און זעליגקייט. מיין ליעבע איז ניט קיין טריאומפירענדע... עס איז דאָ אויף דער וועלט א הייסע, א רעדענדע, א ווירקענדע, א בעטויבענדע, א בעצויבערענדע, א שטארק לעבענדע ליעבע, און עס איז דאָ א קאלטע, א טויבע, א שטומע, אן אויסגעטראכטע, א טויטע זאך, וועלכע רופט זיך פליכט, אָדער געבאָט... ליעבע און פליכט זיינען אקוראט ווי לעבען און טויט... דער טויט איז שטארקער!... דאָס, וואָס די מענשען רופען „פליכט" איז א שרעקליכער, אונבארמ־הערציגער, אונפיהלענדער, אינדיפירענטער מלאך המות פון יעדען נאטירליכען, הייסען, אויפריכטיגען, אמת'ן געפיהל. עס איז א טויט־טער שטיינערנער אָבגאָט מאָלאָך, אויף דעם בלוטיגען אלטאר פון וועלכען מענשען זיינען מקריב זייער ליעבע, זייער גליק, זייער יוגענד, זייער לעבען — אָט דיעזע שרעקליכע טראגעדיע פונ'ם מענשענ'ס לעבען, וויל איך אויסדריקען, אויף וויפיעל איך קען, אין מיינע ער־צעהלונגען...

ער איז אויפגעשטאנען, האָט געוואָרפען א פערטראכטען בליק אויף די בערג און האָט געזאָגט: גרויזאמער עגאָאיסט, איך וועל ביי אייך קויפען יעדען טאָג מיט אן ערצעהלונג... איצט אָבער ענט־שולדיגט... די זונן זעצט זיך און עס איז צו קאלט פאר מיר צו בלייבען לענגער אויף דער טעראסע...

איך בין געבליבען אליין. איבער די בערג האָבען זיך נאָך געזעהן פורפור רויטע הימעל חוואליעס „ארומגעטרימטע" מיט גאָלדענע שטראהלען, און פון די טהאָלען ארויף צו די בערג האָט זיך געצויגען לאנגזאם א גרויע פינסטערניס... ווייט ערגיץ האָט ערשאלט א הויכע שטימע, און דאָס עכאָ האָט דעם אויסגעשריי הילכיג געטראָגען איבער די בערג און איבער די וועלדער. ערגיץ גאנץ הויך איבער מיר האָט א בלישצע געטאָן א זילבערנער שטערנדיל...

---

קרעפטיגע, ליידענשאפטליכע ענערגישע שפראך. די בערג אבער זיי־
נען אונמוטהיג, מאנאטאן, מעלאנכאליש"....

דארים האט מיך ניט געלאזט ענדיגען: „ניין! ניין! איך וועל
אייך ניט לאזען! מיר וועלען וואנדערעןביידע איבער די בערג,
איך וועל אייך ווייזען דעם פעלז, וועלכער רופט זיך דעם טייוועל'ס
טהראן. איך וועל אייך פיהרען צו די רוישענדע וואסער־פאלען...
איך וויל אייך פיהרען אויף'ן העכסטען פונקט, וועלכער רופט זיך דעם
וואלקענס בריק. אה! עס איז דא פיעל וואס צו זעהן..."

— יא, איך וויים, דו וועסט מיר ווייזען איינציגע איינצעלהייטען
פונ'ם בילד, אבער דאס וועט דעם איינדרוק, וואס דאס גאנצע בילד
מאכט, ניט ענדערען... דער איינדרוק איז אזא דריקענדער, ווארום
דער טאן פון בילד איז זעהר איינקלאנגינג, איינפארביג...

— ניין, הערט אוים, איך וועל אייך דערצעהלען פון זיך, פון
מיין ארבייט... איהר ווייסט, איך שעם זיך אייך צו דערצעהלען,
איהר זאלט ניט מיינען, עס איז א בעריהמעריי. אבער... איך...
איך האב די לעצטע צייט פיעל געשריבען און געדיכטעט... איך
האב אויפגעשריבען פיעל ערצעהלונגען...

— ערצעהלונגען? האב איך געפרעגט. אויב דו וועסט מיר
לעזען דיינע ערצעהלונגען און אויב זיי וועלען זיין אינטערעסאנט,
וועל איך בלייבען. דו וועסט זיין אין דער זעלבער לאגע ווי די מיי־
דעל־פרינצעסין שעכערעזאדא איז געווען... זא לאנג זי האט גע־
האט פיר איהר הערשער דעם סולטאן, א מערכען צו דערצעהלען,
האט זי דעם טויט פון זיך ערווייטערט... מיט יעדע סקאזקא האט
זי זיך געקויפט א טאג לעבען. אלבערט דארים! פאר יעדע דיינע
ערצעהלונג צאהל איך דיר מיט א טאג לעבען אויף די בערג.

מיר האבען זיך לאנג געדונגען און דיסקוטירט. פריהער האט ער
געזאגט, אז עס איז א פראפאנאציאן, א לעסטערונג, צו לעזען פאר
פרעמדע די ריינע, ציכטיגע, אינטימע געדאנקען, וועלכע זיינען אין
דער הייליגער שטילקייט געשאפען געווארען פון א מענשענס זעעלע.
נאכדעם האט ער זיך זעהר שארף אויסגעדריקט געגען די מבינות
פון אונזער קריטיק... ווען אבער ער האט געזעהן, אז איך הער ניט
אויף צו סטראשען מיט אוועק־פאהרען, האט ער זיך ענדליך אונ־
טערגעגעבען.

געווען זעהר שוואַך און זיינע הענד האָבען געציטערט, ווען ער האָט ענדליך אָנגעפאנגען צו לעזען זיין ערשטע ערצעהלונג:

„ער איז געווען זעהר א הויכער יונגער מאַן מיט א קליינע שפּיציגע געלע בערדעלע, מיט צוויי קליינינקע געגרייזעלטע פּאה'קא־לעך, מיט צוויי גרויסע ליכטיגע בלויע אויגען, אין וועלכע די הימ־לען האָבען אָבגעשיינט. זיינע שעהנע גוטע אויגען זיינען געווען אזוי טיעף אָפען, אַז איהר האָט געקענט אין זיי אריינקוקען ביז אין דער נשמה אריין. א גוטמוטהיגער, א לעבעדיגער, א פרייליכער, מיט פלינקע בעוועגונגען, ראשע טריט און א הויכען, הילכיגען גע־לעכטער. צו יעדער צייט האָט ער געהאַט אין רעזערוו א שעהנעם און אונבעדינגט א ריינעם וויטץ, א גוטען משל, אַן אינטערעסאַנטען גלייכווערטעל, א בעדייטענדען אַנעקדאָט פון עפּעס א גרויסען גאון אָדער א בעוואוסטען רב. און דערצו נאָך איז ער געווען א גרויסער קינסטלער צו שניצען. מיט זיין ביליגען פעדערמעסער האָט ער אויס־געשניצט א הדס פאַר זיין שווער, דעם רב פון'ם קליינעם שטעטעל אָרעכאָווע, אַז אַלע בעל־הבתים זיינען עס געגאַנגען בעוואונדערען... ביי איהם אין דער היים שטעהט אויף'ן טיש א געשניצטע זאַלץ־פאַס, — א מערקווירדיג שעהנער קאָפּ פון א לייב... אַלע זיינע אינטימע פריינד האָבען געהאַט פון איהם געשניצטע מתנות...

צו די דאָזיגע אַלע מעלות איז ער נאָך געווען זעהר א גוטער מנגן מיט א זיסע ווייכע טענאָר־שטימע. ער איז שטענדיג געווען טהעטיג. קיין איין מינוט ניט געזעסען רוהיג — אָדער ער האָט געלערנט א בלאַט גמרא פלייסיג און מיט חשק, אָדער ער האָט וואָס געשניצט מיט דעם ענטוזיאַזם פון א קינסטלער, אָדער ער האָט געזונגען מיט'ן פייער פון אַן אמת'ן ארטיסט. געווען איז ער א שוחט ובודק אין א קליין דערפעל וואסיליעווקע, 40 ווערסט פון'ם שטעטעל אָרעכאָווע... דערצו נאָך איז ער געווען דער חזן פון דער קליינער וואסיליעווקער קהילה. און ימים נוראים האָט ער געדאווענט די מוספים זאָגאַר מיט צוויי משוררים, — א באַס, א פועל ביי א שניידער און א סאָפּראַנאָ, א אינגעל פון תלמוד תורה. און ווייל אין וואסיליעווקי איז ניט גע־ווען קיין מורה הוראה, האָט ער אָפט אויך געמוזט פּסק'ענען שאלות... נור ביי זעהר וויכטיגע צופעלע, פלעגט ער זיך ווענדען צו זיין שווער, דעם רב פון דער אָרעכאָווער קהילה קדישא. פון דעם אַלעמען האָט ער

## ערשטער טאָג.

---

## די גרושה.

---

די זונן איז ערשט אויפגעגאנגען און מיר זיינען שוין ביידע געזעסען אויף דער טעראסע... וואָס פאַר א הערליכעס בילד!... די, וואָס זיינען אונטען אין די טהאָלען קענען נאָך ניט דאָס ליכט און אין דער הויף איז שוין אַלעס בעגאָסען מיט שטראַהלען... און ווען דער שעהנער זומער טאָג איז פערביי און די זונן פערשווינדעט ווייט אין דעם שעהנעם, פער'חלום'טען מעריב, זיינען די בערג נאָך לאַנג בעלויכטען מיט ליכט. וועהרענד די טהאָלען זיינען שוין ווידער פערוויקעלט אין פינסטערנים... אין דער הויף איז דאָ מעהר ליכט און מעהר זונענשיין. צו די הויכע בערג קומט די זונן פריהער און פער־בלייבט אויף זיי לענגער... די בערג זיינען די רוהיגע, קאָנסערוואַ־טיווע, שטאָלצע אריסטאָקראַטען פון דער זונן...

אזוי ווי א געדיכטער טומאַן ציהען זיך די וואָלקענס פון צווי־שען די בערג. פריהער איז דער טומאַן גרוילאָך וויים. און דאַן, ווען דער בארג קריגט פון דער זונן א רויטלעך אראַנזשעווע פארב, ווערט דער וואָלקען בלוי... און דאַן ווערען די שווארצע בערג בלוי... און דאַן גיסען זיך צונויף די הימלען מיט די בערג און אַלעס ווערט בלוי... די שווערע בערג ווייזען אוים אזוי לייכט, געראַדע ווי זיי וואָלטען זיין געמאַכט פון בלויען רויך... זיי הויבען זיך הויך צו די הימלען און בלייבען הענגען אין דער לופטען... א פאנטאסטי־שע וועלט! די זונן אָבער הויבט זיך אויף העכער און די בערג מוזען זיך אומקעהרען פון דער פאנטאסטישער וועלט צו דער ווירקליכקייט, פון די הימלען צוריק צו דער ערד... ביסלעכווייז ווערען זיי שווע־רער, ניעדריגער און דונקעלער... די זונן הערשט איבער די בערג און די בערג דרעמלען מיט א זיסען מאָרגען־דרעמעל... א פרישער א מונטערער ווינטעלע קומט צולויפען מיט א פריינדליכען גרוס פון די בערג און דער מענש פיהלט זיך מונטערער און שטאַרקער...

אלבערט דאָרים איז געווען זעהר נערוועז, זיין שטימע איז

דער חתונה פלעגט זי איהם זעהר אָפט קומען צו חלום, און דאָס פלעגט איהם זעהר שרעקען און פּלאָגען . . . אמת, זיין ווייב איז געווען א קרענקליכע און איהר פּנים איז געווען צוגראָבען און פערקריפּעלט פון פּאָקען . . . אָבער ווי האָט ער געקענט זיין אונצופריעדען, ווען ער איז אַן אמת'ער פרומער איד? ווי האָט ער געקענט דענקען פון עטוואָס אנדערש, ווען ער האָט געדאַרפט דענקען פון מצוות, פון צדקה, פון תורה, פון עולם הבא? און דערצו טאַקע דאגות פּרנסה. און דאגות האָט ער געהאַט גענוג. זיין ווייב איז באלד נאָכ'ן ערשטען קימפּעט קראַנק געוואָרען און איז זעלטען אויפגעשטאַנען פון בעט. דאָקטוירים, רופאים, צרות און דערצו שטענדיג אריינקוקען אין די הלכות שחיטה, וויסען צו פּסק'ענען א דין, זיין פערטיג צו קריאת התורה, פאַרבערייטען זיך צו מוסף, האָבען א נייעם „יעלה", קאָמפּאָנירען פון קאָפּ אַן אייגענעם „המאיר לארץ ולדרים"... אָבער די אַרבייט, די דאגות, די צרות, די נויטה האָבען זיין לוסטיגען גייסט ניט געקענט אונטערדריקען . . . ער איז געווען טהעטיג, לעבעדיג, פריילעך . . . האָט זיך ניט בעקלאָגט, האָט ניט געזינדיגט געגען זיין בורא יתברך, האָט געזונגען, געלערענט און אויפריכטיג און הייס געדאַנקט און געלויבט דעם גרויסען פאָטער אין הימעל פאַר אַלע זיינע חסדים.

א גאַנץ ווינטער איז ר' שלום אלי'ס ווייב געלעגען קראַנק אין בעט און א גאַנץ ווינטער כמעט, דאָס הייסט, ביז ראש חודש אדר איז ביי זיי אין שטוב געווען זיין ווייב'ס יונגערע שוועסטער אסתר'קע . . . זי איז געווען א כלה פאַר א גרויסען נגיד'ס א זוהן פון יעקאַטערינאָסלאַוו און שבת נאָך שבועות האָט געדאַרפט זיין ביי איהר די חתונה . . . אסתר'קע האָט אכטונג געגעבען אויפ'ן קינד, א מיידעלע פון עטליכע יאָהר, האָט געראמט, געקאָכט און געבאַקט. אָבער וואָס זי האָט ניט געטאָן, פלעגט זי ניט אראָפּלאָזען איהרע אויגען פון דעם זעלטענעם מענשען, — איהר שוואָגער. דאָס פלעגט זי ריהרען ביז טרעהרען זיין צערטליכקייט צו דער קראַנקער שוועסטער, דאָס פלעגט זי און זאָגאַר די קראַנקע שוועסטער לאכען פון זיינעם א מערקווירדיגען וויץ, דאָס פלעגט זי ענטציקט ווערען פון זיין קינסטלערישע שניצעריי, דאָס פלעגט זי בעצויבערט ווערען פון זיין זיסען געזאַנג . . . יעדע וואָך, וואָס נעהענטער עס פלעגט קומען צו שבת, דאָס עפּטער האָט ער געזונגען . . . ער האָט אימפּראָוויזירט,

פערדיענט זעהר ווייניג און איז געווען א גרויסער קבצן. גערופען האט מען איהם ר׳ שלום אלי.

זיין פאטער איז א שניידער טאקע אין וואסילעווקי גופא. אן אלטער איד מיט א בארד ביז׳ן גארטעל, מיט לעבעדיגע אויגען... א וויצלינג, א זינגער, דער גרעסטער „הוליאקע" אויף אלע שמחות. ער האט ניט געוואלט, זיין איינציגער זוהן, שלום אלי זאל זיין ניט מעהר ווי א בעל מלאכה. ער האט פאר איהם געדונגען די בעסטע מלמדים, האט געצאהלט דעם טייערסטען שכר לימוד און מיט געלד וואלד, מיט צרות, מיט גוטען און מיט בייזען האט מען שלום אלי׳ן געמאכט פאר א למדן. קיין גוטען קאפ צו גמרא און קיין גרויסען חשק צום לערנען האט שלום אלי ניט געהאט. ער האט בעסער געוואלט זיצען ביים טייך אונטער׳ן בריק ביים וואסער מיהל, זינגען ליעדעלך צוזאמען מיט די פייגעלעך, מאהלען „קארטינקעס" מיט א בלייפעדער אויף שטיקלעך פאפיר און קוקען אויף די וואלקענס, אין וועלכע ער האט געזעהען אנשי חיל מיט שפיזען, רייטענדיג אויף פערד, גאנצע מחנות מיט מענשען און קאמעלען, גרויסע עלעפאנטען און אנדערע אונגעוועהנליכע חיות, דעם בארג סני מיט׳ן הר הכרמל... מען האט איהם אבגעריסען פון דער פאעטישער וועלט און געמאכט פאר זעהר א פרומען אידען און א לערנער א מתמיד. אלס א הייסער ענטוזיאסט, האט ער זיך אבגעגעבען צו דער הייליגער תורה און צו דעם אלמעכטיגען גאט מיט זיין גאנצער זעעלע און מיט׳ן גאנצען הארצען. ווען ער האט ביים גרעסטען מלמד אין וואסיליעווקי געענדיגט קורס, האט איהם דער פאטער געשיקט לערנען צום ארעכאווער רב. דארט האט ער אויסגעשטודירט אויף שוחט ובודק און מיט זיין סימפאטישען כאראקטער אזוי נושא חן געווען, אז ער האט פערדיענט אזא כבוד חתונה צו האבען מיט׳ן רב׳ס עלטערע טאכטער... קענט איהר זיך פארשטעלען די שמחה, דאס גליק, די פרייד פונ׳ם אלטען שניידער? זיין זוהן א שוחט ובודק און א שליח צבור און ער אליין א מחותן פון א רב! ר׳ שלום אלי אליין איז אויך געווען צופריעדען. אמת, דעם רב׳ס עלטערע טאכטער איז שוין געווען א בתולה פון א יאהר עטליכע און צוואנציג און ער איז געווען אלט אכטצעהן... אמת, דעם רב׳ס צווייטע טאכטער אסתר׳קע, א מיידעל פון א יאהר זעכצעהן, איז געווען שעהן ווי א רויז, וואס פאנגט ערשט אן צו בליהען. פאר

גערעדט צו די מלאכים. די נשמות פון די צוויי געזונדע מענשען האָ־בען גערעדט איינע צו דער אַנדערער מיט אַ געהיימניספאָלער נשמה־שפּראַך. ביידע נשמות האָבען געשטרעבט אין אַ ווייטע, אונבעקאַנטע וועלט פון פרייד און פון גליק... אין שטוב איז געווען שטיל".

---

מיין שוואַכער פריינד איז געוואָרען מיעד פון אויפרעגונג. ער האָט ניט געקענט לעזען מעהר און איך בין פערבליבען ביז מאָרגען צו הערען די ענדע פון זיין ערצעהלונג. די זונן האָט זיך אויפגעהוי־בען הויך, און גרויסע שוואַרצע שאָטענס זיינען געפאַלען פון די בערג אויף די טהאָלען... די בערג אליין זיינען געלעגען פערטראַכ־טע...

---

## צווייטער טאָג.

---

## די גרושה

---

מיר זיצען ביידע ביי'ם טייפעל'ס טהראָן.

אַלבערט דאָרים איז אויפגעשטאַנען היינט אַ נערוועזער. ער וועט ניט לעזען מעהר אויף דער טעראַסע. די ווירטהין פון האָטעל האָט זיך נעכטען אונטערגעהערט, וואָס ער לעזט. די קעכין איז עטליכע מאָל ווי אונמיסטען אַרויס אויף דער טעראַסע און האָט געקלאַפּט פרעך מיט איהרע פאַנטאָפעל. דאָס איז אַ בעליידיגונג און אַן ערנידעריגונג פאַר אַ דיכטער... מיר מוזען אַוועקגעהן אין וואַלד ווייט... דאָרט אויף דעם שוים פון דער נאַטור, אַרומגערינגעלט מיט בוימער, וועלכע שעפּטשען צווישען זיך שטיל, מיט דרך ארץ, פערשירעמט מיט בערג, וועלכע הערען זיך צו, שווייגענדיג און אונ־בעוועגליך, — דאָרט וועט ער מיר לעזען די פאָרטזעצונג פון זיין ערצעהלונג. אָרעמער און נאַאיווער אַלבערט דאָרים, ער ווייסט ניט, אַז גרעסערע דיכטער פון איהם געבען אָב זייערע דיכטונגען פאַר

אויסגעטראכט נייע „שטיקלעך" פאר יעדן שבת... נייע קאמפאָ־זיציאָנען... יעדן שבת האָט ער געזאָגט גאנץ „המאיר לארץ ולדרים" מיט א נייע וואריאציע, אויף א נאָך ניט געהערטן „שטייגער"... אָפט ביי די דאָזיגע רעפּעטיציעס, אין מיטן זינגען, פלעגט איהם קומען עפּיס א אונבעקאנטער און־ערקלעהרליכער געדאנק און ער פלעגט דעם געדאנק טרייבען, ווי ער האָט שוין פון לאנג געהאט די געוואָהנהייט צו טרייבען פון זיך זינדיגע געדאנקען. מיט די ווערטער „ענני כי עני ואביון אני... שמרה נפשי כי חסיד אני". (ענטפערט מיר גאָט, ווארום איך בין אן ארעמער מענש. היט אָב מיין זעעלע ווייל איך וויל בלייבען ריין...) מיט זעהר א מעלאנכאָלי־שען ניגון, מיט זעהר אומעטיגע טענער, מיט זעהר א צובראָכען הארץ, פלעגט ער זינגען, אומגעהענדיג איבער'ן שטוב, דעם דאָזיגען געבעט זיינעם צו גאָט. אין זיין שטימע האָט זיך געהערט א פער־שטיקטער געוויין, אין זיין געזאנג האָבען געקלונגען טרערען. וועגען וואָס האָט ער געבעטען גאָט? וועלכע געדאנקען האָט ער פון זיך געטריבען? דאָס האָט קיינער ניט געקענט ערקלערען. זיין קראנקע פרוי פלעגט צו מאכען איהרע אויגען און פלעגט מיט פרייד הערען דעם פרומען געבעט פון איהר מאן, מיט וועלכע זי וועט זוכה זיין צו זיין צוזאמען אין גן עדן. אסתר'קע אָבער פלעגט ארויפלעגען איהר קאָפּ אויפ'ן רוקען פון שטוהל, אויף וועלכען זי איז געזעסען און פלעגט קוקען אויף איהם ניט ריהרענדיג זיך פון אָרט.... זיין טרויעריגער געזאנג האָט געגאָסען א זיסען וועהטאָג אין איהר הארץ, אין איהר נשמה. אין איהרע אויגען האָט געשיינט א געפיהל פון פער־געטערונג, און א טיעפע שמערצליכע בענקעניש.

ער פלעגט אנשווייגען ווערען און פלעגט אומגעהן שטיל איבער'ן שטוב. און אסתר'קע פלעגט פערדעקען מיט איהרע ווייסע הענד איהר יונגען, שעהנעם פּנים. און אויף די פליגלען פון איהר קינדער־שער פאנטאזיע פלעגט זי זיך אוועקטראָגען ווייט אין א וועלט פון ריינע אונשולדיגע חלומות... אין שטוב פלעגט ווערען שטיל... עס האָט זיך נור געהערט דאָס שווערע אטהעמען פון דער קראנקער און דער הייזעריגער גאנג פון דעם אלטען וואנד זייגער. די דריי מענשען אין שטוב זיינען געבליבען שטיל, אָבער זייערע נשמות האָבען גערעדט. די נשמה פון דער קראנקער האָט געשטרעבט אין די הימלען און האָט

אסתר'קע איז געזעסען אין שטוב און האָט זיך געגרייט צו דער חתונה. די בליהענדע בוימער, די פריילּיכע בלומען, די זינגענדע פייגעלעך, — אַלעס אין דער נאַטור האָט געדעדט צו איהר יונגער נשמה פון ליעבע און פרייד, און זי איז געזעסען און האָט זיך געגעהט „פּאָוואָלע" צו דער חתונה... זי האָט געוואָלט טראַכטען וועגען חתן מיט זיין קרענקליכען, ווייסען געזיכט, מיט די גרויסע בלויע פּאַסען אונטער די אויגען, מיט זיין פּרעכען, ניט אנשטענדיגען בליק און געגען איהר איז געשטאַנען די געשטאַלט פון שלום אלי מיט זיין שלאַנקע, קרעפטיגע פיגור, מיט זיינע פלינקע בעוועגונגען, מיט זיין ליעבליכען שמייכעלע, מיט זיין קלינגענדע שטימע, מיט זיין גוטען, שטראַהלענדען, ריינעם, אונשולדיגען בליק... אָבער תנאים איז קיין קלייניגקייט ניט.. און דערצו איז דער חתן נאָך אַ יתום אָהן מאַמע. אָבלאָזען מיט איהם דעם שידוך איז אַ גרויסע עבירה... געוויס, ווען דער טאַטע זאָל פערשטעהן וואָס זי פיהלט, ווען ער זאָל מיט איהר רעדען דערפון, ווען ער זאָל איהר זאָגען, אַז זי מעג . . . ווארום איז דען אַ קלייניגקייט, וואָס איהר שוועסטער'ס קליינע טעכטעריל וועט אריינפאַלען ווען עס איז אין די הענד פון אַ פרעמדער שטיף־מאַמע ? . . . אויך אַ יתומה'לע נעבעך . . . און אויסער אַלעמען, איז דען אויף שלום אלי קיין רחמנות ניט ? זיצט אליין נעבעך מיט'ן קינד אין אַ לעער הויז . . . האָט ניט צו וועמען אַ וואָרט אויסצורעדען. אָבער דער טאַטע, דער אָרעכאָוועער רב האָט זעהר וועניג געדענקט פון די אַלע נאַרישקייטען... ער איז געוועזן גליקליך זיך מתחתן צו זיין מיט אזא גרויסען גביר פון אזא כרך ווי יעקאַטערינאָסלאוו. און דער טאָג פון דער חתונה איז אַלץ געקומען נעהענטער און נעהענטער...

„שלום אלי האָט זיך אויך געגרייט צו אסתר'קעס חתונה . . . קיין געלד צו קויפען איהר אַ שעהנעם דרשה געשאַנק האָט ער ניט געהאַט, האָט ער פון איהר'ט וועגען געשניצט אַ „מזרח" אַ וואונדער: צוויי שרעקליכע לייבען האַלטען אַ מגן דוד. ער האָט געטראַכט וועגען דעם, ווי דער „מזרח" זיינער וועט הענגען ביי אסתר'קען אין הויז און האָט, שניצענדיג, שטיל און טרויעריג געזונגען: ענני, ענטפער מיר גאָט, ווארום איך בין אַן אָרעמער און אַן עלענדער מענש . . . היט אָב מיין זעעלע, ווארום איך וויל בלייבען ריין.

„אַלע אידישע כלות ווײנען פאַר דער חופּה, אָבער זעלטען ווען

ווירטהען פון שענק־הייזער און פערלאָזען זיך אויף די מבינות פון קעבינס... גרויסע פּאָעטישע ליעדער ווערען זעהר אָפּט איבערגעריסען מיט דער קלאַפּעריי פון פּאַנטאָפּעל...

מיר זיצען ביידע ביי׳ם טייוועל׳ס טהראָן. דאָרט ערגיץ אין דער הויף באַקט די ליכטיגע זונן, און דאָ אונטען איז דונקעל און קיהל. מיט א קליינע שמאָלע שטעגעלע האָבען מיר זיך אויף נאַטירליכע שטיינערנע טרעפּ אַראָבגעלאָזט טיעף, טיעף אין א טיעפען, ענגען, שטיינערנעם זאַק, אזוי ווי א קאַזעמאַט, געמאַכט פון גרויסע פעלזען און איבערגעפלאָכטען פון אַלטע צווייגעדיגע בוימער... א הויכער, מעכטיגער פעלז, וועלכער שטייגט ארויף ביז די וואָלקענס, רופט זיך „טייוועלס טהראָן״... קיין פרעכע מענשליכע פוס האָט נאָך דעם טראָהן ניט בעטראָטען.... פּראָמעטעאוס איז אפשר געווען צו־געשמידט צו אזא מעכטיגען פעלז; די היינטיגע מענשעלעך קענען נור פון אונטען בעוואונדערען דעם גרוי־דונקעלען טהראָן, אויף וועל־כען דער דונקעלער גייסט זיצט אפשר אמאָל פערזונקען אין זיינע גרויסע דונקעלע געדאנקען... און אפשר איז נור דער טהראָן געבלי־בען און „ער״ אליין איז שוין פערטריבען פון דאנען אויף אייביג?

עטליכע מינוטען זיינען מיר געזעסען שטיל... אלעס האָט געשוויגען. דער גרויסער פעלז האָט געשוויגען, די אַלטע צוקרומטע בוימער מיט צווייגען, וועלכע צייגען זיך ווי שווארצע, צוקארבטע און צודרעהטע הענד פון „ניט דאָ געדאַכטען״, האָבען געשוויגען. דער פרייער ווינט האָט ניט געוואגט צו קומען אהער און צושטערען די שטילקייט. זאָגאַר קיין פויגעל געזאַנג האָט זיך דאָ ניט געהערט. און ווען, ענדליך, דאָרים האָט שטיל געפרעגט: זאָל איך לעזען? האָט פּלוצלונג עפּעס צווישען די בוימער א שטאַרקען פּאַטש געטאָן און איז ערגיץ אַראָב־געפאלען מיט אזא גערויש, גלייך ווי עטוואָס וואָלט זיך צושאָטען....

איז דאָס א נאַכט פויגעל? אָדער א דערשראָקענער בערג־גייסט?

„ראש חודש אדר איז געשטאָרבען ר׳ שלום אלי׳ס פרוי און שבת נאָך שבועות האָט אסתר׳קע חתונה געהאַט מיט׳ן גביר׳ס זוהן פון יעקאַטערינאָסלאוו, — האָט אָנגעפאנגען דאָרים צו לעזען, אויס־ציהענדיג זיך אויפ׳ן ווייכען גראָז און אוועקלעגענדיג לעבען זיך זיין בעשריעבענע העפט מיט ערצעהלונגען.

א שעהנער, ווארעמער פריהלינג איז געשטאַנען אין דרויסען און

און קיינער האָט ניט געוואוסט, דענקט נאָך אמאָל ר' שלום אלי פון איהר? וויל ער זי זעהן? אין די ערשטע טעג פון חודש אלול איז פּלוצלונג צו ר' שלום אלי'ס אָרעמע שטוב צוגעפאָהרען א וואָגען, און די יונגע, שעהנע, בליהענדע אסתר'קע איז אריין אין שטוב מיט א קליינעם סאקוואיאזש אין האנד. זי האָט שטיל און פערשעמט געזאָגט: גאָט העלף, שלום אלי! זי האָט היים אומארעמט די קליינינקע רבקה'לע, האָט זי בערעקט מיט הייסע קושען און ווארעמע טרערען... לאנג האָט זי געוויינט, האַלטענדיג דאָס קינד אין איהרע ארעמס. ווען זי האָט זיך אביסעל בערוהיגט, האָט זי ערקלערט, ווייל עס איז אלול איז זיא געקומען בעזוכען דעם קבר פון איהר שוועסטער און אויסער דעם טאַקע זעהן, וואָס מאכט, נעבעך, דאָס קינד. זי דענקט דאָ, אין וואסיליעווקי, ביים מחותן, דאָס הייסט ביי ר' שלום אלי'ס פאָטער צו פערבלייבען איבער שבת און דערפאר האָט זי מיט זיך געבראכט א שבת'דיגע קלייד. זי האָט אָנגעצייגט אויף'ן סאקוואיאזש. און שבת וויל זי דאָ זיין פשוט דערפאר, ווייל זי וויל הערען ווי ר' שלום אלי וועט מתפלל זיין פאר'ן עמוד... ביי די ווערטער זיינען זיי ביידע פערשעמט געוואָרען. אין סאקוואיאזש, האָט זי געוויזען, איז דאָ א שעהנע מתנה פאר רבקה'לען, א נייע קליידעלע, פאר ר' שלום אלי א גוטער־טלית קטן... און זי האָט אין סאקוואיאזש פערוויקעלט אין פאפיר עפּעס א טייערע זאך, נור דאָס וועט זי ווייזען שפּעטער... עס איז געוואָרען לעבעדיג ביי ר' שלום אלי אין שטוב... דער אלטער מחותן איז געקומען מיט דער מחותנת'טע... ר' שלום אלי האָט אליין געשטעלט דעם סאמאָוואר און מע האָט געטרונקען טהעע, פון א סאמאָוואר, וואָס מען פלעגט געוועהנליך טאָן נור שבת צו נאכט... שבת האָט ר' שלום אלי „געזאָגט" א גאנץ נייען „המאיר לארץ ולדרים", פון וועלכען אלע מנגנים און מבינים פון וואסיליעווקי האָבען פשוט געלעקט די פינגער. זונטאָג ביי נאכט איז לכבוד אסתר'קען, ביי'ם אלטען מחותן געוועזן א גאנצער באל, מע האָט געגעסען קאלטען באָרשט מיט גרינע אוגערקעס און מע האָט ווידער געטרונקען טהעע פון א סאמאָוואר. מאָנטאָג האָט ר' שלום אלי אָבגעפיהרט אסתר'קען קיין אָרעכאָווע. דער קצב האָט געגעבען זיין פערד און וואָגען, די קליינע רבקה'לע, וועלכע אלע האָבען אנערקענט אלס, קיין עין הרע, א מענש שוין, א בר דעת איז מיט־געפאָהרען

א כלה וויינט אזוי פיעל, ווי אסתר'קע האָט געוויינט, און אַלע ווייבער האָבען געזאָגט, עס איז אַ סמן מזל... שלום אלי איז דעם ערשטען מאָל אין זיין לעבען געוועזן שיכור... און ווען ער האָט שיכור'ערהייד זיך פלוצלונג צו־וויינט, האָבען אלע מאנזבילען געלאכט. און זיין פאָטער, דער אַלטער שניידער האָט מיט פערלאַכטונג בעמערקט: אויך מיר א מאנזביל, האָט אויסגעטרונקען פינף קעלישקעלעך בראַנפען און וויינט שוין!... ביי'ם טיש האָבען אַלע אָנגעהויבען בעטען ר' שלום אלי ער זאָל „זאָגען" עפּיס אַ שטיקעל. ער האָט זיך זעהר לאַנג געלאָזט בעטען און ענדליך האָט ער אָנגעהויבען זינגען אַ שטיקעלע פּיוט, פריהער זעהר שטיל און נאָכדעם מיט אַ געשריי פון פערצווייפלונג, מיט אַ ביטערען קלאַנג, מיט אַ האַרצרייסענדען געוויין... עס איז געוועזן אַן עלעגיע, אַ יאָמער געזאַנג, אַ טרויער מאַרש פון איינעם וואָס האָט פערלוירען און איז מקבר זיין גליק אויף אייביג. אַלע זיינען געוועזן ענטציקט: אי גוט! גוט! אמת אידיש! עס צופּט! עס צוברעכט דאָס הארץ! אַ מחיה נפשות! און די כלה האָט זיך אַזוי צו־וויינט, אַז מע האָט זי געמוזט צונעהמען פון דער לייוועגטענער פּאַלאַטקע, וואו אַלע זיינען געזעסען ביים טיש. אויף מאָרגען אין דער פריה, ווען מע האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן, וואו איז ר' שלום אלי, האָט מען איהם ניט געקענט געפינען... עס האָט שוין אָנגעהויבען טאָגען, ווען דער עולם איז זיך צוגאַנגען פון דער חתונה. ר' שלום אלי האָט אַ קוק געטאָן אויפ'ן ווייסען הימעל, אויפ'ן רב'ס שטוב, וועלכע האָט געדרעמעלט, פערוויקעלט אין שאָטענס, האָט גענומען אַ שטעקען אין האַנד און איז צופוס אוועק אהיים... פערציג ווערסט איז ער געגאַנגען און שטיל געזונגען: ענני, כי עני ואביון אני...

„עס איז אוועק נאָך דער חתונה אַ יאָהר מיט עטליכע מאָנאַטען, און שלום אלי איז נאָך ניט געוועזן אין אָרעכאָווע. אפילו אז ער האָט געדאַרפט זיין נויטיג דאָרטען, פלעגט ער אויך בעסער זעהן אויסמיידען דורך אַן אַנדערען. געווייס, ער האָט געוואוסט גאַנץ גוט אַז אסתר'קע איז ווידער אין דער היים בייט טאַטען אין שטוב, אַ יונגע גרושה, האָט נור אַ האַלב יאָהר געלעבט מיט'ן יונגען גביר און איז געקומען צוריק. מע האָט דערצעהלט פערשיעדענע געשיכטען וועגען אסתר'קעס גט, ר' שלום אלי האָט גאָר נישט ניט געפרעגט, ניט געזאָגט קיין מיינונגען. אכט חדשים איז שוין די יונגע גרושה אין אָרעכאָווע

געווען ארומגעבויט מיט שטיינער. שלום אלי האָט אויסגעשפּאנט דאָס פערד און האָט זיך אוועקגעזעצט פון דער ווייטען אויף א טרו־קענעם שטיק האָלץ. די קליינע רבקה׳לע איז אנשלאָפען געוואָרען ביי אסתר׳ן אויפ׳ן שויס, און זי איז געזעסען שטיל, ניט ריהרענדיג זיך פון אָרט. לאנג האָבען זייביידע געשוויגען. ענדליך האָט אסתר׳קע געמאכט אַן ענערגישע בעוועגונג מיט איהר האנד און האָט מיט בעשלאָסענהייט אָנגעפאנגען צו רעדען. מען האָט געזעהן, אז זי וויל איין מאָל פאר אַלע מאָל אויסזאָגען, דאָס, וואָס האָט געמוזט ווען עס איז ארויסגעזאָגט ווערען.

— שלום אלי, האָט זי געזאָגט, מיט א שטילער ריהרענדער שטי־מע, פאר וואָס זיצסט דו אזוי ווייט פון מיר? איהר הארץ איז פער־קיהלט געוואָרען, ווען זי האָט געזאָגט דאָס וואָרט „דו". אז זי איז געווען א מיידעל האָט זי איהם געזאָגט דו, ווי צו א ברודער. אָבער איצט?...

שלום אלי איז געבליבען זיצען אויף זיין פּלאַץ. ער האָט אראָב־געלאָזט דעם קאָפּ און האָט געזאָגט: דאָס קינד שלאָפט און מיר זיינען כמעט ווי אָהן א שומר דאָ...

— מיר זיינען ניט קיין פרעמדע, שלום אלי... און... איך דארף מיט דיר... מיט איך רעדען... ער איז לאנגזאם צוגעגאנגען צום וואָגען.זי האָט מיט ציטערענדע הענד געפענט דעם סאקוואָיאזש, האָט פון דאָרטען ארויסגענומען עפּעס א זאך, פערוויקעלט אין פּאפּיר און האָט שטיל געזאָגט: איהר זעהט? דאָס איז אייער דרשה געּ־שאנק... דאָס איז אייער „מזרח", ניט איין מאָל האָב איך איהם בעּ־גאָסען מיט טרערען נאָך דאָרט... אין יעקאטערינאָסלאוו און ניט איין מאָל האָב איך איהם געדריקט צו מיין הארץ און געקושט... און איהר זייט ניט געקומען צו מיר... איך האָב אכט חדשים געּ־ווארט און דו ביסט ניט געקומען.

— איך האָב ניט געקענט קומען, אסתר׳קע...

— ווייל דו האָסט ניט געטראכט וועגען מיר...

— איך האָב ניט געטראכט? גאָט ווייס דעם אמת און נאָך וואָס זאָל איך לייקענען? איך האָב געטראכט פון דיר נאָך איידער איך בין געוואָרען א חתן פאר דיין שוועסטער, עליה השלום... איך

אלס א שומר. זי האָט נאָך דעם זיידען, דעם רב ניט געקענט...

א זייגער עלף אין דער פריה זיינען זיי ארויסגעפאָהרען. הויך אויסגעבעטט אויף פרישע היי זיינען געזעסען שלום אלי און אסתר'קע, און צווישען זיי אלס א שומר, אלס א מחיצה איז געזעסען רבקה'לע. עס איז געווען א שעהנער טאָג. די ווייטע ברייטע סטעפּען ארום זיינען געווען פערגאָסען מיט ליכט, און די ביידע עלטערע פּאסאזשירען זיי־נען געזעסען שטיל אונטער דעם דרוק פון שווערע דונקעלע געדאנקען. קיין איין וואָרט האָבען זיי איינעם צום אנדערן ניט אויסגערעדט. נור דאָס קינד, וועלכעס האָט צום ערשטען מאָל אין לעבען געמאַכט אזאַ ווייטע נסיעה, נור דאָס קינד האָט געברומט ווי א טייבעלע... דאָס האָט זי דערזעהן ווייט א מיהל, דאָס איז זי ענטציקט געוואָרען פון גראף קאָנגרינס שלאָס — א גרויסע שטוב מיט אזוי פיעל פענס־טער, געדעקט מיט גרינעם אייזען. ענדליך, ווען זי האָט דערזעהן א גאַנצע הערדע ווייסינקע, לעבעדיגע שעפעלעך איז איהר שמחה און התלהבות געוואָרען אזוי גרויס, אז זאָגאַר ר' שלום אלי מיט אסתר'קען האָבען אויך אָנגעהויבען לאַכען...

„ערשט ארום צוויי א זייגער האָט אסתר'קע צום ערשטען מאָל אויסגערעדט א וואָרט צו ר' שלום אלי'ן. ער האָט פּלוצלונג אראָב־געקעהרט דעם פערד פונ'ם גרויסען וועג. אסתר'קע האָט שטיל גע־פרעגט: וואָהין, ר' שלום אלי? מיר דאכט איהר ווייסט ניט דעם וועג... ער האָט געענטפערט ניט קוקענדיג אויף איהר: איך ווייס דעם וועג צו גוט... איך האָב אמאָל בעגאָסען דעם גאַנצען וועג פון אָרעכאָווע ביז וואסיליעווקי מיט מיינע טרערען... זי האָט פער־שטאַנען וואָס ער מיינט און זיי זיינען ביידע אנשוויגען געוואָרען. ר' שלום אלי האָט זיך באלד געכאפּט, אז ער האָט געזאָגט, וואָס מען דארף ניט, און האָט אָנגעהויבען צו רעדען מיט אַן אנדער טאָן. „מיר פאָהרען יעצט אראָב פון וועג.... דאָ באלד אין דער באַלקע איז דאָ א קרעניצע... מיר זיינען שוין אָבגעפאָהרען האַלב וועג און דער קצב האָט מיך געבעטען, איך זאָל דאָ אָנפּוטערען דאָס פערד, לאָזען איהם אויסרוהען זיך און אָנטרינקען איהם... מיר וועלען קומען קיין אָרעכאָווע שפּעט נאָך מעריב. זיי האָבען זיך אראָבגעלאָזט אין א טהאָל, וואו דריי אלטע הויכע ווערבעס האָבען זיך געטוליעט איינע צו די אנדערע אום צו בעשיצען א לעבעדיגען קוואַל, וועלכער איז

ווייט אין דעם מדבר, עס האָט זיך געהערט דאָס הייסע געבעט פון אַ פאַנאַטיקער צו גאָט, עס איז אין דער זעלבער צייט אויך געווען אַ לייר דענשאַפטליכער ראָמאַנס פון אַ פערליעבטען, אַ הערליכע הימנע צו דער מעכטיגער נאַטור...

„ווען עס איז געוואָרען פינסטער און דאָס קינד איז ווידער אנשלאָפען געוואָרען ביי אסתר׳קען אויף די הענד זיינען זיי געבליבען אָהן אַ מחיצה, זעהר נאָהענט איינער צום אנדערען... ער האָט גע־פיהלט איהר וואַרעמען אָטהעם, זי האָט געהערט דאָס צירקולירען פון זיין בלוט. פלוצלונג איז אסתר׳קע צוגעפאַלען מיט איהר הייסען קאָפּ צו זיין אָרעם און האָט שטיל און ליידענשאַפטליך עטליכע מאָל ווי־דערהאָלט: „איך האָב דיך ליעב, שלום אלי! איך האָב דיך ליעב!”...
ער איז פערקיהלט געוואָרען אויף זיין אָרט. ער האָט מורא געהאַט, זיין האַרץ וועט צוריסען ווערען פון צופיעל גליק.

”שפעט האָט די נאַכט געברענט פייער ביי׳ם רב אין שטוב. דער רב האָט געזוכט, געטראַכט, פערגלייכט פיעלע פּלעצער פון פערשיע־דענע אווטאָריטעטען און האָט ענדליך געגעבען זיין אורטהייל: ביי אַן אַנדערען וואָלט ער אפשר ניט געווען אַזאַ מחמיר... ער וואָלט אפשר אַנגעפרעגט ביי אַ גרויסען רב, מישב געווען זיך... אָבער ביי זיך אליין פּאַסט ניט... ניין! אַ כהן דאַרף ניט חתונה האָבען מיט אַ גרושה...

„אסתר׳קע האָט אַ גאַנצע נאַכט ניט געשלאָפען. די קישען אונ־טער איהר אָרעמען קאָפּ איז געווען אויסגעווייקט אין טרערען. קוים וואָס עס האָט אָנגעהויבען צו טאָגען, האָט זי דערהערט אַ גערויש אין הויף... זי איז צוגעלאָפען צום פענסטער. שלום אלי, אַ בלאַסער ווי דער טויט, האָט לאַנגזאַם געשפּאַנט דעם פערד, נאַכדעם האָט זי געזעהן, ווי ער האָט ארויסגעטראָגען אויף די הענד די שלאָפענדיגע רבקה׳לע, נאָכדעם האָט ער, ניט אויפהויבענדיג דעם קאָפּ, גענומען דעם פערד פאַר׳ן צוים און ארויסגעפיהרט שטיל פונ׳ם טויער. זי האָט געהערט, ווי די רעדער פון וואָגען האָבען אָנגעהויבען צו קלאַ־פּען... זי האָט געהערט די טריט פונ׳ם פערד. אלץ ווייטער און ווייטער ,ביז עס איז געוואָרען שטיל. דאַן ערשט איז אסתר׳קע צו־געפאַלען מיט איהר קאָפּ צום פענסטער און פון איהר פערדריקטער ברוסט האָט זיך ארויסגעריסען אַ שטילער פערשטיקטער יאָמער....

האָב געטראכט פון דיר, ווען איך האָב ניט געטאָרט טראכטען, גאָט זאָל מיך ניט שטראָפען דערפאר...

איהרע אויגען האָבען זיך אָנגעצונדען מיט א פייער פון גליק און פרייד און זי האָט לוסטיג אויסגעשריען: פאר וואָס־זשע ביסט דו ניט געקומען צו מיר, נאררעלע?

— ווייל דו ביסט א גרושה!

זי האָט זיך צולאכט מיט אַן אונשולדיגען קינדערשען געלעכ־טער. „נו, און אַז איך בין א גרושה, איז דאָס אזא גרויסער אונ־גליק?"

— יא, עס איז א גרויסער אונגליק... אסתר'קע, איך בין א כהן, און א כהן טאָר ניט חתונה האָבען מיט א גרושה.

— אזוי? אי, גאָטעניו פאָטער! האָט זי אויסגעשריען א טויט דערשראָקענע, אָבער זי האָט זיך באלד בערוהיגט. אָבער, שלום אלי, מיר וועלען זאָגען דעם טאַטען... אפשר איז דאָ עפּעס א דין?.. פאר וואָס זאָלען מיר ביידע זיין אונגליקליך אונזער לעבען לאנג? און דאָס קינד נעבעך, די אָרעמע יתומה'לע? זי האָט אָנגעהויבען שטיל צו וויינען... נאָכדעם האָט זי זיך צוגעבויגען צו איהם ניעדריגער און האָט געזאָגט: מיין טאַטען האָב איך זיך געשעמט דאָס צו זאָגען, דער רביצין, מיין שטיעפמוטער איז מיר געווען מיאוס צו זאָגען, אָבער דו ביסט ווי איך אליין און איך וועל דיר זאָגען... איך בין א גרושה... דאָס הייסט, יא א גרושה, אָבער ניט ווי אנדערע... ער איז געווען א קראנקער... דו וועסט זעהן, דער טאַטע וועט געפינען א דין אז מען מעג... דו וועסט זעהן, טייערער... כשר'ער, ליעבער מענש!

„די צווייטע העלפט פון זייער רייזע איז געגאנגען גאָר אנדערש. אלע האָבען גערעדט פרייליך, געמאכט א סעודה פון קיכלעך מיט גע־באקטע אייער, געלאכט הויך... שלום אלי האָט דערצעהלט א פּאָר שעהנע גלייכווערטלעך... און ווען עס איז ניט געווען פון וואָס צו רעדען, האָט ער פּלוצלונג אָנגעהויבען צו זינגען א גאנץ נייעם „המאיר לארץ ולדרים". אזא „המאיר לארץ" זינגט א מענש איין מאָל אין זיין לעבען. ער האָט געזונגען מיט א ליידענשאַפטליכען פייער און מיט טיעפע געפיהלע, אין זיין געזאנג האָט זיך געהערט דאָס טרויעריגע פערטראכטע ליעד פון א ווילדען בערואין, וואָס רייטעט

גרויסע שטרויענע שאָקעל־שטוהלען און מיר האָבען לאנג בעוואונ־
דערט דיעזע וואונדערליכע ערשיינונגג פון דער נאַטור. די בליצען,
וועלכע פלעגען מיט לאנגע, געבראָכענע, בלויליך־ווייסע ליניען אויף
איין אויגענבליק בעלייכטען די וועלדער און די בערג, — די דונערן,
וועלכע די שויבען פון די פענסטער האָבען פאָנאָגראַפירט און פון
וועלכע די גאַנצע געביידע פונ׳ם האָטעל האָט געציטערט, — דאָס
אַלעס האָט געווירקט אויף די שוואכע נערווען פון מיין פריינד דאָ־
ריס אקוראט ווי שאַמפּאַניער. ער איז געוואָרען ווי בעטרונקען, לעב־
האפט און פריילֿיך. אויף א קליין טישעלע לעבען זיך האָט ער אני־
דערגעלעגט דעם העפט מיט ערצעהלונגען און האָט מיט א הילכיגע
שטימע אויסגעשריען: „איך, שוואכער מענשעלע, וועל אייך לעזען
מיין צווייטע ערצעהלונג, און די מעכטיגע נאַטור וועט מיר אקאָמ־
פאַנירען!

זעלבסטפערשטענדליך, אין א ליעבעס־ערצעהלונג מוז זיין אן
„ער" מיט א „זי". ער איז זעהר א געבילדעטער, זאָגאַר א געלעהרטער
מענש, א כעמיקער. ער וואוינט אליין שטענדיג אין דער גרויסער
שטאָדט אדעס און געקומען איז ער אהער אין קליין שטעטעל קרי־
וואַי ראָג וועגען געשעפט. מע האָט דאַמאָלס אין קריוואַי ראָג און אין
דער גאַנצער געגענד־ארום ערשט געפונען פיעל אייזען־ערץ (רודא)
און פערשיעדענע אנדערע מעטאַלען, מינעראַלען, און מינעראַלע פאר־
בען. און ווייל ער, אַלס איד האָט זיך ניט געקענט געפינען קיין שטעלע,
איז ער געקומען זעהן, אויב עס איז ניט מעגליך אין קריוואַי ראָג
צו עפענען א געשעפט פון מינעראַלע פאַרבען. דער רייכער שווער
זיינער האָט פערשפּראָכען צו געבען געלד וויפיעל מען וועט דארפען.
אין גאַנצען שטעטיל איז דאָן געווען איין אכסניה ביי לייזער זלאַטעס
און ער האָט זיך געמוזט אין דער אכסניה אָבשטעלען. א שעהנער
יונגער מאַן, אן אדעסיט, רייך און עלעגאַנט געקליידעט, מיט א מאָד־
נעם שטרויענעם הוט, וועלכער האָט אויסגעוויזען ווי א קיווער מיט
א קאַזיראָק פון הינטען און א קאַזיראָק פון פאָרענט, מיט א שוואַרצען
זיידענעם מאַנטעל אָהן ארבעל, מיט צוויי גרויסע לעדערנע טשעמאָדאַ־
נען, — אַזא גאַסט האָט, זעלבסטפערשטענדליך, מיט זיין ערשיי־
נונג געמאַכט א גרויסען איינדרוק. ר׳ לייזער זלאַטעס, א געלער,
ניעדריגער, קרענקליכער, דארער אידעל מיט ווייסע אויגען, זיין ווייב,

„היינט אין דער פריה האָט זי איהם געזעהן צום לעצטען מאָל אין איהר לעבען״....

---

## דריטער טאָג.

---

## מעטאָרניט.

---

עס האָט גערעגענט אין די בערג.

פריהער האָט גערעגענט ווייט ערגיץ אונטען. אין דער צושפּאַלטונג פון צוויי הויכע בערג, וואו מיר פלעגען אין א ליכטיגען טאָג זעהן טיעף אין דער נידער שטעטעלעך, דערפער, הייזלעך איינגעוויקעלטע אין גרינע מאַנטלען, — זיינען געלעגען איצט אונטער אונז געדיכטע וואָלקענס און עס האָט גערעגענט דאָרט. מיר, קליינע מענשעלעך זיינען געשטאַנען איבער די וואָלקענס. אויף די בערג איז געווען ליכטיג און רוהיג. די שטאָלצע בערג־גיגאַנטען האָבען גלייכגילטיג געקוקט אראָפּ, וואו עס האָט געדונערט און געבליצט, און דער רעגען האָט מיט לאַנגע וואַסערנע פּאַסען געשמיסען די ערד. דאן איז געקומען א ווינד, וועלכער האָט אָנגעהויבען צו שטורעמען און צו רוישען אין וואלד. די בערג זיינען געוואָרען אונמוטהיג און פערטרויערט. א דונער האָט זיך צוקייקעלט ווייט איבער די בערג; און דער שטורם איז אויך געקומען צו די, וואָס זיינען אין דער הויך... ווען עס איז געווען ליכטיג זיינען די בערג געווען אזוי הויך און אזוי ווייט פון אונז. אָבער וואָס דונקעלער עס איז געוואָרען, זיינען די בערג אַלץ קלענער און נידריגער געוואָרען און אַלץ נעהענטער און נעהענטער האָבען זיי זיך גערוקט צו די פענסטער פון אונזער האָטעל... ענדליך האָבען זיך די וואָלקענס מיט די בערג צונויפגעגאָסען אין איין דונקעלע פינסטערע מאססע און דער רעגען האָט אָנגעהויבען צו רוישען, ווי די וועללען פון אָקעאַן.

מיר זיינען געזעסען אין פראָנט־צימער פון האָטעל אויף צוויי

ביי׳ם וואנד. ער האָט לאנג געווארט. קיינער איז ניט ערשיענען. דאן איז ער אַ בייזער אויפגעשטאַנען אַ קוק צו טאָן, ווער איז דאָרט. הינ־טער דער ווייט־געעפענטער טהיר אין אַ ווינקעלע האָט ער דערזהן אַ יונג מיידעל פון אַ יאָהר זיעבצעהן. זי האָט זיך צוגעטוליעט נאָ־הענט צום וואנד אַביסעלע דערשראָקען און פערשעמט, אָבער שטאַרק פערזאָרגט איז זי ניט געווען. איהרע שווארצע סאַמעטענע אויגען, איהרע רויטע פולע ליפּלעך האָבען געלאכט... מיט איהר קליינע פוכקע הענטיל האָט זי געפלאָכטען איהרע לאנגע שווארצע צעפּ, וועל־כע האָבען אַזוי ווי צוויי שלענג ארומגעוויקעלט איהר האַלז און אי־בער דער פּלייצע־אַראָב איבער איהר יונגען ביוסט געפאַלען כמעט צו דער ערד. איהרע אויגען און איהרע ליפּען האָבען געלאכט, און ער האָט ניט געוואוסט, וואָס צו טאָן... זאָל ער אויך לאכען? זאָל ער זי אַ כאַפּ טאָן און צוציהען צו זיך? אָדער זאָל ער איהר עטוואָס גוטעס זאָגען? זאָל ער זי אָנרופען „ליעבע שטיפעריןǃ?” אין דעם אויגענבליק האָט זיך דערהערט מאַדאַם זלאַטעס שניידענדע שטימע: ליעבע, אהער געהǃ... און די שטיפערין, ניט קענענדיג איהם, ניט זייענדיג פאַרגעשטעלט, האָט גאַנץ פאַמעלאַך איהם אַ כאַפּ געטאָן מיט בײדע הענד און, מען קען זאָגען, פּשוט אריינגעוואָרפען אין זיין צימער אריין, און פלינק צוגעמאַכט די טהיר...

ער איז געווען אַ פערהייראַטהער מאַן, זיין ווייב, אַ רייכען ווייץ־הענדלערס אַ טאָכטער, איז ניט געווען שעהן, ניט געווען קלוג, ניט געווען געבילדעט, האָט ניט געהאַט קיין אנדערע מעלות, אויסער אַ רייכען טאַטען. ער איז ניט געווען פערליעבט אין איהר פאַר דער חתונה, ער האָט ניט געפיהלט קיין ליעבע צו איהר נאָך דער חתונה. און זיי האָבען זיך גערעכענט פאַר זעהר אַ גליקליך פּאָאָר פּאָלק. ער האָט זיך גערעכענט פאַר אַן אַנשטענדיגען, עהרליכען מענשען און האָט זעהר מורא געהאַט פאַר די זאַכען, וואָס פּאַסען ניט, אָדער וואָס מען טאָר ניט. ער איז אַ פערהייראַטהער, דאַרף ער זיך פיהרען סאָליד, מעשה מענש. ראָמאַנען מיט ליעבעס זיינען געשאַפען פאַר ניט סאָלידע מענשען. און ווירקליך, נאָך וואָס דאַרף מען ליעבע, ליידענשאַפטען, ווען מען האָט אַן אייגענע פרוי? ער איז געווען גוט, פריינדליך, אויפמערקזאַם, העפליך צו זיין ווייב, איז געזעסען ווי אַ בעל־הבית׳ישער מענש אין דער היים, ווען ער איז ניט געווען

א מעוברת׳ע הויכע אידענע מיט א לאנגען בלייכען פנים, עפּיס א יונג מיידעל, וועלכע ער האָט קיין צייט ניט געהאַט גוט צו בעמערקען, א יונגע גוי׳קע, א דיענסט מיט׳ן נאָמען האָרפּינע, מיט צוקאַרבטע, באָרויעסע פיס, עפּיס אַן אַלטער גוי, א ראַבאָטניק מיט צוויי אויסגע־קרימטע פיס און פערשלאָפענע אויגען, — מיט איין וואָרט די גאַנצע בעפעלקערונג פון דער אכסניה האָט אָנגעהויבען לויפען אין א ווילדען אימפעט, שטופען זיך, שרייען, שלעפּען די זאַכען. פון דער גרויסער אַלטער שטוב האָט איהם אליין דער בעל־הבית אריינגעפיהרט אין א פליגעל, וואָס איז געשטאַנען אין הויף. „אין דער אַלטער שטוב, האָט געזאָגט ר׳ לייזער זלאַטעס, איז אונרוהיג. ערשטענס דער שענק מיט די שיכורים, און דאַן די קינדערלעך, קיין עין הרע, מיר האָבען זעקס, וואַקסען זאָלען זיי. דאָרטען שטעהען ביי אונז ניט קיין וואַזשנע געסט. דער פליגעל איז פאַר אַזעלכע געסט ווי איהר״. שפּעטער האָט האָר־פּינע געבראַכט א סאַמאָוואַר און האָט געקוקט אויף איהם מיט פערוואונדערטע שאָפענע אויגען. „אין הויז״ אָדער פאָרדער־צימער האָט ער געהערט, ווי זי האָט א געשריי געטאָן אויף מאַלאָראָסיש: „ליובא, וואו בעהאַלסט דו זיך? געה, די מאַמע רופט דיך!״ נאָכ־דעם איז געקומען מאַדאַם זלאַטעס מיט קעז, סמעטענע און אייער, און האָט געפרעגט: זאָל זי איהם אויף גיך מאַכען א „קאַוועמאַ״, אָדער ער וועט וואַרטען ביז זי וועט שיקען צום שוחט קוילען א הון? ווען זי איז ארויס פון זיין צימער, האָט זי א קלאַפּ געטאָן מיט דער טהיר און האָט אָנגעהויבען בייז צו שרייען: „ליעבע! ליעבע! וואו ביזט דו דאָרט? פער׳שרף׳עט זאָלסט דו ווערען! דער שענק איז פול מיט גוים. דער טאַטע צורייסט זיך דאָרט!...״ ענדליך איז ער גע־בליבען אליין. ער האָט אָנגעהויבען פערקאָכען טהעע, און האָט אונ־ווילינדיג א טראַכט געטאָן: ווער קען דאָס זיין די פּערזאָן, וועלכע רופט זיך מיט אַזאַ שעהנעם, אמת ליעבליכען נאָמען — ליובא אין גויש, און ליעבע אין אידיש? פּלוצלונג האָט אַזוי ווי אליין פון זיך, אַזוי ווי פון א געהיימע צויבערמאַכט אויפגעעפענט זיך די טהיר פון זיין צימער, לאַנגזאַם און שטיל. ער האָט אויפגעהויבען דעם קאָפּ — קיינער ניטאָ אין „הויז״. געגען דער טהיר פון זיין צימער איז געוועזען אָפען די טהיר „זאַל״. ער האָט געזעהן א גרויסען צימער, מיט נייע וויענער שטוהלען, מיט אַן אַלטען גרויסען שפּיעגעל פונקט געגען איהם

ליובא גיט א ווילדען שפּרונג אין זאַל אריין אנקעגען, שטעלט זיך געגען שפּיעגעל און פלעכט איהרע צעפּ... זי ווייס אָהן דעם שפּיגעל, אז זי איז שעהן, זי וויל אָבער דער שפּיגעל זאָל עס איבערצייגען... זי קוקט אין שפּיגעל און זעהט וואָס אנקעגען, ביי איהם אין שטוב טוט זיך... זי זעהט אז ער קוקט אויף איהר, אז ער זעהט זי, און זי זאָגט איהם עפּיס שטיל. זי רעדט נאָך דערוויילע צו זיין שאָטען אין שפּיעגעל, אָבער ער פיהלט, אז איהרע ליפּען שעפּטשען איהם עטוואָס אנגענעהמעס. און ער ווייסט, אז זי וועט זעהר גיך אָנפאַנגען צו רעדען צו איהם אליין. מיט שרעק און מיט אונגעדולד ערוואַרטעט ער די מינוט. מאַדאַם זלאַטעס קומט מיט איהרע שווערע טריט, פער־האַקט מיט כעס די טהיר פון זיין צימער. ער הערט, ווי זי קלאָגט זיך, אז די פּיס זיינען איהר געשוואָלען פון לויפען יעדע מינוט אין פליגעל אריין, זאָל, שונאי ישראל, דער פליגעל בעסער אין גאַנ־צען פערברענט ווערען... וואָס ציהט דיך אַהער, דו קליפּה? פרעגט די מוטער מיט כעס... די טאָכטער ענטפערט ניט, זי זינגט זיך שטיל א מאַלאָראָסישע ליעדעלע און לויפט צוריק אין דער אַלטער שטוב מיט איהרע לייכטע שריט, גלייך ווי זי גליטשט זיך.

ער ענדיגט שנעל דעם בריעף און געהט אין דער אַלטער שטוב אום צו פרעגען, וואו די פּאָסט איז. ער ווייסט עס שוין זעהר גוט, נאָר איהם ציהט צו זעהן וואָס זי טוט. „זי" בעל־הבית'עוועט אין שענק. שוועבט, אזוי ווי זי גליטשט זיך פון בופעט צו די טישען. אַלע ווענדען זיך נור צו איהר און ווען זי געהט צו, ווערט יעדער בע־גאָסען מיט שטראַהלען פון פרייד און פערגניגען, גלייך ווי די זונן אליין זאָל אויף זיי שיינען. זי זעהט, אז „ער" איז דאָ און ווערט נאָך לעבהאַפטער. א געזונטען שיכור'ן גוי, אַן אַטלעט גיט זי א פּאַטש איבער'ן היטעל, דעם פאַן אוריאַדניק אליין טרעט זי אונמיסטען אָן אויפ'ן קאַזיאָנעם שווערט און אי דער שיכור'ער גוי, אי דער או־ריאַדניק זיינען זעהר צופריעדען.

— די טרפה'נע הויט ברענט אויף איהר, זאָגט צו'ם אדעסער גאַסט די לאַנגע מאַדאַם זלאַטעס. איהר דאַרפט אייך אליין ניט מטריח זיין, זי איז ניט קליין אוועקצוטראָגען דעם בריעף... ליעבע!...

ליעבע נעהמט דעם בריעף, און כלומר'שט אונווילינדיג גיט

בעשעפטיגט, און איז געווען שטאָלץ צו הערען, ווי די שוויגער און אלע בעקאַנטע אידינעם שטעלען איהם אלס א מוסטער פון פאמיליען־לעבען... אנשטאט א בעגעהר פון ליעבע, האָט זיך ביי איהם ענט־וויקעלט א שוואכקייט צו זיין א מוסטער פון א פאמיליען מאַן. איהם איז ניט געווען באנג צו שיידען זיך פון זיין פרוי, פון דעסטוועגען האָט ער זיך מיט איהר זעהר ערנסט געזעגענט און האָט זי זעהר פליי־סיג געקושט און האָט עטליכע מאָל צוגעזאָגט אונבעדינגט יעדען טאָג צו שרייבען ניט וועניגער ווי איין מאָל. פון וועג האָט ער געשיקט א פאָסט־קארט מיט הונדערט קושען, וועלכע ער האָט פון איהר'ט וועגען גאָר ניט געהאט, ווארום ווען ער האָט זי זאָגאָר געקושט, איז דאָס געווען ניט מעהר ווי א קאלטער אקט פון פאמיליען־עטיקעט. דעם ערשטען טאָג פון קריוואָי ראָג האָט ער געשריבען, אז ער בענקט שוין א היים זעהר שטארק, אָבוואָהל ווען ער האָט עס געשריבען, איז פאר זיינע אויגען געשטאנען די אונבעקאנטע שטיפערין, א צוגע־טוליעטע צום וואנד הינטער'ן טהיר אין א ווינקעלע... היינט, אויפ'ן צווייטען טאָג האָט ער זיך געזעצט שרייבען א לאנגען, ערנסטען בריעף צו זיין ווייב און צו זיין שווער וועגען די היגע מינעראלע פארבען. צו'ם ערשטען מאָל, זינד ער איז פערהייראַטעט איז איהם געווען אזוי שווער אָנצופאנגען דעם בריעף צו זיין ווייב מיט די גע־וועהנליכע ווערטער: „מיין טייערע סאָניטשקע!" און צו'ם ערשטען מאָל אין זיין לעבען, אנשטאָט צו ווערען בייז, איז ער געווען אזוי צופריעדען, וואָס מע האָט איהם געשטערט צו שרייבען אזא וויכטיגען בריעף. און געשטערט האָט מען איהם היינט עטליכע מאָל... קוים האָט ער אויפגעשריבען עטליכע שורות, האָט ער דערהערט, ווי „זי" לויפט מיט איהרע לייכטע שריט און זינגט... מיט'ן זינגען האָט זי איהם היינט שוין עטליכע מאָל געגעבען סיגנאלען וועגען איהר קו־מען אין פליגעל אריין... ער האָט מיט פערגעניגען אוועקגעלעגט זיין פעדער און האָט מיט אונגעדולד געוואַרט... ער האָט שוין גע־וואוסט, אז באלד וועט זיך שטיל און לאנגזאם עפענען די טהיר... זי האָט פיינט, אז עס איז צוגעמאכט . . . זי האָט שוין עטליכע מאָל די טהיר געעפענט, באלד קומט אָבער די מאמע, רופט זי אוועק פון דאנען און מאכט עס צו . . .

ער ווארט איין אויגענבליק. די טהיר עפענט זיך שטיל אויף...

מינוט ביי׳ם שפיגעל, דאס פערפלעכט זי די צעפ ביי׳ם שפיגעל, דאס בינדט זי צו א רויטע בענדיל ביי׳ם שפיגעל, דאס מעסט זי אן קארעלען ביי׳ם שפיגעל, דאס טאנצט זי געגען שפיגעל... נור נארישקייטען ליגען איהר אין זינען... דער רוח ווייסט וואס!

— א יונגעס מעדכען, ווארום ניט? רעזאנירט דער גאסט.

— יא, אבער אז נור נארישקייטען ליגען אין זינען. קען עס אמאל, חלילה, ווייט פערפיהרען, איך לאז פון איהר די אויגען ניט אראפ.

— קיין נארר איז זי ניט, זאגט דער פאטער שטאלץ, נור א ווילדע אביסעל. עס וועט איבערגעהן...

— נו, יא, א גרויסע חכמה! איהר וועט מיר גלויבען, וואס איהר, דער משוגענער פאלט איין? איך עפען אמאל די טהיר פון זאל, זי שטעהט געגען שפיגעל מיט א נאקעטע האלז און קלייבט נחת פון איהר אייגענעם יונגען לייב. טפו זאל זי ווערען!

— בהמה! זאגט דער מאן בייז. דארפסט נויטיג דערצעהלען יעדע נארישקייט! אלטער פערד! נו, און ווי שטעהט איצט די פרייז אויף ווייץ ביי איך אין אדעס?

— נו, וואס איז דארטען? זאגט רוהיג די לאנגע בלאסע אידענע. זי איז נאך גאר א נארישע מיידעל. גאטעניו, מען זאל נור איבערלעבען די עטליכע חדשים ביז דער חתונה. אז מע וועט איהר פערבינדען דעם קאפ וועט זי שוין מוזען ווערען א מענש. זי האט חתונה מיט מיין מאנ׳ס א יונגערן ברודער. ער איז אן אלמן מיט דריי קינדער. אבער זעהר א גרויסער גביר... קיין בייז אויג!

— איהר האט געמוזט הערען פון מיין ברודער אין אדעס. ער וואהנט דאך אין אייער געגענד אין לעפעטיכע ביי׳ם דניעפער, ברוך זלאטעס...

מיט א שווער הארץ און צובראכען געמיטה איז ער ארויסגעגאנגען גלייך פון דער שענק־טהיר אויף דער ברייטער מארק־גאס. שוין א כלה? חתונה האבען מיט אן אלמן? דריי קינדער! ער האט געהאט אין זינען צו געהן אהין, וואו די פאסט איז. אבער אויף דער טהיר איז שוין געשטאנען די לאנגע בלאסע אידענע און האט געשריען: וואו איז זי דארט פערפאלען געווארען? ער האט אראבגעקעהרט אין א קרומע ענגע געסעל און איז פערשוואונדען

זי מיט איהר קליינע הענטעל א גלעט זיין ווייסע האנד. און מיט איהרע שווארצע אויגען גיט זי איהם א ברען פון אונטערן שטערען. זי גיט א שפרונג איבער׳ן שוועל און גליטשט זיך אוים. ער ווייסט, אז איהרע עלטערען וועלען געווים מיט איהם רעדען וועגען איהר. און בלייבט אונמיסטען אין שענק־הויז.

— איז זי אייערע אָן אייגענע טאָכטער, אָדער א שטיעפקינד? פרעגט ער די לאנגע מעוברת׳ע אידענע, וועלכע זיצט אויף א לע־דיגען פעסיל פון בראנפען און גלעט דעם ניט צוקעמטען קאָפּ פון א קליינעם שמוציגען אינגעלע...

— ניט מיין קינד גאָר? חלילה, וואָס רעדט איהר! דאָס איז מיין ערשטלינג... זי איז שוין זיעבצעהן יאָהר און שפּרינגט נאָך ווי א ווילדע ציעג. מען קען זאָגען, זי איז ווי ראָשצינע וואָס האָט אין זיך צופיעל הייוועז. איהר ווייסט דאָך, מסתמא, ווען ראָשצינע האָט אין זיך צופיעל הייוועז, מוז עס אריבערלויפען...

— יא, מע דאַרף גוט אכטונג געבען די ראָשצינע זאָל ניט ארי־בערלויפען, זאָגט דער פּאָטער סארקאסטיש, צעהלענדיג געלד פון יענער זייט בופעט.

— נו, יא, זאָגט די מוטער, די טריפה׳נע בלוט זידט און קאָכט אין איהר — גליך זי וואָלט גאָר ניט זיין קיין אידישע טאָכטער. וואָס ליגט איהר אין זינען, וואָס מע טאָר אָדער וואָס מע טאָר ניט? סמאַליעט א וועלט!

— מיר האָבען געמיינט, זי וועט א כלה ווערען, וועט זי ווערען א מענש, מישט זיך ווידער אריין דער געלער אידעל מיט די ווייכע אויגען, — וויים איך! עס הויבט זיך גאָר ניט אָן. א צרה ניט קיין מיידעל!

— זי איז שוין א כלה ביי איך? אזא יונגע! זאָגט דער אדע־סיט מיט פערדרום.

— א יונגע! א מויד קיין עין הרע... זי זאָל ניט זיין אזא געזונטע און אזא שעהנע, וואָלט מען ניט גערארפט אזוי היטען זיך און איילען זיך... נו, איז זי דוקא אזוי געזונט און שעהן. דעם ניט גוטען אויף צופוקינעם... און דערצו דאָ ביי אונזער געשעפט. אזוי פיעל פרעמדע מענשען און אלע מאכען זי משוגע, פון קינדוויין אָן. עס ליגט איהר עפּעס אין זינען? שפּרינגט, ווי א ווילדע ציעג. יעדע

האָט אַליין ניט געקענט פערשטעהן, פאַר וואָס דאָס איינפאַכע וואָרט „שבת" האָט איהם געגעבען אַ בריה ווי מיט פייער...

די זונן האָט זיך געזעצט און אין פליגעל איז געוואָרען שטיל און דונקעל. ער האָט געעפענט דאָס פענסטער פון זיין צימער. געגען פענסטער זיינען געשטאַנען עטליכע צובראָכענע בוימער פון אַן אַל־טען פערלאָזענעם גאָרטען. ווייט האָט זיך געהערט ווי בהמות רעווען רחמנות'דיג און שאָף מעקען... האָרפּינע האָט ערגעץ נאָהענט גע־מאָלקען אַ בהמה און האָט בייז גערעדט צו איהר... די פינסטערניס האָט זיך געלעגט אַלץ געדיכטער און געדיכטער אויף דער ערד, און צו די הימלען ארויף האָט זיך געצויגען אַ פייכטער גרויער שטויב פון דער ערד... לעבען פענסטער האָט אַ גרילצע הילכיג געפייפט און געגרילצט. ער האָט אונטערגעשפּאַרט זיין קאָפּ מיט ביידע הענד און איז געבליבען זיצען פערטראַכט. דער קירכענגלאָק האָט געקלונ־גען זעהר שלעפעריג, לאַנגזאָם און טרויעריג... אויף דער גאַנצער נאַטור ארום איז געווען אויסגעגאָסען אַ שטילע בענקעניש... די נאַכט האָט גערעדט. אַ גרויסען סוד האָט זי געהאַט צו דערצעהלען. איהר שפּראַך איז געווען ליידענשאַפטליך און געהיימניספאָל. דאָס וועהען פונ'ם ווינטעלע, דער שאָרך פון די בלעטער, אַלע שטילע שטימען פון דער נאַכט, — אַלעס האָט ליידענשאַפטליך געשעפּ־טשעט צו איהם: שבת! שבת!...

---

אַלבערט דאָרים איז פּלוצלונג אנשוויגען געוואָרען. ער האָט אויפגעעפענט זיינע גרויסע פערטראַכטע אויגען אויף מיר און האָט שטיל געפרעגט: אויב איך וועל אייך היינט ניט ענדיגען די ערצעה־לונג, וועט איהר מאָרגען ניט אַוועקפאָהרען?..

— ניין האָב איך ערנסט געענטפערט... איך וויל הערען די ענדע.

— הייסט עס, אייך געפעלט...

— גוט אָדער שלעכט, אין יעדען פאַל איז עס דערווייל ניט דעקאַדענטיש, ווי איך האָב ערוואַרטעט... פערקעהרט, עס איז איינ־פאַך, געזונד און נאַטירליך.

דאָרים האָט צוגערוקט צו מיר זיין שטוהל, האָט מיט אַ וואַרעמע פריינדליכקייט געדריקט מיין האַנד און מיט'ן קאָפּ האָט ער מיר

געוואָרען. לאנג איז ער אומגעגאנגען צוועקלאָז. ער האָט פון קיין זאך ניט געקענט דענקען, נור פון דער גאָך גאָר נארישע מיידעל. ער האָט קיין זאך ניט געזעהען — זי איז געשטאנען לעבען שפּיגעל... דיעזע אונפּאסענדע געדאנקען האָבען ענדליך געמאכט איהם אזוי אונרוהיג און זאָגאר בייז, אז ער האָט בעשלאָסען, דאָס דער בעס־טער מיטעל וועט זיין צו געהן אהיים און שרייבען באלד א הייסען ליעבעס בריעף צו זיין סאָניטשקען. די טהיר פונ'ם זאל איז געווען אָפען, ווען ער איז אריין אין „הויז", „זי" און די דיענסט האָרפּינע זיינען געזעסען אויף דר'ערד און האָבען זיך ערנסט געשפּיעלט אין צייכען. האָרפּינע האָט זיך זעהר דערשראָקען און האָט זיך געוואָלט אויפכאָפּען. ליובא אָבער האָט זי ניט געלאָזט. ניש־קשה, נארר, האָט זי שטיפענדיג און קאָקעטיש געזאָגט, ביי דעם הערר איז קיין פערברעכען ניט, וואָס מיר ווילען זיך שפּיעלען ווי קליינע קינדער און מיר ווילען זיך ליעבען ווי גרויסע מיידלעך...ביידע יונגע פרויען האָבען זיך צולאכט. איהר ווייסט, מיר רעדען ביידע נור פון אייך... מיר האָבען נאָך ביידע אזא שעהנעם מאָן ניט געזעהן, ווער איז דאָ דאָ? שטרוי מיט פּאלאָווע. האַ! האַ! ביי נאכט שלאָפט האָר־פּינע לעבען מיין בעטעל אויף דער ערד און מיר רעדען זעהר שפּעט פון אייך. זי ראַמט אייער צימער און זי האָט מיר פּיעלעס פון אייך צו דערצעהלען... זי איז נאָך אויך א יונגע... צוואנציג יאָהר אלט... און זי האָט שוין געהאַט א קינד און איהר מאָן איז אוועק אין סאָלדאַטען... זי איז פון קיעווער גובערניע... זי האָט א פּאס־פּאָרט, סאָלדאַטקא האָרפּינע מיטארענקא! האַ! האַ! האַ! איך קען כאַפּען אלע פינף צייכענס מיט אמאָל, כאָפּ!"

— כאָפּ, האַ? אקערשט וואָס מע זעהט ניט ווערסט דו א מאַ־מע פון דריי קינדער, און דו זיצט גאָר און שפּיעלסט אין צייכען מיט דער שיקסע? פער'שרפ'עט זאָלסט דו ווערען! האָט אויסגע־שריען פּלוצלונג די לאנגע בלאסע אידענע. און דו, האָרפּינע, ביסט עס אזוי גענאנגען מעלקען די בהמה, האַ?... א דיענסט! פּונקט צום רימפּעל.

האָרפּינע איז ארויסגעלאָפען פון שטוב ווי א פער'סמ'טע, ליובא איז אויפגעשטאנען לאנגזאם און האָט גאנץ שטיל צו איהם גע־זאָגט: „שבת!" און איז מיט שטילע טריט ארויס פון צימער. ער

צעהלט עס אזוי שטיל און שעמעוודיג?

— איך וויל וויסען, וואָס טוט דאָרטען אונזער אדעסיט, האָב איך געזאָגט אונגעדולדיג.

— אונזער אדעסיט זיצט און טרוימט. אין זיין צימער איז דונקעל און שטיל. די נאכט האָט מיט מיסטישע שאָטענס איינגעוויקעלט דיווירקליכע וועלט און ער טראָגט זיך אום אין אַ וועלט פון פאַנטאזיעס און אונמעגליכקייטען... פלוצלונג הערט ער איהרע שטילע טריט און איהר שטילען געזאַנג... איהר זינגען, דאָס איז איהר סיגנאל. זיין הארץ גיט אַ שטארקען קלאַפּ, און ער ווייס אליין ניט, פאר וואָס ער בלייבט אזוי דערשראָקען. זי גליטשט זיך אריין אין זיין צימער, מאכט שטיל צו די טהיר, און געהט גלייך צום פענסטער. זי זעהט איהם, איהרע גנב׳ישע אויגען זעהען אין דער פינסטער גראַדע ווי ביי טאָג... עטליכע טריט פון איהם בלייבט זי שטעהן און וואַרט... אַ קליינע שווערע פויזע ציהט זיך אונענדליך לאַנג. ענדליך זאָגט ער מיט אַ ציטערענדיגער שטימע: וואָרום האָט איהר צוגעמאכט די טהיר? ביי איהר רייסט זיך ארוים אַ שטילער געלעכטער: די מאַמע וועט נאָך באלד קומען מיך זוכען... ווען זי וועט טאַפּען פון דרויסען די טהיר, וועל איך ארויסשפּרונגען דורכ׳ן אָפּענעם פענסטער... איהר האָט מורא? האָט זי געפרעגט אביסעלע סארקאַסטיש. מען דאַרף ניט מורא האָבען... מען קען ניט ליעב האָבען, אַז מען האָט מורא...

ער איז געוועזען אַ ביסעל בייז אויף איהר און אביסעל אונצופריעדען מיט זיך און האָט מיט אַ געררייצטען טאָן געזאָגט: אויב איהר ווילט דאָ בלייבען, וועל איך אָנצינדען די לאָמפּ!

— ניין! ניין! מען דאַרף ניט אָנצינדען די לאָמפּ!... אַז עס וועט זיין ליכטיג, וועל איך זיך שעמען צו זאָגען אייך עפּעס. איך דאַרף אייך עפּעס זאָגען. זי איז ווידער אנשוויגען געוואָרען און האָט געוואַרט. ער איז געזעסען ווי אַ פערשטיינערטער אויף זיין שטוהל.

— די מאַמאַ וועט באלד קומען און איהר שווייגט... ער האָט ניט געענטפערט... איהר ווייסט? זומער־צייט ביי נאַכט ווילט זיך אזוי מען זאָל דיך ליעב האָבען... אָפּט, שפּעט, האַרפּינע ווערט אַנשלאָפען און איך זיץ און וואַרט. איך ווייס אליין ניט אויף וועמען... אלע מאָל שבת ביי נאַכט הער איך, ווייט זינגען שיקסעס מיט

געגעבען אַ צייכען צו קוקען אויף די בערג... דער רעגען איז שוין לאַנג פאַראיבער. גרויסע שוואַרצע וואָלקענס, געטריבען פון אַ שטאַרקען ווינד, האָבען זיך געצויגען איבער׳ן הימעל גאַנצע אַרמעענווייז... איינינע פון זיי זיינען געגאַנגען אַזוי ניעדריג, אַז עס האָט אויסגעוויזען, זיי וועלען זיך פערטשעפּען פאַר די בוימער פון וואַלד און צוריסען ווערען. וואוהין איילען זיי זיך אַזוי און וואַרום ווערען זיי געטריבען? ... גרויסע וואָלקען־מאַסען האָבען שטיל און שנעל געשוואומען איבער׳ן הימלישען אָקעאַן, ווי גרויסע שוואַרצע זעגעלשיפען איינע יאָגענדיג די אַנדערע. ווייט האָבען זיך אָנגעהויבען בעווייזען בלויע שטיקלעך הימעל. די בערג זיינען ווידער געשטאַנען הויכע און שטאָלצע... די זונן איז געגאַנגען צוריק צו דער ערד.

---

## פיערטער טאָג.

---

## מע טאָר ניט.

---

די בערג זיינען ווידער געוואָרען הויך. די זונן הויבט אָלעס אויף מיט איהרע שטראַהלען פון ליכט. אונטען זיינען די בערג געווען דונקעל ווי די טרויעריגע ערד, אויבען — בלוי ווי די פרייע הימלען. מיר זיינען געזעסען אין וואַלד אויף אַן אומגעפאַלענעם בוים און האָבען לאַנג געקוקט אויף די שפּיצען פון די אַרומיגע בערג. לעבען אונז איז געווען אַ לעבעדיגער קוואַל. ריינע קריסטאָלענע וואַסער האָט זיך געגאָסען. פון אונטער אַ שטיין, געגאָסען שטיל און אָהן אַן אויפהער, רעדענדיג פערביי־וועגס צו די צו וואָרפענע שטיינדלעך צערטליך און ליעבליך.

— נעכטען האָבען מיר אַקאָמפּאַנירט די שטורמישע דונערען, האָט געזאָגט דאָרים, היינט וועל איך לעזען אונטער די שטילע רוהיגע בעגלייטונג פון דעם עוויג־רעדענדען קוואַל... פון וואָס דער־

פון אמת'ע ליעבע און אמת'ע ליידענשאַפט... אזא היילינער פייער האָט נאָך אויף זיינע ליפּען קיין מאָל ניט געברענט. ער האָט זיך געוואָלט האַלטען ווי א סאָלידער, אנשטענדיגער מענש, אָבער ענדליך האָבען זיך זיינע אָרעמס געעפענט און זיי זיינען ביידע געבליבען ווי פער'חלש'טע איינער אין די אָרעמס פונ'ם צווייטען... אין דעם אויגענבליק האָבען זיי ביידע דערהערט די שניידינדע שטימע פון דער לאַנגער בלאַסער אידענע: „ליעבע! וואו ביסט דו? פער־שרפ'עט זאָלסט דו ווירען! אָי! אז איך וועל די מיידעל אראָפּ'פּטר'ן פון קאָפּ בשלום, וועל איך יא מעגען גומל מענשען!..." נאָך איידער זי איז צוגעגאַנגען צו דער טהיר, איז שוין דער „געפעהרליכער מענש" געזעסען אין צימער אליין...

אויף מאָרגען, פרייטאָג, האָט ליובא א גאַנצען טאָג געזונגען ווי א פערליעבטער קאַנאַריקעל... איהר פּנים האָט געשיינט מיט גליק, איהרע אויגען האָבען געברענט מיט ליעבעס פייער. זי האָט געשטיפּט און געלאַכט ווי א וואָהנזיניגע. אָבער וואָס פריילעכער און לוסטיגער זי איז געווען, דעסטאָ מעהר טרויעריג און ערשראָקען האָט ער זיך געפיהלט... איהר שטיפעריי איז פערגאַנגען אזוי ווייט, אז זי האָט איהם אין שענק ביי זיי, אין דער געגענוואַרט פון איהרע עלטערען און פיעלע פרעמדע מענשען א קוש געטאָן אין האַנד. אמת, זי האָט עס געמאַכט אזוי פלינק און אזוי גנב'יש, אז קיינער האָט ניט בע־מערקט, ער אָבער האָט זיך דערשראָקען אויף טויט און איז אמת בייז געוואָרען. דאָס מיידעל וועט סוף כל סוף איהם קאָמפּראָמענטירען, ברענגען צו א סקאַנדאַל... וואָהין קען עס פיהרען? און וואָס קען זיין די ענדע פון אזא לייכטזיניגקייט? ער איז אוועק באַלד אין זיין צימער און אום צו בעשטראָפען זיך אליין פאר זיין אונאַנשטענדיגקייט האָט ער אָנגעשריבען א „פערליעבטען" בריעף זיין סאָניטשקען. ער האָט זי פיעל מאָל גערופען „ליעבע" און „טהייערע" און האָט גע־רעדט צו איהר דעם ערשטען מאָל אין זיין לעבען מיט דער וואַרים־קייט פון א פערליעבטען... ער איז געווען פערליעבט. ליובא האָט אזוי לאַנג אינטריגירט, ביז ר' לייזער זלאַטעס אליין איז געגאַנגען אין פליגעל איינלאַדען דעם אָרעסער גוי און טריפהנעם אפּיקורס עסען שבת מיט זיי אַלעמען ביים טיש. מיט א סאַרקאַסטישען שמייכעל האָט דער אפּיקורס אָבגעדאַנקט פאר דער „עהרע", מיט א סאַרקאַס־

שקצים, זיי שטיפען, זיי האָבען זיך ליעב... און איך בין זיי אזוי מקנא... אייער ווייב איז א שעהנע?

— יא, זי איז זעהר א שעהנע און איך בין זעהר שטארק פער־ליעבט אין איהר. ער האָט אומיסטען געזאָגט אזא ליגען, אום צו אי־בערציייגען דעם יצר הרע ווי עהרליך ער קעמפפט מיט איהם...

— יא, איך האָב פערשטאַנען, אז אזא מאַן ווי איהר דאַרפט זעהר שטארק ליעב האָבען... ניט ווי ביי אונז דאָ... זייט איהר ווירקליך א געפעהרליכער מענש? איך האָב ליעב געפעהרליכע מענ־שען. זי איז צוגעגאַנגען נאָך א טריט נעהענטער צו איהם. ער האָט זיך אביסעל אָנגעבויגען און האָט שטיל געפרעגט: וואָס האָט איהר געמיינט דערמיט, וואָס איהר האָט פריהער געזאָגט „שבת"?

— וואָס איך האָב געמיינט? איצט קען איך מיט אייך רע־דען נור איין מינוט. שבת אָבער וועלען דער טאַטע מיט דיר מאַמען אוועקגעהן אין שוהל און איך וועל זיין אליין גאַנצע דריי שעה... זי האָט פלוצלונג אָנגעהויבען שטיל צו לאַכען... איהר ווייסט, די מאַמע האָט זעהר מורא פאר אייך. זי זאָגט, דאָס אדעסער זיינען גי־פעהרליכע חברה. זי האָט פלוצלונג בעשלאָסען דעם שבת אין שוהל ניט צו געהן, דאָס וואָלט געווען זעהר שלעכט פאר מיר. נו, האָב איך זיי ביידען איינגערעדט, אז היינטיגען שבת בענשט מען ראש חודש... דער טאַטע האָט ניט געוואָלט גלויבען און האָט געהייסען דערלאַנגען דעם אלטען מחזור, וואו זיין לוח ליגט בעהאַלטען צווי־שען די בלעטער... חאַ! חאַ! האָב איך, געהענדיג, דעם לוח ארויסגעצ'גנב'עט... אָט איז דער לוח!... וואו איז אייער בוזעם קעשענע? איך וועל דעם לוח בעהאַלטען ביי אייך.

איידער ער האָט געקענט מאַכען א בעוועגונג, איז זי שוין געווען לעבען איהם. זי האָט אָבגעזוכט זיין בוזעם קעשענע און האָט א שטופ געטאָן אהין דעם לוח. איהרע גריבלענדע הענד און איהר הייסער אטהעם האָבען געמאַכט זיין קאָפּ צו שווינדלען. איין אויגענבליק האָט זי איהם געהאַלטען פאר ביידע לאַצען פון זיין לייכטען רעקיל, און דאַן האָט זי איהם לאַנגזאַם צוגעצויגען צו זיך און זייערע ליפּען האָבען זיך בעגעגענט... מיט א ווילדע ליידענשאַפט האָט זי געקושט זיינע אויגען, זיין שטערן, זיין האַלז, זיינע ווייסע הענט... ער האָט דעם ערשטען מאָל אין זיין לעבען דורכגעלעבט איצט אויגענבליקען

בילדער פון דער לאנג. פערשוואונדענער צייט זיינען ארויסגעשוואו־
מען אין זיין זכרון... א פונק פון דעם אמאָליגען איד האָט פּלוצלונג
ערוואַכט אין איהם און ער האָט אָנגעהויבען צו בענקען נאָך דער
פערלאָרענער פערגאַנגענהייט. ווען ער איז געזעסען פערטיעפט אין
זיינע געדאנקען, איז ביי ליובא'ן אקוראט דאן אראָבגעפאלען דער
גאָפּיל פון טיש. זי האָט זיך אראָבגעלאָזט אונטער'ן טיש און האָט
דעם גאָפּעל אויפגעהויבען. אין דעם אויגענבליק אָבער האָט זי געהאַט
צייט אָנידערצולעגען איהר קאָפּ אויף זיין קניע און אָן אטהעם טאָן
אויף איהם מיט'ן פייער פון א וואולקאַן...

ער האָט די נאַכט זעהר שלעכט געשלאָפען, און איז אויף מאָר־
גען אויפגעשטאנען אין זעהר א שלעכטער שטימונג. ער האָט גע־
וואוסט, אז ווי באלד די „אלטע" וועלען אוועקגעהן אין שוהל וועט
„זי" קומען... עס געהט צו ווייט, און ער, אלס סאָלידער מענש
און געלעהרטער כימיקער, איז פערפליכטעט צו מאכען אן ענדע פון
דעם אלעמען. מעהר פעהלט איהם ניט ווי האָבען צו טאָן מיט אַן
אונענטוויקעלטע נאַאיווע דאָרפס־מיידעל... און דאן ר' לייזער מיט
די ווייסע אויגען... די לאנגע בלאסע מעוברתע אידינע... ניין!

ער האָט נאָך גענוג פערשטאַנד צו קאָנטראָלירען זיך און צו בערע־
כענען די פאָלגען... די טהיר האָט זיך געעפענט שטיל און זי איז
אריין א בלאסע, א שטילע, א פערשעמטע, אַן ערשראָקענע, גאָר ניט
די ליובא, ווי געוועהנליך. זי האָט זיך אנידערגעזעצט פון דער ווייַ־
טענס און האָט געזאָגט מיט אַן אויפגערעגטע שטימע: „זיי זיינען
אוועקגעגאנגען!... און איך האָב געמיינט, איך וועל די מינוט ניט
דערלעבען"... ער האָט געמאַכט א בייז פּנים און האָט געשוויגען.
ער איז געווען אזוי דערשראָקען, אז די הענד האָבען איהם געציטערט.
זי האָט עס באלד בעמערקט און האָט עס מיט א שמייכעלע געזאָגט:
מישע, אייך פרעהט גאָרניט וואָס מיר זיינען אליין?

— מישע? פון וואנען ווייסט איהר אז מען רופט מיך מי־
שע?...

— איך האָב אייערע א וויזיטנע קאַרטע... האָרפינע האָט מיר
געבראַכט, מיכאאיל איז מישע... אייער ווייב רופט אייך מישע?...
ווען איך וועל אמאָל וועלען פערציהען אייער נאָמען אויפ'ן אידישען
שטייגער, וועל איך אייך רופען „מישעניו"... איהר זעהט, איך

טישען שמייכעל איז ער אבענדס געגאנגען הערען קידוש און עסען געפילטע פיש. זיין סארקאזם איז אָבער באלד פערשוואונדען געוואָרען. דאָס גרויסע צימער אין דער אַלטער שטוב איז, ווי דורך א כישוף, גאנץ פערענדערט געוואָרען. אין שטוב איז ניט נור געווען ריין, עס איז געווען צוגאָסען אין אַלע ווינקעלעך א הייליגע ציכטיגקייט. דער טיש איז געווען בעדעקט מיט שנע ווייסען טישטוך, סטערינענע ליכט האָבען געברענט אין אַלטע זילבערנע לייכטער. א ווארעמער פריינדליכער געפיהל און א גוטע רוהיגקייט האָט געשיינט אויף אַלע פּנים׳ער... אַלעס וואָכעדיגעס איז פערשוואונדען געוואָרען. יעדע זאַך אין שטוב, יעדער געגענשטאנד האָט שטיל געשעפטשעט: עס איז שבת קודש! עס איז שבת קודש! אין דער אָרעמער שטוב האָט גערוהט די שכינה... ר׳ לייזער זלאַטעס האָט געקראָגען א גאנץ אנדער יום טוב׳דיגען פּנים. מאדאם זלאַטעס אין א ריינע בלוזע האָט אויסגעזעהן מאַיעסטעטיש, אַלע קינדערלעך מיט אויסגעצוואָגטע פערקעמטע קעפּלעך זיינען געווען ליעב ווי מלאכים׳לעך. און ליובא איז א שעה־נעם קלייד — די פּרינצעסין פון שבת. ביים טיש זיינען אַלע געזעסען ווי ביי א גרויסען פאמיליין־פעסט. אַלע זיינען געווען צארט און מילד ווי פערליעבטע. ר׳ לייזער איז געווען פערליעבט אין די קינדער. וועלכע ער האָט א גאנצע וואָך איגנאָרירט. די לאנגע בלאַסע אידינע איז געווען דער סימבאָל פון ליעבע אליין. זי האָט זאָגאר דער גרוי־סער מויד „ליובא" עטליכע מאָל געגלעט איבער׳ן קאָפּ. זאָגאר מיט האָרפּינען, וועלכע האָט לכבוד שבת ארויפגעצויגען „באָטינקעס" אויף איהרע צוקארבטע פיס, האָט די בעל הבית׳טע גערעדט מיט אַן אנדער טאָן... אפילו דעם אַלטען „ראבאָטניק" מיט די פערשלאָפענע אויגען האָט מען געשיקט א פולען קעלישעק מיט בראנפען, א שטיק ווייסע חלה מיט א גרויסען שטיק געפילטע פיש... די שטילע רוה, די ווארימע פריינדליכקייט און די ריינע שבת׳דיגע הייליגקייט האָט אויף דעם אדעסיט דערווארעמט און ערהויבען מיט א געפיהל פון רעספּעקט האָט ער בעקוקט אַלע זיצענדע ביים טיש... און ווען זיי־נע אויגען האָבען זיך בעגעגענט מיט די ברענענדע אויגען פון דער ליעבער ליובא, האָט ער אויפריכטיג א טראכט געטאָן: ווי גליקליך ער וואָלט געווען, אַז ער וואָלט זיין אַן אנדערער דאָ... ניט קיין פרעמדער... ער האָט זיך פערטראכט... זיינע קינדער יאָהרען,

טריט און האָט מיט פעראַכטונג געזאָגט: איך האָב מורא, איהר זייט גאָר ניט קיין אָרדעסער... איהר זייט פונקט ווי מיין טאַטע ר׳ לייזער און מיין חתן ר׳ ברוך. הא! הא!

ער האָט זיך זעהר בעלעדיגט און איז געבליבען זיצען א ברוגז׳ער. זי האָט לאַנג געשוויגען, דאן האָט זי בייז און גיפטיג, מיט פערביסענע ליפען בעמערקט: און איך, נאַרר האָב מיט אַזאַ אונגעדולד ערוואַרטעט דעם שבת... האָט א גוטען שבת, ר׳ איד!... ביי די ווערטער איז זי ראַש ארויס פון זיין צימער און האָט צוגעמאַכט די טהיר. ער איז געבליבען זיצען אַ פערשעמטער, אַן ערנידריגטער, א געערגערטער, און זאָגאַר דער געדאַנק, אַז ער האָט געהאַנדעלט אַלס סאָלידער מענש, האָט איהם ווענינ געטרייסט. ער איז זיך דורכגעגאַנגען עטליכע מאָל איבער׳ן שטוב און דאן האָט ער געעפענט די טהיר... אנטקעגען אין זאַל איז געזעסען ליובאַ אָנגעשפּאַרט מיט׳ן קאָפּ אויפ׳ן רוקען פון א שטוהל און האָט שטיל געוויינט. ער איז צוגעגאַנגען אַ שולדיגער צו איהר, און האָט מיט צערטליכקייט ארויפגילייגט זיין האַנד אויף איהר קאָפּ... אַן עלעקטרישער שטראָם איז איבערגעלאָפען איבער זייערע ביידע קערפּערס און ער האָט זיך ווידער היגגעריסען און זיך פערגעסען ווי אין יענעם אבענד ביים פענסטער. ווען ער איז געלעגען ווי א גע׳חלש׳טער איז איהרע, יונגע שטאַרקע אָרעמס, האָט זי זיך אָנגעבויגען צו זיין אויער און האָט איהם מיט ברענענדע ליפּען און פייערדיגע ווערטער געזאָגט: איך וועל היינט ביינאַכט... זעהר שפּעט קומען צו דיר... איך וויל זיין דיינע, אין גאַנצען דיינע!... דו וועסט זעהן, איך וועל קומען... און דאן וועסט דו מיך ליעב האָבען... שטאַרק ליעב האָבען, איך וויל, דו זאָלסט מיך שטאַרק ליעב האָבען!

פאַרנאַכט איז ער געוואָרען זעהר אונרוהיג און צושראָקען. וואָס האָט איהם די משוגענע געזאָגט? א קשיה אויף איהר? זי וועט קומען. וואָס איז דאָס מיט איהם? וואָהין וועט איהם זיין אונזינן פערפיהרען? צו וואָס פאַר א שרעקליכען סקאַנדאַל קען דיעזע אונציוויליזירטע, ווילדע מיידעל ברייגגען? אכט א זייגער נאָהט א צוג... ער האָט זיך אָנידערגעזעצט און האָט איילענדיג אויפגעשריבען פאָלגענדע טעלעגראַמע קיין אָדעס: „סאָניטשקע, איך קען דאָ ניט בלייבען אָהן דיר מעהר! איך וואַרף אַוועק אַלעס און פאָהר היינט אכט

האַלט אייער קאַרטע ביי זיך אין בוזעם... דאָ איז אייער אַדרעס. איך וועל אפשר אַמאָל דאַרפען שרייבען צו אייך אַ בריעף. איהר וועט מיר ענטפערען, אַז איך וועל אייך שרייבען? ער האָט געשוויגען. זי האָט אַ שווערען זיפץ געטאָן און האָט געפרעגט: איהר וועט דאָ נאָך לאַנג פערבלייבען?

— אַ פיער — פינף טעג.

— ניט מעהר?... מישע, איהר קענט מיך ניט נעהמען מיט זיך אין אַדעס?... איך ווייס, דאָרט איז אייער מאַדאַם... איך וועל זיין אַ דיענסט ביי אייך...

— אַ דיענסט גאָר? וואָס רעדט איהר דאָס פאַר אַ דומהייטען! איהר זייט אַ בעל הבתיש קינד, איהר האָט אַ רייכען חתן...

— ניין! ניין! דערמאָנט מיר ניט מיין חתן... האָרפינע לאַכט פון איהם... איך האָב איהם ניט ליעב. איך וויל מען זאָל מיך ליעב־בען... מיין בלוט ווערט אין מיר פערקיהלט, אַז איך דערמאָן זיך, אַז איך וועל דאַרפען באַלד חתונה האָבען... זי איז אויפגעשטאַנען, האָט פּלוצלינג אַ שפּרונג געטאָן צו איהם ווי אַ ווילדע, האָט אַרומ־געכאַפּט זיין קאָפּ און האָט ליידענשאַפטליך אָנגעהויבען שעפּטשען: האָב מיך ליעב, מישאַ! האָב מיך ליעב!...

— וואָס קען דערפון זיין?

— מיך אַארט ניט... איך וויל ניט קלערען דערפון...

— דו האָסט אַ חתן.

— דער רוח וועט איהם ניט נעהמען, דעם אַלטען... נישקשה, ער וועט זיך נאָכדעם איבערבעטין און אויב ניט, אַארט מיך אויך ניט. זאָל נאָכדעם זיין וואָס עס וויל... איצט וויל איך דיך ליעבען!

— דאָס קען זיך זעהר שלעכט ענדיגען. מען קען ניט ליעבען דעם, וואָס דאָס האַרץ געלוסט...

— מען קען ניט ליעבען דעם, וואָס דאָס האַרץ געלוסט ניט.

— יאָ, אָבער וואָס וועט זיין שפּעטער!

— שפּעטער? וואָס גאָט וועט געבען, דאָס וועט זיין!...

— ניין, ניין! מען טאָר ניט! מען טאָר ניט! דו רעדסט ווי אַ ווילדע... דו האָסט גאָר קיין בעגריף פון דעם וואָס מען טאָר, און וואָס מען טאָר ניט!

— מען טאָר ניט? זי האָט אָבגעטרעטען פון איהם עטליכע

„די הענט אויף זיך לעגען". זי האָט איהם געבעטען, ער זאָל איהר ערלויבען צו קומען קיין אדעס. אויב ער וויל זי ניט פאַר אַ דיענסט, וועט זי דיענען ביי פרעמדע מענשען, אבי זיין מיט איהם אין איין שטאָט... אַ פּאַספּאָרט וועט זי אויך האָבען. האָרפּינע גיט איהר איהר פּאַספּאָרט, און זי וועט זיין אין אדעס סאָלדאַטקאַ האָרפּינאַ מי־טאַרענקאַ... אין פיעלע פּלעצער פון איהר בריעף איז די טינט גע־וועזן אויסגעשמירט מיט טרערען. ער האָט דעם בריעף צוריסען און איהר קיין וואָרט ניט געענטפערט... איין זאַך נור האָט ער געהיט — אין אַ קאָנווערט איז ביי איהם געלעגען אַן אַלטער אידישער לוח, וועלכער איז געוועזן דער איינציגער עדות, אַז אַמאָל אין זיין לעבען האָט אַ יונגעס וועזען געוואָלט איהם שיינקען ליעבע, פרייד און גליק, האָט געוואָלט לעגען צו זיינע פיס איהר לעבען. איהר האַרץ, איהר נשמה, און ער האָט איהר געענטפערט דערויף מיט'ן גרויסען וואָרט: מען טאָר ניט!...

פינף יאָהר איז אַוועק פון יענער צייט. ער איז געוועזן צוויי סטאַנ־ציעס פון קריוואָי ראָג און עס האָט איהם זעהר שטאַרק אָנגעהויבען צו ציהען אהין, וואו ער האָט איבערגעלעבט עטליכע מערקווירדיגע אויגענבליקען. ער האָט זיך פאָרגעשטעלט דאָס זעלבע דערפעל, די־זעלבע אומשטענדען, דיעזעלבע ליעבע „ליובאַ", און אַ פערבאָרגע־נער פערלאַנג האָט אויפגעבליהט ביי איהם אין הארצען פאָרטצוזעצען דאָס, וואָס עס איז דאַמאָלס אַזוי גרויזאַם איבערגעריסען געוואָרען.... יאַ! אויב איצט וועט איהם ליובאַ זאָגען: לאָמיר זיין גליקליך איצט, און ניט טראַכטען פון דעם וואָס שפּעטער וועט זיין, וועט ער גאָר נישט האָבען דאַגעגען... און אויב זאָגאַר מען וועט דאַרפען צורייסען די קעטען פון פאַלשקייט און ליגען, וועלכע בינדען איהם יעצט, וועט ער צורייסען. וואָרום דער עיקר איז זיין גליקליך, זיין געליעבט...

עס איז געוועזן שווער די שטעטעל צו דערקענען. אַ נייע סטאַנ־ציע אין שטאָט... פיעלע נייע געביידעס . . . זאָגאַר אַ „האָטעל" מיט 12 צימערען. ער איז צוגעפאָהרען צו ר' לייזער זלאַטעס. דאָס זעל־בע אַלטע הויז. ר' לייזער דערזעלבער געלער איד מיט ווייסע אויגען, נור ער איז אביסעל פעטער געוואָרען, און אין מיטען באָרד האָט איהם די צייט אריינגעשטעלט אַ ווייסען פּאַסיקעל פון גרויע האָר... די לאַנגע בלאַסע אידענע איז נאָך ווייסער געוואָרען, איהר לאַנגער פנים

אוהר אבענדס ארויס. איך וויל צו דיר! דיין מישא". ער איז ארויס־געגאנגען נור אוועקצושיקען די טעלעגראמע און אנזאגען, מען זאל איהם פארבערייטען א וואגען, און האט זיך אומגעקעהרט איינצופא־קען די זאכען. ער האט מורא געהאט זי זאל ניט קומען צו איהם. זי איז ניט געקומען. ער האט מורא געהאט זי זאל ניט מאכען קיין סצענע ביי זיין אוועקפאהרען — זי האט זיך אפילו ניט בעוויזען. דער אלטער ראבאטניק מיט די פערשלאפענע אויגען האט ארויסגעטראגען זיינע זאכען, הערר און מאדאם זלאטעס האבען איהם געוואונשען א גליקליכע רייזע, נור הארפינע האט אויף איהם געקוקט בייז, און ווען ער האט זיך אריינגעזעצט אין וואגען האט זי אבגעווישט א טרער מיט איהר פארטוך. די ווייסע לאנגע אידינע האט מיט א טריאומפי־רינדען שמייכעלע בעמערקט: וואס זאגט איהר צו ליובא'ן? זי איז אוועק צו גאסט און האט פערגעסען צו קומען געזעגנען זיך, און איך האב געמיינט, זי האלט פון אייך אזוי שטארק. פאהרט געזונטע־רייד און גריסט אייערע...

די סטאנציע איז דאן געווען עטליכע וויערסט פון שטעטיל. ער איז געקומען צו פריה און האט געדארפט זעהר לאנגווארטען. ער האט געפיהלט, אז ער האט געהאנדעלט גערעכט, ווי א העלד, ווי אן עכטער סאלידער מענש. פון דעסטוועגען האט זיך איהם עט־ליכע מאל געוואלט וויינען... ווען ער איז שוין ענדליך געזעסען אין וואגאן, האט ער דערזעהן, ווי ליובא איז ארויסגעלאפען אויף דער פלאטפארמע. זי האט געקוקט מיט פערוויינטע אויגען אין די פענס־טער פון אלע וואגאנען. זי האט איהם געזוכט און דאס האט איהם געפרייט, אבער איז זי געקומען נור געזעגנען זיך מיט איהם?.... אפשר וויל זי מיט איהם מיטפאהרען?... ער האט זיך אבגעקעהרט פון פענסטער. דער סטאנציאנער גלאק האט אנגעהויבען צו קלינ־גען צום דריטען מאל, און דער צוג האט זיך אנגעהויבען לאנגזאם צו בעוועגען. זי איז געבליבען איינע אליין — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

עס איז אוועק פינף יאהר. ער האט נור איין מאל געהערט פון איהר. באלד נאך זיין קומען קיין אדעס האט ער ערהאלטען פון איהר א נאאיווען, אויפריכטיגען, ליעבעס־בריעף. זי האט געשריבען, אז דער טאג פון איהר חתונה קומט נעהנטער און זי האט מורא, זי וועט

עס שטאַרק, שטאַרק צוגעדריקט צו איהר ברוסט... און מיט איהרע ליפּען האָט זי אַראָבגעקושט ביים קינד די טרערען פון די אויגעלעך און פון די בעקעלעך...

ער איז געבליבען אין דרויסען אליין, האָט אַ קוק געטאָן מיט אַ טרויעריגען בליק אויף דעם זעלבען פליגעל, וואו אַמאָל מיט פינף יאָהר צוריק איז אַלעס געווען אַזוי אַנדערש. איין אויגענבליק איז ער געשטאַנען, דאַן האָט ער אַראָבגעלאָזט זיין קאָפּ און האָט זיך געלאָזט געהן... ער האָט געטראָגען מיט זיך אַ שאַרפע בענקעניש אין האַר־צען און אַן אַלטען פאַר פינף־יעהריגען לוח אין בוזעם־קעשענע.

---

דאָרים איז געבליבען שטיל. נור דער לעבעדיגער קוואַל ביי אונ־זערע פים האָט געדעדט אָהן אַן אויפהער. צערטליך און ליעבליך האָט ער דערצעהלט וואָס צו די ווייסע שטיינדעלעך, איבער וועלכע ער האָט זיך געגאָסען... וואָס האָט ער זיי דערצעהלט אַזוי שטיל און אַזוי שעמעוודיג? די בערג זיינען געלעגען ווי גרויסע שוואַרצע בערען ביי די טויערן פון הימעל.

---

## פינפטער טאָג.

---

### אויף ניין האָט מען קיין חרטה ניט.

---

אַ געשריי פון פרייד, בעוואונדערונג און ערשטוינונג האָט זיך ארויסגעריסען פון מיין ברוסט, ווען מיר זיינען ענדליך ארויף אויף'ן העכסטען באַרג, וועלכען מען רופט „דער וואָלקענס בריק"... יאָ, עס איז אַ בריק פאַר די וואָלקענס! דאָ, געוויס, רוהען זיך די וואָל־קענס אויס, איידער זיי ציהען ווייטער אין דער וועלט אריין אויף די פליגלען פון ווינד. פאַר מיינע אויגען האָט זיך אויסגעשפּרייט אַ גרויסער שטח, בעדעקט מיט בערג, וועלדער, שטעט, און דערפער. דער גרויסער טייך האָדסאָן האָט זיך געצויגען ווייט אונטען, ווי אַ קליינער

האט זיך נאך מעהר אויסגעצויגען, אבער בעוברת איז זי געווען פונקט ווי מיט פינף יאהר צוריק. אבוואהל זי האט דעם אדעסער באלד דערקענט, איז זי דאך געווען צו איהם זעהר קאלט. אויף זיין פראגע, אויב ער קען ביי זיי האבען א צימער, האט זי געענטפערט: „לייי־דער, ניין, ווארום דער פליגעל איז פערנומען. איהר טאכטער האט פערנומען דעם גאנצען פליגעל. זי איז געקומען אהער צו דער מאמע געלעגען ווערען אין א גוטע שעה. ווען זי דארף געלעגען ווערען קומט זי צו דער מאמע... דאס וועט שוין זיין צום דריטען מאל, קיין עין הרע". ער האט שוין געמאכט עטליכע טריט אוועקצוגעהן, האט זיך אומגעקעהרט און געפרעגט: קען איך אייער טאכטער זעהן?

— אך, פאר וואס ניט? זי איז איצט, דאנקען גאט, א מענש, ווי א אידישע טאכטער דארף זיין... אויב זי וועט אי"ה האבען איצט א איינגעל, האט איהר ברוך צוגעזאגט א בראנזילעט פאר 120 רו־בעל... אין דעם צימער, וואס ער האט אמאל פערנומען, איז געזעסען א יונגע אידישע פרוי און האט געגעסען הערינג מיט גרויס אפעטיט. עס איז געווען שווער צו דערקענען די אמאליגע שעהנע בליהענדע ליובא. זי איז געווען שווער שוואנגער. איהר בלאסעס געזיכט איז געווען געשוואלען, איהר נאז איז געווארען דיק. איהרע אויגען זייי־נען געווען טויט. קיין איין פונק פייער איז אין זיי ניט פערבליבען. לעבען איהר פון ביידע זייטען זיינען געשטאנען צוויי שעהנע קליינע מיידעלעך, איינע פון א יאהר דריי און איינע פון א יאהר צוויי. ווען די מוטער האט איהר געזאגט, ווער עס איז געקומען זי זעהען, איז זי געבליבען זיצען רוהיג און גלייכגילטיג. קיין איין מוסקול אויף איהר געזיכט האט זיך ניט קיין ריהר געטאן. זי האט זיך צוגעבויגען אפא־טיש צו איהר עלטערע מיידעלע און האט זי א פאטש געטאן איבערן הענטיל: מען טאר ניט בעטען אלעס, וואס די מאמע עסט!... דאס קינד האט אנגעהויבען צו וויינען...

ער איז געגאנגען צוריק. „מען טאר ניט?..." איז דאס ניט דאס ווארט, האט ער געטראכט, וואס האט צובראכען און צוקאַ־ליעטשעט זיין לעבען? ביי דער טהיר האט ער זיך אומגעווענדעט און האט געזאגט שטיל: א גוטע נאכט! די אלטע פרוי האט איהם נור געענטפערט מיט א טריאומפירענדען בליק פון א זיעגער. די יונגע־רע האט א כאפ געטאן דאס וויינענדיגע קינד אויף די קניע און האט

רעדט שטיל, ווייל ער ווייס, אז אויפרעגען זיך איז זעהר שעדליך. ער רויכערט ניט, ווייל דאס קען חלילה שאדען... ער לעגט זיך שלאפען יעדען טאג צעהן א זייגער, ווייל זיצען שפעט איז אונגעזונד. ער שלאפט יעדען טאג נאך מיטאג א צוויי שעה, דאס איז גוט פאר'ן מאגען. ער גיט קיין מאל קיין נדבות ניט און האסט די „פילאנטראפי", ווייל עס איז שעדליך מיט פרעמדע צרות צו פערוואונדען זיך דאס הארץ און די קעשענע. נור אויף צוויי זאכען שפארט ער ניט קיין געלד: אויף פאטענטירטע מעדיצין, וועלכע מאכט א מענשען שטארק און פערמעהרט די כחות, און אויף שעהנע קליידער און טהייערע ציערונג פאר זיין יונגע ווייב.

זיין יונגע ווייב איז געווען כמעט א קינד ווען זיי האבען חתונה געהאט. זי איז געווען צעהן יאהר אלט ווען זי איז געקומען פון רוסלאנד, א יתומה, צו איהר עלטערע שוועסטער, וועלכע איז געווען די ערשטע פרוי פון איהר איצטיגען מאן. איהר שוואגער איז אפילו געווען זעהר אונצופריעדען מיט אזא נייע „הוצאה", נור ווייל קיין אייגענע קינדער האבען זיי ניט געהאט און דאס מיידעלע איז געווען א שעהנע און א שטילע, איז זי געבליבען ביי זיי. איהר שוואגערס שטוב איז געווען פאר איהר ניט נור גאנץ אמעריקא, נור די גאנצע וועלט. קיינע פריינדע, קיינע חבר'טעס, קיינע בעקאנטע, קיינע געסט און קיינע בעזוכער, קיינער איז צו זיי ניט געגאנגען, און זיי זיינען צו קיינעם ניט געגאנגען. קיין טהעאטער, קיינע קאנצערטען, קיינע פערזאמלונגען — צעהן אזייגער איז מען געגאנגען שלאפען... זי איז קוים אלט געווארען 17 יאהר איז איהר שוועסטער געשטארבען. דאן האט ער איהר געזאגט: וואהין אין דער וועלט קענסט דו געהן און וואס קענסט דו איצט אנפאנגען צו טאן? איך בין רייך, דו געפעלסט מיר, פערנעהם דיין שוועסטער'ס פלאץ און ווער א בעל־הבית'טע פון א שטוב וואס איז פול מיט כל טוב, און אויסער דעם, איך האב דיך ערצויגען און געמאכט פאר א מענשען און דו דארפסט טאן וואס איך הייס דיר. פון קיין ליעבעס מיט קיין ראמאנען האט זי ניט געוואוסט, געהן ארבייטען האט זי ניט געוואלט, אז ער פערדיענט דאנקבארקייט איז ביי איהר צווייפעל ניט געווען און אז זי געפעלט איהם האט זי נאך געפיהלט זאגאר, ווען די שוועסטער האט געלעבט... זיי האבען חתונה געהאט.

וויסער שנירעל, דאָס איז עס געלאָפען גלייך אין א הויכע שטיינערנע וואנד, דאָס האָט ער זיך אומגעדרעהט ווי א שלענגעל און איז פער־שוואונדען געוואָרען אונטער א שירם פון גרינע געוואוקס. פון א גרויען טומאַן ארוים האָבען ארויסגעקוקט צו וואָרפענע פאלאצען, טורמס פון קירכען, הויכע קוימענעס פון פאבריקען. א וואונדערבארע, געטליכע פאנאראמע פאר דאָס אויג פון דעם, וואָס רופט זיך מענש!... איך האָב זיך ניט געקענט אָנזעטיגען מיט דיעזען וואונדער־שעהנעם בילד... איך האָב ניט געקענט אָפרייסען מיינע אויגען פון דיעזער מאיעסטעטישער געמעלדע, מיט אזוי פיעל רוים און ווייטקייט, מיט אזוי פיעל לופט און הימלען, מיט אזוי פיעל ליכט און שאטענס, מיט אזוי פיעל פארבען און טאָנען, מיט אזוי פיעל קאָלירען און שאטירונגען! גרוים און שעהן, אָבער צו ווייט... גרויסע שאטענס זיינען אָפט גע־לאָפען פון די הימלען איבער די בערג צו די שטעט, און פלעגען פער־שוואונדען ווערען אין דער ווייטקייט. ווער ווייס? די שאטענס פא־לען אפשר פון די גרויסע פליגלען פונ׳ם צייט גייסט, וועלכער טראָגט זיך און שוועבט איבער דעם מענשען׳ס וועלט פון דער אייביגקייט אין דער אונענדליכקייט. געהיימניספאָלע, מיסטישע שאטענס!

פון אָנפאנג איז דאָרים געוועזן זעהר צופריעדען, וואָס איך בין אזוי ענטציקט פון „זיינע בערג". ווען אָבער ער האָט דערזעהן, אז צוליעב די בערג האָב איך פערגעסען זיינע דיכטונגען, איז ער געוואָרען אייפערזיכטיג, און האָט מיט א בעלעדיגטען טאָן געפרעגט: איך אינטערעסיר אייך שוין גאָר ניט מעהר? מיר האָבען זיך באלד אָני־דערגעזעצט אויף א גרויסען שטיין, און ער האָט אָנגעהויבען צו לע־זען:

„אָבוואָהל ער האָט אין דעם טאָג פון זיין צווייטער חתונה גע־שוואָרען, אז ער איז ניט עלטער פון 46 יאָהר, איז ער אין דער ווירקליכ־קייט געוועזן אלט 53. דער בארבער פארבט זעהר אָפט די וואָנצעס און ער אליין ווענדעט אָן אלע מיטלען צו האלטען זיך יונג. געקליידעט איז ער שטענדיג זעהר ריין און גאַנץ אנשטענדיג. קיין פינטעלע, קיין שטויבעלע קען מען ניט געפינען אויף זיינע קליידער, אָבוואָהל א קאָסטיום האלט זיך ביי איהם צעהנדליגע יאָהרען. ניט אכטענדיג דערויף וואָס ער איז זעהר רייך, איז ער זעהר קארג, און היט אָב יעדע זאַך זעהר אויפמערקזאַם. מעהר פון אלעם היט ער אָב זיין געזונד. ער

וועלכער האָט געענדיגט מאָסקווער קאָנסערוואַטאָריע מיט א גאָלדע־נעם מעדאל און וועלכער איז נאָך געווען גאַנץ „גרין" אין אמעריקא, האָט איהר אָנגעהויבען צו געבען שטונדען גאַנץ ביליג. קיין בעזונדע־רען רעספּעקט האָט דער יונגער מוזיקער ניט געפיהלט צו גאַנץ אמע־ריקא, און אויף דער יונגער רייכער „מעשצאַנקע", וועלכער עס איז פּלוצלונג איינגעפאַלען צו לערנען זיך צימבלען אויף דער פּיאַנאָ, האָט ער געקוקט פון אָנפאַנג מיט פעראַכטונג. זי איז אָבער געווען זעהר א פלייסיגע שילערין און האָט געצייגט גרויסע מוזיקאַלישע פעהיג־קייטען, און טאַקע דערצו א יונגע און זעהר א שעהנע פרוי, — ער איז זעהר גיך ארויס פון דעם אָפיציעלען פּראָפעסאָרישען טאָן. ער איז געווען א פרעמדער אין לאַנד, קיינע פריינדע און קיינע בעקאַנטע. זיין שוועסטער, וועלכע האָט איהם געבראַכט אהער, האָט געוואָהנט אין אָלבאַני, און ער איז זעהר גיך געוואָרען אַן איינזאַמער מענש ביי'ם אַלטען אמעריקאַנער אין שטוב. נאָכ'ן לעסאָן פלעגט ער אָפט בלייבען זיצען און שמועסען אביסעל. ווען ער האָט זיך דערוואוסט, ווי ליעב זי האָט מוזיק, פלעגט ער אָפט שפּילען גאַנצע שטונדען ווייז. דעם אַלטען איז אפילו ניט זעהר שטאַרק געפעלען געווען, וואָס ער באַראַבאַנעט אזוי שטאַרק אויף זיין טייערער פּיאַנאָ, אָבער ווייל פאַר שפּילען „קאָנצערטען" האָט ער ניט געפאָדערט קיין געצאָהלט, האָט דער אַלטער ניט פּראָטעסטירט. צווישען דעם מוזיקער און זיין שעהנע שילערין איז גיך אויסגעוואַקסען א געפיהל פון סימפּאַטהיע, וועלכעס איז אריבער אין א וואַרעמע פריינדשאַפט און לאַנגזאַם פערוואַנדעלט געוואָרען אין א שטילע, פערבאָרגענע ליעבע.ביידע שטי־לע, עהרליכע, אונשולדיגע און נאַאיווע מענשען — ביידע האָבען בע־האַלטען טיעף אין זייערע הערצער דאָס נייע געפיהל. מאַנכעס מאָל אָבער ווען זייערע אויגען פלעגען זיך בעגעגענען, אָדער זיינע הענד פלעגען בעריהרען איהרע ביי די נאָטען, פלעגט ביידען די פאַרב זיך וואַרפען אין פּנים אריין. ער פלעגט זיך באַלד זעצען צו דער פּיאַנאָ און רעדען אויף זיין מוזיקאַלישער שפּראַך, זי האָט געהערט, פערשטאַ־נען און איז געווען גליקליך. דער אַלטער בעל הבית איז אויך זעהר גיך געוואָרען פאַמיליאַר מיט'ן „יאַלדשען" פּראָפעסאָר. ער איז געווען ציניש גראָב און ציניש אָפען אין זיין געגענוואַרט, און דער „רוסישער יאָלד" האָט זעהר גיך דעם אַלטען קענען געלערענט דורך און דורך.

לאנגזאם און מאנאטאן האבען זיך געצויגען די יאהרען, קיין קינ־דער האט זי אויך ניט געהאט, און ער איז געווען זעהר צופריעדען. קינ־דער קאסטען געלד און שטערען דאס לעבען. זי אליין האט געמיינט, אז זי לעבט גאנץ גוט. זי האט, ווי איהר עלטערע שוועסטער, ערנסט גע־גלויבט, אז אויף אזא מאן טאר מען זיך ניט בעקלאגען — מע זיצט אין שטוב ביי איהם אויף אלעם גרייטען. — ער איז געלעגען ווי א שפין אין זיין שעהנע אויסגעוועבטע נעץ, און דיביידע שוועסטער זיינען געווען ווי די געפאנגענע פליעגען. ער איז זיך געלעגען בעקוועם און רוהיג אין זיין ווינקעלע. ווען ער האט געדארפט, האט ער געזויגען דער פליעגם בלוט... איז ער ניט געווען דורשטיג, האט ער זיך אמו־זירט... איין פליעג איז לאנגזאם אבגעשטארבען, האט ער געקראגען אן אנדערע. די פליעגען זיינען געווען „פערוועבט" אין זייער שעהנער היים, פער'כישוף'ט, פערהיפנאטיזירט פון זיין מאכט און זיינען גע־בליבען רוהיג און צופריעדען. ער איז אוודאי געווען צופריעדען. די פליעגען האבען אפילו ניט געפרובט צו רייסען דאס „געוועבס" פון זיין נעץ. ער איז אזוי געווען פערזיכערט אין דער טרייהייט, אונטער־טהעניגקייט, און אויפריכטיגע איבערגעבענהייט פון זיין יונגע פרוי, אז ער איז זאגאר ניט געווען אייפערזיכטיג אויף איהר, און עס איז טאקע ניט געווען אויף ווען צו זיין אייפערזיכטיג — זיי זיינען גע־ווען אבגעשניטען פון דער גאנצער לעבעדיגער וועלט.

וואס צו טאן האט זי ניט געהאט און זי האט אנגעהויבען זעהר פיעל און זעהר פלייסיג צו לעזען. זי האט געהאט גרויס פערגניגען פון די שילדערונגען פון ליעבע און גליק אין די ביכער, זי האט סימפא־טיזירט מיט די, וועלכע האבען אין די געשריבענע ראמאנען געקעמפפט פאר זייער פרייהייט. אבער דאס אלעס איז געווען פאר איהר נור א פיקטיווע, אן אויסגעטראכטע, א פאנטאסטישע וועלט, אין דער ווירק־ליכער וועלט האט זי געמיינט, דארף זיין און בלייבען אלעס, ווי עס איז. ווען דאס לעזען האט זי מיעד געמאכט, איז איהר איינגעפאלען א גע־דאנק„ פאר וואס זאל זי זיך ניט לערנען שפילען פיאנא? וואס צו טאן האט זי ניט און אין שטוב שטעהט א נייע פיאנא. ער האט ניט געהאט דאגעגען. מען וועט נור דארפען געפינען א לעהרער, ביי וועל־כען מען זאל קענען פיעל לערנען און וועמען מען זאל דארפען ווייניג צאהלען. אז מען זוכט, געפינט מען. א יונגער רוסישער פיאניסט,

פיעל טרערען, און הארצווייטאָג, און טענות, און ארגומענטען, און פאָרווירפע... עס איז געווען א לאנגער, שווערער פלאַגענדער קאמפף. ענדליך, איין מאָל האָט זי שוין זאָגאר צוגעזאָגט צו געהן מיט איהם. א פלאן איז געווען פאָרזיכטיג אויסגעארבייט. זי וועט לאָזען אלע איהרע בריליאנטען און קליידער, נעהמען נור וואָס נויטיג און ביי נאכט, ווען „איהרער" וועט שלאָפען, פערלאָזען דאָס הויז. צעהן א זייגער האָט „ער" שוין געשלאָפען און זי האָט כלומר'שט געלעזען אן אינטערעסאנטען ראָמאן, וועלכען זי האָט געוואָלט היינט ענדיגען... איהר געליעבטער האָט געווארט אויף איהר אויף א בעשטימטען פלאץ... זי האָט געוואוסט, ווי טריי, ווי הייס, ווי פאָעטיש ער האָט זי ליעב, מיט וואָס פאר אונגעדולד ער ערווארטעט זי, און דאָ „איהרער" האָט רוהיג געכראָפעט... א קעלט איז איבערגעגאנגען איבער איהר גאנ־צען יונגען קערפער... זי איז אויפגעשטאנען ווי אין א פיעבער, איז זיך דורכגעגאנגען עטליכע מאָל איבער'ן שטוב מיט פערבראָכענע הענט, האָט זיך זעהר ביטער אויסגעוויינט... זי האָט לאנג געקוקט דורכ'ן פענסטער אהין, וואו מען ערווארטעט זי... א שווערער, א שרעקליכער קאמפף איז פערגאנגען אין איהר יונגע זעעלע. דאן האָט זי א טיעפען זיפץ געטאָן און האָט געזאָגט: „ניין! אויף ניין האָט מען קיין חרטה ניט". און, ווי א שאָף געהט שטיל צום שלאכט, איז זי געגאנגען אין שלאָף־צימער צו דעם, וועמען עס האָבען בעלאנגט איהר זעעלע און איהר קערפער...

---

דער יונגער פיאניסט האָט פערלאָזט אמעריקא, ערשטענס, ער האָט געהאסט דאָס לאנד, וואו דער דאָלאר שטעהט העכער פון קונסט, פון פאָעזי, פון מוזיק. צווייטענס, זיין אונגליקליכע ליעבע... זי איז געקומען צום שיף איהם בעגלייטען, זי האָט געבראכט מיט זיך א בו־קעט בלומען און איהר אלטען מאן. דער אלטער האָט זיך זעהר גע־בייזערט, פאר וואָס זי האָט אויסגעגעבען געלד אויף אזא נארישקייט ווי בלומען. דער יונגער מאן איז געווען זעהר טרויעריג. ביי איהר זיינען די טרערען געשטאנען אין האלז. ווען זיי זיינען אויף איין אויגענ־בליק געבליבען אליין, האָט זי צום לעצטען מאָל א קוק געטאָן לאנג אין די צוויי שעהנע, גוטע אויגען פון דעם, וועמען זי וועט ניט פער־געסען ביז איהר טויט, דאן האָט זי לאנגזאם און צארט דיעזעביידע

דער אלטער פלעגט זעהר אפט בעלעדיגען זי און זי פלעגט עס גאר ניט מערקען. ער פלעגט זיך זעהר אפט ווענדען צו׳ם פראפעסאר מיט אזעלכע בעמערקונגען: „איהר זעהט מיין ליידי, ווי אויסגעפוצט און בעהאנגען מיט דזשולערי? איהר האט זי געדארפט זעהן ווען זי איז געקומען פון רוסלאנד. דו געדענקסט דיין גרינעם מאנטעל מיט די אויסגעריסענע שיך און צוריסענע זאקען? א חיה געווען, חא! חא! חא! אדער ער פלעגט זיך אנהויבען בייזערען, פאר וואס זי האט פערפלעקט איהר ווייסע קלייד, וועלכע האט ערשט פאר צוויי יאה־רען געקאסט 60 דאלאר. אדער, פונקט ווען דער פערליעבטער יונ־גער ארטיסט פלעגט עפּיס שפּילען פון ליסט אדער בראהמס, פלעגט ער אנהויבען שרייען פון שלאף־צימער: „עי, גענוג צימבלען! עס איז שוין א פערטיל צו צעהן!...״

די ליעבע קען ניט אייביג שטום בלייבען. זי האט אנגעהויבען צו רעדען מיט הונדערט צונגען, זי האט אנגעהויבען צו זינגען מיט טויזענדער שטימען. דער יונגער מאן האט זיך ניט געוואלט מעהר בע־גניגענען מיט פּלאטאנישע ליעבע, — זי האט גענען דעם פּראטעסטירט מיט איהר גאנצער זעעלע. דער יונגער מוזיקער האט גאנץ אפען אנ־געהויבען צו איבערצייגען, אז לעבען מיט אזא מאן איז טויזענד מאל געמיינער ווי דאס לעבען פון א גאסען־פרוי. זי האט זיך דערשראקען פאר זיינע פרייע רייד. אמת, זי האט איהר מאן ניט ליעב, אבער פאר דאס ביסעלע וואס ער האט פון איהר׳ט ווענען געטאן, האט זי איהם געאפּפערט איהר לעבען, איהר יוגענד, איהר זעעלע, איהר גליק„ די פּאעזי און די פרייד פון ליעבע... זי איז געווען שטאלץ צו וויסען, אז זי ברענגט איהם אזעלכע גרויסע קרבנות, אז זי צאהלט מיט אזא יד רחבה פיר זיינע טובות. זאל זי די גרויסע ווערטה פון דיעזע קרבנות מאכען צו נישט מיט איין ליגען? ווען ער האט אבער אנגעהויבען צו איבערצייגען, אז פערקעהרט, ער וויל ניט קיין ליגען. זי דארף ארויס אפען. זי מוז זיך שיידען פון דעם, וועמען זי ליעבט ניט און פעראיי־ניגען זיך מיט דעם, וואס זי ליעבט, — האט זי זיך נאך מעהר דער־שראקען... אין איהר שוואכע זעעלע האט זי ניט געקענט געפינען גענוג בעשלאסענהייט ארויסצוטרעטען געגען איהר מאן. זיין ווילען האט געהערשט איבער איהר פון קינדרווייז אן, און זי האט זיך ניט געקענט איצט בעפרייען פון זיין הערשענדע מאכט. עס איז געווען

געשעפּטשעט זיך, גליידּ ווי זיי וואָלטען איילענדיג, געהאַלטען אַ „מיטינג" וועגען דעם בייזען ווינד, ראָן האָבען זיי זיך געבויגען צו דער ערד, און מיט אַגעשריי געלאָפען איינע פון די אַנדערע. די בערג האָבען געקוקט אַראָב בייז און פערזאָרגט. דער בערג גייסט איז געווען אין אַ שלעכטע שטימונג. אויף אַלעס און אַלעמען איז געווען צוגאָסען אַ מעלאַנכאָלישע דונקעלהייט.

מיין פריינד דאָרים איז אויך געווען ניט אויפגעלעגט. ער האָט געלעזען זיין ערצעהלונג מיט אַ טרויעריגער שטימע און אַ סך שטילער ווי געוועהנליך.

---

ער און זי! זיי האָבען פריהער ביידע געוואָהנט זעהר הויך אויפ'ן בארג „מאָנטעסאנטאָ". ער איז געווען לאַנג אַן אונטערטהע־ניגער קנעכט ביי איהר פאָטער. זי איז געווען זעהר אַ צאַרטע, אַן ערעלע, אַ נאָבעלע און אַ שטילע. ער איז געווען זעהר אַ שטאַרקער און געזונטער. איהר ווייסט דאָך, קאָנטראַסטען פעראייניגען זיך, — זיי ביידע האָט די ליעבע פעראייניגט. איהר פאָטער איז געווען זעהר אַ שטרענגער און זעהר אַ האַרטער בעל הבית. דער קנעכט זיינער האָט ניט געטאָרט האָבען קיין אייגענעם ווילען, האָט געדאַרפט דער־שטיקען אין זיך יעדען פערלאַנג, האָט געמוזט טויטען אין זיך יעדען געדאַנק פון פרייהייט, — ער האָט ניט געדאַרפט פרעגען קיינע פראַ־גען, נור טאָן וואָס מע הייסט איהם, דיענען טריי און אַרבייטען פלייַ־סיג. לאַנג האָט דער קנעכט געדיענט און געדולדעט, ענדליך האָט ער אָנגעהויבען בענקען נאָך אַן אַנדער וועלט און אַנדער לעבען. ער האָט זיך בעשלאָסען צו פערלאָזען דעם ווייט־פערוואָרפענעם, לאַנגווייליגען, הויכען בארג „מאַנטעסאַנטאַ", און געהן אַראָפּ, אַהין אין די גרינע טהאָלען מיט די שעהנע גערטנער און בליהענדע בלומען. זי האָט ניט געקענט בלייבען אַליין דאָ, פאַר איהם איז געווען אונמעגליך צו געהן אָהן איהר אָהין. זיי האָבען געמוזט געהן ביידע צוזאַמען. איהר איז גע־ווען שווער צו שיידען זיך פון איהר אַלטען שטרענגען פאָטער, זי האָט זיך געשראָקען פאַר זיין צאָרן. אָבער איהר געליעבטער איז געווען אַזוי שטאַרק און ענטשלאָסען און עס האָט זי אַזוי שטאַרק געצויגען צו איהם, — זיי האָבען ביידע פערלאָזען דעם הויכען „מאָנטעסאנטאָ" און זיינען געגאַנגען אַראָפּ צו די טהאָלען.

אוינגען געקושט און האָט שטיל געזאָגט: „איך האָב מיינעם אונמיס־טען געבראַכט מיט זיך, ווארום, איך האָב געוואוסט, איך וועל עס ניט קענען אויסהאַלטען... אָדער איך וועל דיך מוזען פערהאַלטען, אָדער איך וועל געהן מיט דיר... טייערער, דו ווייסט ניט, ווי שווער מיר איז... אָבער אזוי איז בעסער... אויף ניין האָט מען קיין חרטה ניט".

ענדליך איז געקומען די לעצטע מינוט, די מינוט פון שיידען זיך. מיט אַ רעליגיעזען געפיהל האָט ער אַראָבגענומען פונ'ם קאָפּ זיין הוט, האָט זיך צוגעבויגען מיט זיינע ציטערנדיגע ליפּען צו איהר האנד און האָט אָנגעהויבען וויינען מיט ביטערע, יאָמערליכע טרערען. זי איז געשטאַנען בלאַס ווי די וואַנד... דאן איז זי מיט „איהרען" אַראָב פון שיף, און ער איז געבליבען דאָרט אליין. דאן האָט די מוזיק אָנגע־הויבען צו שפּילען און די גרויסע שיף האָט זיך אָנגעהויבען שטיל צו בעוועגען...

---

ביי די לעצטע ווערטער האָט ביי דאָריס'ן אָנגעהויבען צו ציטערען די שטימע און מיר האָט זיך אויסגעוויזען, אז ער וויינט... האָט דאָ מיין פריינד ניט פערצייכענט דאָס, וואָס ער אליין האָט אַמאָל איבער־געלעבט? ער האָט געשוויגען. עס איז געווען שטיל אין די בערג.

---

## זעקסטער טאָג.

---

### ער און זי.

---

אַ גאַנצע נאַכט האָט געבלאָזען אַ שטאַרקער ווינד און דער טאָג איז געווען אַ קאַלטער און פערוואָלקענטער. קיין רעגען איז ניט געגאַנ־גען און קיין זונן איז ניט געווען. דער וואַלד האָט גערוישט, ווי דער אקעאַן אין דער צייט פון אַ שטורעם. די בוימער האָבען געוויינט און געציטערט. אָפּט האָבען זיי זיך געטוליעט איינע צו די אנדערע און

האָב איך מורא, דו וועסט קיין מאָל ניט ווערען מיין געליעבטער. צווי־שען אונזביידען ליגט א תהום, וועלכער ווערט מיט יעדען טאָג ברייטער און טיעפער. דיך אינטערעסירט אַלעס קערפּערליכעס, מיך — נור די זעעלע. דו ביסט א זוהן פון דער ערד, איך בין א טאָכטער פונ׳ם הימעל. דו ביסט דער גראָבער שטאָף פונ׳ם לעבען, איך בין ווי א אידעע, וועלכע מען קען ניט בעגרייפען. דו ביסט די וואָכיגע ווירקליכקייט, איך בין ווי די פּאָעטישע פאנטאזיע, דו ביסט די לוסט, איך — די ציכטיגקייט, דו ביסט בשר ודם, איך בין גייסט און שטרע־בונג, דו אלס מאַן ביסט דאָס איינפאַכע, איך אַלס ווייב בין דאָס אונפערשטענדליכע, דו ביסט דאָס ווירקליכע, איך בין דער טרוים... דו ביסט די זינדיגע שמוץ פון דער ערד, איך וויל בלייבען א ריינע טאָכטער פונ׳ם הויכען מאנטעסאנטא.

ער האָט אליין פערשטאַנען און געפיהלט ווי גרויס זיי אונטער־שיידען זיך איינער פונ׳ם צווייטען. ער האָט אָבער ניט געקענט זיך ערקלערען פאר וואָס ער איז אזוי צוגעשמידט צו איהר, און ווארום ער קאָן אָהן איהר ניט לעבען. מיט יעדען טאָג איז זי געוואָרען בלאַסער און שוואכער, מיט יעדען טאָג פלעגט זיך פערגרעסערען איהר בענקע־ניש אהיים, אהין אין דער הויך, אין די געגענדען פון איהר פאָטער׳ס וואָהנונג.

ניט קענענדיג געווינען איהר ליעבע, האָט ער פון צווייפעל און ערגערניש זיך אין גאַנצען איבערגעגעבען צו געוגוס און ליידענשאפט. האָט אָנגעהויבען זינדיגען געגען זיין מענשליכער נאַטור און מיסברויכען די פרייהייט, וועלכע ער האָט אזוי שפּעט ערוואָרבען. ער האָט זיך אין גאַנצען איבערגעגעבען צו דעם וואָס איז אירדיש, וואָס שאפט איהם אליין נור א פערגניגען, ווי נידריג און אונזיננניג דאָס פערגניגען זאָל ניט זיין און וואָס פאר א פרייז מען זאָל פאר דעם ניט דארפען צאָהלען. ער האָט אָנגעהויבען צו פערלירען זיין פיזישע קראַפט און איז ביסלעכווייז געוואָרען א שוועכלינג. דאן איז זי גע־קומען צו איהם, א שטילע, א טרויעריגע, א צארטע, און האָט גע־זאָגט: אומקעהרען זיך צוריק אויף מאנטעסאנטא קען איך ניט, ווייל איך ווייס, אָהן מיר וועסט דו ניט לעבען מעהר. איך בענק שטארק נאָך מיין היימאַט, איך וועל אָבער בלייבען דאָ אין לעבענטהאל... ניט ביי דיר, איך וועל געהן צו די אַנדערע מענשען.

ווי שוואך און צארט זי איז געווען האָט זי דאָך ניט מורא געהאַט צו געהן מיט איהם — זי האָט געוואוסט, ער איז גענוג שטארק און געזונד צו זאָרגען פאר איהר. ער האָט געלעבט אין דער הויך אַזוי לאַנג, האָט פערשטאַנען איהר שפּראַך, די שפּראַך פון איהר פּאָטער, וועלכער האָט ניט געדולדעט אַלעם שרייענדעם און שטאַרקעס, און האָט געפאָדערט די אונטערדריקונג פון אַלע פיזישע קולות. איהר שפּראַך איז געווען די שטילע, געהיימע שפּראַך פון זעעלענבעוועגונג און שטימונג. איין בעדינגונג נור האָט זי געשטעלט: זי וועט זיין די ווירטהין פון זיין הויז, וועט וואָהנען מיט איהם אין איין שטוב, וועט פאַר דער גאַנצער וועלט פאַרגעשטעלט ווערען, אַלס זיין געזעצליכע פרוי, אין דער ווירקליכקייט אָבער וועלען זיי בלייבען פרעמדע, ביז ער וועט מיט זיין לעבען, אויפפיהרונג און בענעהמען זיך פערדיענען צו זיין איהר געליעבטער. און זיי האָבען זיך בעזעצטביידע אונטען אויפ'ן פּלאַץ, וועלכער איז בעקאַנט מיט'ן נאָמען „לעבענטהאַל".

נייע קרעפטע, נייע פערלאַנגען האָבען ערוואַכט אין איהם, ווען ער האָט זיך בעפרייט פון זיין שטרענגען, פרומען בעל הבית. ער האָט געוואָלט לעבען, זיין גליקליך, האָבען פרייד און געניסען, — זי אָבער איז געווען דאַגעגען, ווייל אין דעם הויז פון איהר פּאָטער האָט זי געלערענט דאָס אַלעס צו האַסען. מיט יעדען טאָג איז ער גע־וואָרען לוסטיגער און פרייליכער, און זי, פערקעהרט, שוואַכער און טרויעריגער. פיעלע מאָל האָט ער געוויינט און געבעטען זי: „גענוג אונז צו בלייבען פרעמדע. ווער מיין געליעבטע! זיי ניט אַזוי שטיל, זינג אַ פרייליכעס ליעד, ערוועק אין זיך לעבענסלוסט. עס און טרינק, האָב ליעב און געניס די פרייד פון לעבען, אַזוי לאַנג ווי דאָס לעבען איז ביי אונז אין די הענד". זי פלעגט איהם אָבער ענטפערען: איך וואָלט דיך ליעב געהאַט, ווען דו וואָלסט ניט געווען דער, וואָס דו ביסט איצט...

— ניין! דיין פאָטער האָט גענוג געטאָן צו פערניכטען מיין „איך", צו מאַכען פון מיר אַ קראַנקען ווילענלאָזען מענשען, פער־שרעקען מיך און טויטען אין מיר יעדען בעגעהר און יעדען פערלאַנג. איך האָב פערלאָזען מאָנטעסאַנטאַ, ווייל איך האָב געוואָלט רעטען מיין „איך" און לעבען ווי אַ מענש.

זי איז געוואָרען זעהר טרויעריג און האָט געזאָגט: אויב אַזוי,

טענס פון דער נאַכט, איך וועל זיי שרעקען מיט דער געהיימע שטיל־קייט פון דער פינסטערניש... שטילקייט... שטילקייט... שטיל־קייט...

זי האָט אַ קוק געטאָן אויף איהם מיט איהרע טרויעריגע, קאַל־טע, ריינע אויגען און האָט איהם פערלאָזט. ער איז געבליבען אליין מיט זיינע טרויעריגע געדאַנקען און טיעפען שמערץ... זיין געזונד האָט ר אונזיכניג פערלאָרען, יאָגענדיג זיך נאָך לוסט און פער־גניגען, זיין קראַפט האָט ער פערשווענדעט אונערמיעדליך זוכענדיג מיטלען צו בעפרידיגען זיינע פערלאַנגען... אַ קראַנקער, אַ שוואַכער, אַן עלענדער האָט ער אליין אָנגעהויבען צו בענקען נאָך די טעג, ווען ער האָט געלעבט אין מאָנטעסאַנטאָ. דער אַלטער קנעכט האָט ערוואַכט אין איהם. דער אַלטער קנעכט לעבט. ער זיצט אליין און טראַכט. די שטילע נאַכט קומט נעהענטער און נעהענטער... די לבנה שווימט שטיל ארויס אויף די בלויע הימלען... די שטילקייט קומט... ווער קען פערשטעהט, וואָס די שטילקייט זאָגט צו דער דונקעלער ערד? קיין זאַך רעדט ניט אַזוי הויך און דערצעהלט ניט אַזוי פ׳על ווי די שטיל־קייט...

---

ווי דאָרים האָט נור געענדיגט זיין ערצעהלונג, בין איך אויפגע־שטאַנען און האָט ערקלעהרט, אַז איך בלייב דאָ ניט מעהר. איך האָב פיינט, אַז מען שרייבט מיט פערשטעלטע, פערבאָרגענע גע־דאַנקען. האָסט דו עפּעס צו זאָגען! זאָג גלייך, קלאָהר און דייטליך.

— וואָס איז דען ניט קלאָהר? האָט געפרעגט דאָרים. ווער וועט דען ניט פערשטעהן, אַז „ער” איז דער גוף, „זי” די נשמה, איהר פאָטער די רעליגיאָן? ווער וועט דען ניט זעהן, אַז „ער” דאָס איז די ווירקליכקייט, די רעאַליטעט, דער מאַטעריאַליסטישער מענש, און אַז „זי” איז דער ראָמאַנטיזם, דאָס אונבעגרייפליכע, דאָס גייסטיגע, דער מיסטישער עלעמענט פון אונזער לעבען? ...

יאָ, אָבער מיט דעם דאָזיגען אַרט שרייבען מאַכט איהר נאָך קראַנקער דעם שוואַכען מענשען. מיט אייער זיסען וועהטאָג ערוועקט איהר ביי דעם אַמאָליגען קנעכט די שאַרפע בענקעניש נאָך דעם פערגאַנגענעם. אויף דער וועלט זיינען דאָ ניט נור מעלאַנכאָלישע

א קראנקער, מיט א צו וואונדעטע האַרץ האָט ער אָנגעהויבען צו וויינען מיט ביטערע טרערען: פערלאָז מיך ניט איצט. וואָהין קענסט דו געהן וואַנדערען א שוואכע, א צארטע, א פרעמדע, אַן אונבעקאַנטע? בלייב מיט מיר! בלייב מיט מיר, מיין איינציגע ריינע פרייד אין לעבען! ווער אין דער וועלט וועט דען קענען פערשטעהן דיין שפראך?

— עס איז וואהר, איך בין א פרעמדע דאָ... געקומען פון וויטע געגענדען... מיין שפראך איז אונפערשטענדליך. מיין שפראך איז די שפראך פון די הויכע מעלאנכאָלישע בערג, וועלכע גרייכען ביז די הימלען, מיין שפראך — דאָס איז דער ריח פון די בליהענדע בלומען, דאָס וויספערן פון בלעטער, דאָס זשורזשען פון א ווינטעלע, דער פּלעסק פון א קלאָרען קוואַל, דער טרוים פון דער נאכט... דער זילבערנער שטילער שטראהל פון דער לבנה... מיין שפראך איז דער זיפץ פון דער ערד, דאָס סטעהנען פון'ם אָקעאַן, דער טרויער פון די וואָלקענס, די בענקעניש פון די בלויע הימלען, די געהיימנים פון דער וויטקייט, די בעוועגונג פון שטילקייט... איך טראָג זיך דאָרט וואו די ווייסע וואָלקענדלעך זיינען בעזילבערט פונ'ם מאָנד, איך שטרעב אהין, ווייט אין מעריב, וואו די זונן פערשווינדעט, און די בלויע הימלען ווערען דונקעל רויט... די מענשען וועלען מיך ניט פערשטעהן און דאָס אליין וועט זיי פרייען, ווארום זיי איז שוין לאנג מיאוס געוואָרען אלעס וואָס זיי פערשטעהן... זיי וועלען ניט וויסען וואָס איך זאָג זיי, דאָס איז גוט, זיי זיינען איבערזעטיגט מיט דעם וואָס זיי וויסען. זיי זיינען אלע קראנקע ווי דו, און מיין געהיימניספאָלע שפראך, וועט זיי געבען א זיסען וועהטאָג, און וועט אויפוועקען אין זיי אונערקלערליכע בענקעניש אהין, אין די אונבעקאנטע בערג פון מאָנטעסאנטאָ... לעבע וואָהל! מיר האָבען געלעבט צוזאַמען ווי פרעמדע און מיר שיידען זיך ווי פרעמדע... איך געה צו זיי, איך וועל צו זיי רעדען מיט די פארבען פונ'ם רעגענבויגען, איך וועל צו זיי ערשיינען דורך די טענער פון דער הימלישער לירא... איך וועל וויינען פאר זיי מיט די קריסטאָלענע טראָפּענס פונ'ם טוי, איך וועל זיי ערקלערען מיין טרויער דורך די בריליאנטען פונ'ם קאָלט־ריינעם און הייליג־ווייסען שנעע, וועלכע שיינען געגען די שטראַהלען פון דער טרוימענדער לבנה. איך וועל זיי פערוויקלען אין די שווארצע שאָ־

טיגען, קיין מאָל ניט טרויערענדען אָקעאַן און מיר האָט זיך פערגלוסט אויסצושרייען: עס לעבע דער אייביג־רוישענדער, קיין מאָל ניט שטיל־שווייגענדער, אייביג רעדענדער, אייביג דערצעהלענדער, אייביג לעבענדער אָקעאַן!



בערג, נור אויף דער רווישענדער אייביג לעבענדער אָקעאַן. אונז גיט ליכט ניט נור די קאַלטע, עפּילעפּטישע נאַכט־וואַנדערין — די לבנה, נור אויך די מעכטיגע, שאַפענדע, לעבען־געבענדע זונן. איצט זיינען די הימלען בעדעקט מיט וואָלקענס? מאָרגען אָבער וועט קומען די הייסע זונן און וועט אָנצינדען אין אונזער בלוט דעם פייער פון לע־בען, לוסט און ענערגיע! איבערהויפּט דעם אידען לאָזט צו רוה! שרעקט איהם ניט מיט שווארצע וואָלקענס פון דער נאַכט און מאַכט איהם ניט נאָך מעהר היסטעריש מיט דער שפּראַך פון דער שטילקייט. זיין גוף איז אָהן אייך געווען קראַנק טויזענדער יאָהרען. לאָזט איהם ווערען געזונד, לאָזט איהם קריגען לעבענס לוסט־ און א שטרעבונג צו דער פרייד פונ׳ם לעבען. צום טייוועל מיט אייער דעקאַדענטישע זעעלען־קראַנקהייט! לאָזט פריהער דעם אמאָליגען קנעכט ווערען גע־זונד און שטאַרק!... איך בלייב דאָ ניט מעהר! היינט נאָך פאָהר איך צוריק! — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ווען מיינע זאַכען זיינען שוין געווען געפּאַקט און איך בין בערייט געווען צו פאָהרען, איז צו מיר אין צימער געקומען דאָריס. ער האָט ניט געוואָלט, איך זאָל אוועקפאָהרען א בייזער. איך האָב זיך ניט גע־וואָלט איבערבעטען, ביז ער האָט מיר ענדליך געגעבען זיין העפט מיט די ערצעהלונגען, און זיין ערלויבניס צו דרוקען זיי. די זאַכען האָבען מיר אָבגעשיקט מיט א פוהר, און אליין זיינען מיר צו דער סטאַנציאָן געגאַנגען צו פוס דורכ׳ן וואַלד. דאָריס איז געגאַנגען שטיל, זיין געזיכט איז געווען זעהר טרויעריג. איך האָב איהם גענומען פאַר׳ן אָרם און געזאָגט: מיין פריינד, זיי געזונד! די הויפּטזאַך איז צו זיין גייסטיג און קערפּערליך געזונד. די פּאָעזיע פון א קראַנקער זעעלע, איז ווי די אילוזיאָן, וואָס קומט פון אָפּיום. די אילוזיאָן איז טאַקע שעהן, אָבער דער אָפּיום איז גיפטיג. א שרעקליכער, שענדליכער גיפט!

מיר זיינען ביידע אנשוויגען געוואָרען. א קאַלטער ווינד האָט געיאָמערט אין וואַלד. די הימלען זיינען געווען פערצויגען מיט דונקעלע וואָלקענס. די בערג האָבען געקוקט אראָב בייז, פערזאָרגט און מעלאַנ־כאָליש. איך האָב פּלוצים א טראַכט געטאָן וועגען דעם שטאַרקען, מעכ־

זייַנע פּלענער! און האָפנונגען און זיין טאַלענט און פעהיגקייט זיינען גענוצט געוואָרען נור אויף אזוי פיעל, ער זאָל קענען לעבען און זאָל כח האָבען צו ארבייטען. מאַנאַטאַן און לאַנגווייליג האָבען זיך געצויגען די טעג — איין טאָג עהנליך צום אַנדערען. אַלע מענשען ארום איהם האָבען געלעבט ווי מאַשינען און ער האָט אויך שוין אָנגעפאַנגען צו לעבען אַ מאַשינען־לעבען — אָהן געדאַנקען, אָהן געפיהלען, אָהן אינטערעסען, אָהן שטרעבונגען... אָבער דאָ האָט דער שיקזאַל זיי צוזאַמענגעבראַכט. און דאָס האָט איהם אויף אַ צייט ארויסגערופען פון זיין מאַשינען־לעבען און האָט איהם אויפגעמונטערט.

פון אָנפאַנג איז זי איהם געפעלען געוואָרען נור דערפאַר, ווייל זי האָט זיך געהאַלטען אזוי נאַטירליך און האָט גערעדט אויפריכטיג. איין שעה האָט ער פערבראַכט אין איהר געגענוואַרט און איהם האָט זיך אויסגעוויזען, זיי זיינען שוין אַלטע גוטע בעקאַנטע. נאָכדעם האָט ער ענטדעקט, אַז זי האָט אַ גוטע עדעלע האַרץ, אַ געזונטען פערשטאַנד און פון דער נאַטור געגעבענעם שכל הישר... שפּעטער, ווען ער האָט שוין געקוקט אויף איהר מיט די אויגען פון אַ פערליעבטען, האָט ער אין איהר געפונען אַ גאַנצען אוצר מיט זעלטענע מעלות און שאַצבאַרע אייגענשאַפטען.

זייער ראָמאַן איז געגאַנגען מיט'ן אַלטען, לאַנג אויסגעטראָטענעם וועג. פריהער שטילע בליקען, דערנאָך אויסדריקליכע זיפצען, דערנאָך שטומע צייכענס פון האַנד־דרוק, ענדליך האָט די ליעבע אראָברעגיסען פון זייערע ליפּען דעם ערשטען פייערדיגען און ליידענשאַפטליכען קוס און דאַן האָבען זיך באַלד אָנגעפאַנגען טרערען און פּלענער וועגען דעם, ווי אַזוי מען זאָל זיך צושיידן.

טרערען און פּלענער וועגען שיידען זיך? ווארום, פערקעהרט, האָבען זיי ניט געפּלאַנעוועט וועגען פעראייניגונג, וועלכע זאָל פיהרען צו גליק און פרייד? האָבען זיי זיך דען ניט ערנסט און טריי געליעבט? עס וועט ניט זיין קיין גוזמא צו זאָגען, דאָס אין דיזען פּראַקטישען לאַנד האָט זייער ליעבע צו זיך קיין צווייטע ניט געהאַט, — אַזוי טיעף, אַזוי ריין, אַזוי אויפריכטיג, אַזוי איבערגעבען און טריי האָבען זיי זיך געליעבט, אָבער זי האָט געהאַט אַ מאַן מיט צוויי קינדער, ווען דער ראָמאַן האָט זיך אָנגעפאַנגען. זי האָט איהר מאַן ניט געליעבט ווען זי איז צוויי מאָל מוטער געוואָרען, און האָט מיט איהר גאַנצער

# אויפ׳ן ים

עס איז א קאלטע אקטאבער־נאכט. לאנגזאם בעוועגט זיך די גרויסע שיף איבער די קאלטע, רוישענדע וועללען. דער ווינד רייסט און ברעכט די מאסטען און די זעגלען. די פייערלעך אויפ׳ן דעק פונ׳ם שיף פלימערן אונרוהיג און די שטערענדלעך זיינען אוועק טיעף אין דונקעלען הימעל אריין און בעלייכטען זעהר שוואך די שווארצע, אונ־בעגרענעצטע סטעפּע, וועלכע רופט זיך אקעאן.

אויפ׳ן דעק זיינען דא זעהר ווייניג פאסאזשירען. די „גליקליכע" זיצען אין די גרויסע ווארימע זאלען, וועלכע זיינען בעגאסען מיט עלעקטרישע ליכט, — שפּילען פּיאנא, זינגען, אמוזירען זיך... די „אונגליקליכע" ליגען צונויפגעקארטשעטע אויף זייערע בעטלעך און ווארטען, ווען וועט קומען דער טאג, אויב דער שלאף וויל ניט קומען. מאטראזען, שלעפעריגע און מיעדע, געהן ארום לאנגזאם פון איין בארט צום אנדערען און בעהאלטען זיך ערגעץ אין א ווארימען ווינקע־לע... נור ער שטעהט אליין און קוקט אויפ׳ן וואסער, קוקט צוריק אויף יענעם ברעג, וועלכער איז שוין לאנג, לאנג פערשוואונדען גע־ווארען און פון וועלכען די שיף טראגט איהם אוועק ווייטער און ווייטער.

רייהען־ווייז טראגען זיך פערשיעדענע בילדער פאר זיינע אוי־גען. ער לעבט ווידער איבער אלעס, וואס ער האט איבערגעלעבט אין די לעצטע עטליכע יאהר אין דעם לאנד, וועלכע ער האט היינט אין דער פריה פערלאזען. מיט גרויסע פּלענער און מיט רייכע האפנונגען איז ער געקומען אין „אנקעל סעם׳ס" לאנד. ער האט געהאט פעהיג־קייטען, מען האט פון איהם אין דער היים ערווארטעט פיעלעס. די פּראזא פון דעם אמעריקאנער לעבען האט באלד א תל געמאכט פון

וועלכען די שיף טראָגט איהם אוועק אַלץ ווייטער און ווייטער.

ווען האָב איך געבראַכט דעם קרבן? פרעגט ער איצט זיך אַליין, און אַ שאַרפער ווייטאָג דרינגט דורך זיין האַרץ. וועמעס גליק וועט גרעסער ווערען דערמיט, וואָס איך האָב צובראָכען צוויי לע־בענס און צו טראָטען מיט די פיס מיין אייגען גליק? ווער איז דער גאָט, וועמען איך האָב אַזאַ בלוטיגען קרבן געבראַכט? אַ סטאַדע פערד, וועלכע הירזשעט און בריקעט און קיים שטרוי... דעם גאָט האָב איך געאָפּפערט מיט מיין לעבען, מיט מיין גליק. מיט מיינע הייליגסטע געפיהלען?

דער דונקעלער ים רוישט און שטורעמט ארום איהם און ער ליגט מיט'ן ברוסט אויפ'ן באָרט און קוקט אַלץ צוריק. ער זעהט ווייט ווינקט צו איהם אַ שטערענדיל און טראַכט אפשר בעלייכט דאָס זעלבע שטערענדיל יענע הויז, וואו ער האָט אַזוי פיעל געליטען און געפיהלט, — יענע הויז, וואו זי זיצט איצט אַליין אַ פערלאָזענע, דענקט פון איהם, און בעוויינט איהר פערלאָרענעם גליק און איהר פערלאָרענע יוגענד...



זעלע געליעבט אַן אַנדערען, ווען זי האָט דאָס דריטע קינד אויף דער וועלט געבראַכט. דאָס איז קיין נייעס פיר די, וועלכע האָבען בע־אָבאַכטעט אונזער פאַמיליען־לעבען. עס איז נור געווען אַ ביטערע נייעס פיר דעם נאַאיווען פערליעבטען און אַ טיפער האַרצווייטאָג מיט אַ שאַנדע פאַר דער פרוי...

אָבער וואָס מעהר זיי האָבען געדענקט פון צושיידען זיך, דאָס שטאַרקער האָבען זיי געמאַכט איינער צום צווייטען זייערע געפיהלען... עס האָבען זיך אָנגעהויבען סצענען פון אייפערזוכט, פון אונבפריע־דיגטע ליעבע מיט טרערען, מיט היסטעריקעס, מיט שלאָפלאָזע נעכט, מיט טרויעריגע טעג. און דאַן איז געקומען דער מאַן מיט זיינע רעכטע אַלס איהר בעל גוף און מיט זיין אַווטאָריטעט אַלס בעל הבית. אַ קליין מענשעלע איז דאָס געווען, מיט ליליפוטאַנישע שטרעבונגען, מיט אַ געמיינעם עגאָאיסטישען כאַראַקטער, מיט אַ קראַנקע פּסיכאָ־פּאַטישע זעעלע, מיט לאַנגווייליגע און אונערטרעגליכע געוואָהנהיי־טען, אָבער פאַר איהם איז געווען די גרויסע וועלט, די עפענטליכע מיינונג, די מאָראַל, די צונגען פון אַלע צוויי פיסיגע חיות. ווי ער־שטוינט איז ער געוואָרען, ווען זי, זיין שקלאַפין, האָט איהם אָפען ערקלעהרט, דאָס זי ליעבט אַן אַנדערען, דאָס זי וויל נעהמען אַלע קינדער און געהן צו איהר געליעבטען, דאָס זי קימערט וועניג, וואָס מען וועט רעדען און וואָס מען וועט זאָגען, ווער עס וועט פון איהר לאַכען, ווער עס וועט אויף איהר טייטלען מיט די פינגער. זי איז בערייט צו אַרבייטען, צו ליידען פעראַכטונג, צו טראָגען אויף זיך די שווערסטע לאַסט און זיין מיט דעם, ועמען זי האָט ליעב.

דאָ אָבער האָט זיך דער געליעבטער איבערגעשראָקען. אַרויס־געהן אָפען? דער מאַן וויינט, זיין לעבען איז איצט צובראָכען. די קינדער בלייבען אָהן אַ פאָטער. אַלע פריינד, אַלע בעקאַנטע וועלען זיך פון איהם אָבקעהרען... זיין נאָמען וועט ער מוזען פערלירען... ניין! ער וועט בעסער אָפּפערען מיט זיך... ער וועט זיך ענטזאָגען פון זיין גליק... ער וועט זיך אומקעהרען אליין צוריק אין זיין אַלטע היימאַטה... אָט וועניגסטען, וועט ער פיהלען, דאָס ער האָט געהאַנ־דעלט ווי אַ מענש, די דאַנקבאַרקייט פון איהרע קינדערס פאָטערס...

ער שטעהט אַליין און קוקט אויפ'ן וואַסער, בליקט צוריק אויף יענעם ברעג, וועלכער איז שוין לאַנג פערשוואונדען געוואָרען און פון

איהר צו שטארק געדריקט די האנד. אָבער זי האָט גאָר ניט געמיינט, זי האָט נור געוואָלט זיין לוסטיג און פריילין, ווייל זי האָט זיך געדע־כענט גליקליך . . . פאר׳ן באלל, ווען זי האָט אָנגעטאָן דאָס קלייד איז ער געווען אזוי ענטציקט, אזוי פערליעבט.

און פּלוצלונג, זי האָט זיך שוין געשטעלט וואלסירען מיט איהר קאוואליער און ער איז צוגעגאנגען, האָט א בליץ געטאָן אויף איהר מיט א בייזען בליק און האָט געזאָגט: לינע, איך געה אהיים! — אהיים? אָ! שלעכטער, האר אויס, איך וועל ענדיגען דעם וואלס... „קענסט בלייבען, אז דו ווילסט — איך געה".

און זיי פאָהרען ביידע אהיים, ער זיצט אָנטקעגען און מאַכט זיך ווי ער שלאָפט, און זי זיצט א טרויעריגע און ווייס ניט וואָס צו זאָגען... זי זעהט ניט וואָסערע פייערדיגע בליקען איהר שכן מיט זיידענע בלאָנדע וואָנסיעס ווארפט אויף איהר... זי הערט ניט ווי פון דער אנדערער זייט בעוואונדערען פּאסאזשירען איהר יונגע שעהנ־הייט — איהר ליגט קיין זאַך ניט אין זינען — ער, איהר מאקס איז ברוגז! — מאקס, וואָס איז מיט דיר? פרעגט זי מיט א ציטע־רענדע שטימע און טרערען גלאַנצען אין איהרע שווארצע אויגען און ער גיט בייז א שנאָרך מיט זיין הארבאַטע אידישען נאָז און שווייגט.

דער שכן מיט דעם בלאָנדען שנור־באָרד געהט ארוים פון וואַ־גאָן און דער שלעכטער מאקס זעצט זיך ניט לעבען איהר. — „זעטץ דיך אהער, מאקס!" זאָגט זי בעטענדיג. — ער שווייגט און ריהרט זיך ניט. ענדליך זיינען זיי שוין ביי זייער סטאַנציאָן. ער הויבט זיך אויף פריהער און לויפט... ער נעהמט זי ניט ווי שטענדיג ביים האנד, ווארט ניט אויף איהר... אזוי ווי א פרעמדער, און זי מוז מאַכען גיכע טריט, פרעמדע זאָלען ניט בעמערקען.

צום ערשטען מאָל האָבען זיך איהר אויסגעוויזען איהרע צוויי ציכטיגע צימערלעך ווי צוויי פּוסטע קברים. זי האָט זיך ביים שפּיעגעל לאנגזאם אויסגעטאָן. און ער האָט זיך, ווי ער איז געגאנגען מיט די שטיוועל און מיט׳ן פּרינץ־אלבערט, א וואָרף געטאָן אויפ׳ן קושעטקע און האָט צוגעמאַכט די אויגען... אומזיסט האָט זי א קלאַפּ געטאָן מיט׳ן שטוהל, ווען זי האָט אראָבגעצויגען די שיכלעך פון איהרע פיס, אומזיסט האָט זי עטליכע מאָל צוקאַמט און פערקאַמט איהרע לאנגע

# דער ערשטער וואלקען.

---

עס איז ערשט געווען איינס א זייגער און זיי פאָהרען שוין מיט'ן עלעווייטעד אהיים. דער לאָקאָמאָטיוו רוישט, די רעדער קלאפּען. יעדע צוויי־דריי מינוט עפענען זיך די טהירען פון וואגאָן, נייע מענשען מיט נייע קעלט רייסען זיך אריין. דער ווינד שניידט דורך און דורך, די מענשען קוקען אויף איהר מיט גוטע אויגען. און זי זיצט, נעבעך פערזאָרגט, צוטראָגען, און ער זיצט אנטקעגען א בייזער, די אויגען צוגעמאכט, גלייך ווי ער שלאָפט.

איינס א זייגער! זי האָט זיך ערשט צוטאנצט. עס איז ערשט געוואָרען לעבעדיג, פריילוך! דער באלל וועט געווים זיך פערציהען ביז פינף. דעם צווייטען וואלץ האָט מען געטאנצט ווען זי האָט אין גארדעראָב אָנגעטאָן איהר אָווערקאָוט. און אין שפּיגעל האָט זי געזעהן איהר אייגען טרויעריג געזיכט. און אויף דער פּראָגראם איז נאָך געווען געצייכענט: פּאָלקא, קאדריל, פּאָלקא מאזורקא און נאָך... און נאָך...

אך! זי האָט זיך אזוי גוט געפיהלט. די אויגען האָבען געשיינט און געבליצט, די בעקעלעך האָבען געברענט... איהר פאסט אזוי דאָס ווייסע קלייד... אין דעם זעלבען קלייד איז זי געגאנגען צו דער חופּה ערשט מיט דריי מאָנאט צוריק. אלע האָבען איהר געמאכט קאָמפּלימענטען, יעדער האָט געוואָלט מיט איהר טאנצען, און זי האָט זיך געפיהלט אזוי גליקליך. זי איז געפלויגען ווי א פייגעלע אין דער לופטען, גלייך ווי דאָס גליק פון איהר לעבען וואָלט צוגעגעבען איהר יונגען קערפּער א פּאָאר שטארקע פליגלען... פּלוצלונג איז ער בייז געוואָרען און האָט זיך אָנגעבלאָזען... איהם איז געווען אומעטיג, אָבער וואָס איז זי שולדיג? איינער פון איהרע אלטע בעקאנטע האָט

# צוויי טויטע.

1.

וואָס האָט איהר געפעהלט? האָט געפרעגט דער מאַן מיט טרע־רען און פערדרוס. וואָס האָט איהר געפעהלט? האָבען געפרעגט אַלע ווייבער און אַלע יונגע פרייליינס פון דער נאַכבאַרשאַפט.

זי איז געווען איין איינציגע טאָכטער ביי איהרע גוטע און ניט ארעמע עלטערן. זי איז געוועזן שעהן, לוסטיג, פריילִיך... גאַנץ פריה האָט שוין איהר זיסע שטימע געהילכט איבער'ן גאַנצען טענעמענט הויז... איהרע לידעלעך און איהר זילבערנער געלעכטער האָבען גע־קלונגען אָהן אַן אויפהער. אימער ליעבהאַפט, מונטער, זאָרגלאָז ווי א פויגעלע... זי איז נאָך געווען זעהר יונג און נאַאיוו, די עלטערן האָבען געפונען פאַר איהר א שעהנעם, פאַסענדען שידוך... א שעה־נער יונגער מאַן מיט געלד... אַן אייגענע דזשועלערי סטאָר מיט א ניט אָפּיציעלען קליינעם „לאָון אָפּיס"... „א סאָלידער מאַן, ניט פון היינטיגע שאַרלאַטאַנעם", האָט געזאָגט דער פאָטער... „ביי אזא מאַן וועסט דו לעבען ווי גאָט אין פראַנקרייך", האָבען איהר געזאָגט אַלע פריינד און בעקאַנטע. זי האָט חתונה געהאַט.

אשעהנע רייכע וואוינונג, גוטע מעבעל, טהייערע קארפעט, אָבער קיין לעבען: שטיל און קאַלט ווי אין א קבר, גאַנץ פריה רייבט ער די צייהן מיט א פּראָשאָק, שוויינגט דעם גאָרגעל, פּוצט דעם קאָסטיום און געהט אין סטאָר... פאַרנאַכט קומט ער עסען... עסט אָב... רעכענט ווי פיעל איז היינט אריינגעפאַלען... גענעצט און צעהן א זייגער געהט ער שלאָפען... מאָרגען דאָס זעלבע, איבערמאָרגע ווי־דער די אייגענע זאַך... זונטאג פוצט ער ניט דעם ראָק, געהט אום אין אַלטע צוריסענע הויזען, גענעצט און שווייגט... ווען זי בעט מען

שווארצע האָר, ער האָט ניט געקוקט. דאָ איז זי אויך בייז געוואָרען און איז אוועק אין איהר צימער... אויפ'ן שוועל האָט זי זיך אָבגעשטעלט און האָט איהם געזאָגט: מאַקס, טהו זיך אויס און געה שלאָפען!

ער האָט ניט געענטפערט, דאָס בלוט האָט געקאָכט אין איהם, דער צאָרן, האָט געברענט, דאָס הארץ האָט וועה געטאָן. ער האָט אליין ניט געוואוסט וואָס איז דאָס: אַ קראַנקהייט, אַ משוגעת, אייפערזוכט, ליעבע? ער איז געווען שטארק בייז און דאָך האָט ער ערוואַרטעט, אַז זי וועט צוגעהן צו איהם, שטעלען זיך אויף די קניע, ארומנעהמען איהם, וויינען, בעטען, און זי!... זי שלאָפט זיך יעצט גאַנץ רוהיג! שלעכטע, אונבארמהערציגע פרוי.

אָבער זי שלאָפט ניט. מאַקס, נעבעך, ליגט אליין אין די שטיוועל... אויף דער קושעטקע איז אזוי הארט צו שלאָפען... און שפּעטער וועט ווערען אזוי קאַלט אין שטוב און ער איז ניט צוגעדעקט... זי שטעלט אראָפּ איהר באָרוויסע פיסעל אויפ'ן קאַלטען פלאָר און געהט לאַנגזאַם און ציטערט... און ער דער גנב, מאַכט נאָך שטאַרקער צו די אויגען און ציטערט אויך.

„מאַקס, דו שלאָפסט?" פרעגט זי מיט אַ זאַנפטע שטימע — ער שווייגט. זי שטעהט אַ מינוט און דאַן ציהט זי אראָב שטיל פון איהם די שטיוועל, זי זאָל איהם ניט אויפוועקען חלילה... נעהמט אויף גיך די איינציגע ווארעמע קאָלדרע און דעקט איהם צו, ווי אַ מוטער איהר קינד... דאָ אָבער שטרעקען זיך פלוצלונג אויס אַ פּאָר שטאַרקע הענד פון אונטער דער קאָלדרע און אַ פּאָר פערטייפעלטע גנב'שע אויגען קוקען אויף איהר און ברענען... דער ערשטער וואָלקען ציהט אָב אין הינטערגרונד און די זונן שיינט ווידער...

לינאַ! פיעל וואָלקענס וועלען נאָך... אָבער שש! איך וויל זי ניט שרעקען יעצט מיט טרויעריגע בילדער.



זיין יונגע פרוי איז געלעגן אַ טויטע אין מיטען שטוב.

— וואָס האָט איהר געפעלט, האָט געשריען דער סאָלידער מאַן און האָט פערבראָכען זיינע ווייסע, פעטע פינגער...

— וואָס האָט דיר געפעלט? מיין קינד... מיין אונגליקליך קינד!... האָט געקלאָגט און געיאָמערט איהר מוטער, וועלכע איז געקומען צולויפען ווי אַ פערווירטע. איהר קינד האָט געשוויגען, איהרע ליפּען זיינען געווען פערשלאָסען אויף אייביג, נור אין איהר פערקיהלטע האנד איז געווען צוגעדריקט אַ פּאַפּירעל אויף וועלכען עס איז געווען אויפגעשריבען: „איך שטארב, ווייל איך וויל לעבען"...

.2

.... ער איז געשטאָרבען שטיל און אונבעריהמט גראָד ווי ער האָט שטיל און אונבעמערקט געלעבט... אַ שטילער, אַ גוטער, אַ וואהרער פריינד, אַ פלייסיגער ארבייטער, אַן עדלער כאראקטער, אַ צופריעדענער מענש איז ער געווען. ער האָט געלעבט — זיין פרוי און זיין 8 יעהריגער זוהן זאָלען גליקליך און צופריעדען זיין, ער האָט געארבייט שווער איבער זיינע כוחות, נור זיי זאָל קיין זאַך אין דער וועלט פעלען.

זי דארף פּראַנטירען, זי דארף שפּאַצירען, זי דארף פערגעניגען האָבען און ער דארף אַרבייטען. ווען זי לאַכט איז ער גליקליך... גע־פעלט איהר עטוואָס — מוז זי דאָס האָבען, ווייל זי ניט וואָהנען אין דער שטראַסע, האָט זי בעלעדיגט דעם הויז־קיפּער — מופּט מען באַלד, עס מעג זיין נאָך ווייטער צו געהן אין ־דער טאַבאַק פאַבריק, וואו ער איז דער פלייסיגסטער סיגאר מאַכער. ער איז אַ קראַנקער, אָבער זי דענקט דערפון ניט. ער הוסט ביינאַכט — זי שלאָפט גע־שמאַק... ער קומט מיעד פון דער ארבייט און זי איז געגאַנגען „שלאָפען"... ער מאַכט זיך אליין עסען... ער דארף אָברוהען — זי שפּילט מיט בעקאַנטע אין פּינאַקל... זיי שרייען, זי געווינט און איז גליקליך און ער איז צופריעדען און שוויגט... גאַנץ פריה איז ער שוין אויף די פיס... זי שלאָפט און ער קאָכט קאַפע — „קלאַפּ ניט מיט די פיס, אייבי! זאָגט ער שטיל צו זיין באָיטשיק, אונזער מאַמע שלאָפט!"...

ניט זי האָט איהם צוגעמאַכט זיינע אויגען, ניט זי האָט געהערט

זאָל געהן ערגעץ, טוט ער אָן אַ רייכען קאָסטיום מיט אַ צילינדער־הוט און געהט מיט איהר ביז דער 8־טער שטראַסע... דאָ זעצען זיי זיך אויף אַ באַנק; ער גענעצט און שווייגט אָדער דרעמעלט און זי זעהט הונדערטער מענשען בעוועגען זיך... קינדער שטיפען און לאַפען, יונגע לייט געהן אום לעבעדיגע, מונטערע, פריילינכע... נאָך ניט לאַנג איז זי אויך אומגעלאָפען, געלאַכט, געפּלאַפּעלט, געשטיפּט און היינט איז זי אַ סאָלידע מאַדאַם פון אַ סאָלידען מאַן!... זיי געהען צוריק — אין דער היים איז שטיל, קיינער קומט ניט... דער סאָלידער מאַן האָט פיינט בעקאַנטשאַפט, וויזיטען, אונטערהאַלטונגען. ער האָט ליעב זיין ווייב, היט אָב זיין געשעפט און אַטענדעט זיינע קאָסטי־מערס...

— וואָס פעלט דיר, מיין קינד? פרעגט איהר די מוטער, ווען זי בעמערקט טרערען אין איהר טאָכטערס שעהנע אויגען. רייכע קליי־דער האָסט דו, טייערע ציערונג האָסט דו, שעהנע פאָרניטשור האָסט דו, אה, גנב, איך וויים דו בענקסט נאָך אַ קליינעם פּופּיקעל... עס איז טאַקע אַן עולה פון דיינעם, וואָס ער געהט ניט מיט דיר צו אַ דאָקטאָר... עס איז דאָך שוין צוויי יאָהר נאָך אייער חתונה!...

די יונגע פרוי קעהרט זיך אָב און שווייגט שטיל, די צייט געהט לאַנגזאַם. מען הערט ניט אין שטוב קיין געלעכטער, זי זינגט ניט מעהר... איהרע רויטע בעקעלעך ווערען בלאַס און ער... זי בעמערקט גאַנץ דייטליך... ביי איהם וואַקסט אַ בייכעל... ער ווערט פעט און גענעצט נאָך אָפטער... זי איז טרויעריג, זי ליידעט, איהר איז שווער און ער בעמערקט קיין זאַך ניט... זי זאָגט צו איהם מיט אַ טרויעריגען שמייכעל: דו ווייסט, מיר איז אָפט אַזוי שלעכט, דאָס איך וויל בעסער שטאַרבען, ווי לעבען... און ער גענעצט אַזוי שטאַרק, אַז דער מויל עפענט זיך ביי איהם פון איין אויער ביז'ן אַנדערן און זאָגט גאַנץ רוהיג: עס איז שוין נאָך צעהן... קום שלאָפען.

איידער אַזוי צו לעבען, איז בעסער צו שטאַרבען, דענקט די יונגע פרוי אָפטער און אָפטער!... זי פערלירט איהר געזונטען זינן, די נערוועז ווערען שוואַך... די צייטונגען דערצעהלען יעדען טאָג ווי אונגליקליכע בעפרייען זיך פון זייערע צרות...

איין מאָל, ווען דער סאָלידער מאַן איז געקומען צוריק פון סטאָר, איז דער טיש ניט געווען געגרייט, אין שטוב ניט אויפגעראַמט און

# צוויי וועראַנדעס.

## (אַן עטיוד)

אַנטלאַנטיק סיטי. אכט אוהר אבענד, יולי דעם 28־טען.

אַ שעהנער אבענד. ער האָט ערשט אָבגעגעסען זיין סאַפּער, וועל־כער האָט גענומען אָנדערטהאַלבען שעה צייט. לאַקעען אין פול דרעם האָבען איהם דערלאַנגט איין געריכט נאָך דעם אַנדערען. מוזיק האָט געשפּילט און גערייצט זיין אַפּעטיט. אַלעס האָט איהם גוט געשמעקט. אַרום איהם זיינען געזעסען שעהנע דאַמען אין רייכע קאָסטיומען. עס האָט זיך געהערט אַ לעבעדיגער געשפּרעך און אַ פריילי־כער געלעכטער. די זילבערנע מעסער האָבען געקלונגען מוזיקאַליש... איצט זיצט ער אויף אַ ברייטען ראָקען טשער אויף דער וועראנדע מיט אַ גוטען סיגאַר אין האַנד. ער רויכערט, שאָקעלט זיך און העלפּט דעם מאָגען צו פערדייען דאָס גוטע עסען. די טהירען און די פענסטער פון דעם רייך אילומינירטען האָטעל זיינען אָפען. אין אַ שעהנעם זאַל שפּילט מוזיק דעם מאַרטש פון לאָנגרין און אַנקעגען איהם רוישט, ברומט און רעדט דער גרויסער אָקעאַן מיט זיין אייביגע און מעכטיגע שפּראַך. די זילבערנע לבנה און אַ גרויסע מאַסע גלענצענדע שטערנד־לעך שיינען זיך אָב אין דעם גרויסען, אונענדליכען וואַסער־שפּיגעל. ער זיצט, וויעגט זיך און רוהט. ער וויל ניט און קען ניט דענקען פון קיין זאַך, ער טרייבט פון זיך יעדעס געפיהל, וועלעכס קען, חלילה, פערדונקלען זיין פרייליכען געמיטה און זיין בעקוועמע רוה.

אָבער אויף צו להכעיס דערמאָנט ער זיך עטוואָס, וואָס היינט האָט מיט איהם פּאַסירט און זיין רויטער פּנים בעדעקט זיך מיט אַ וואָלקען... היינט האָט אַ בעקאַנטע „פילאַנטראָפּישע" דאַמע געבעטען ביי איהם אַ נדבה פיר אַן אָרעמען מאַן, וועלכער ליידעט פון אויסצעהרונג און וועלכען מען האָט פון ניו יאָרק אַוועקגעשיקט אויף דער סאוטה.

דעם לעצטען זיפץ, וואס האט זיך ארויסגעריסען פון זיין קראנקע ברוסט. אויף א פיק־ניק איז זי געווען, זי האט געטאנצט, געלאכט, „געמעטשט״ און ער איז געקומען פון פאבריק זעהר א שוואכער, האט זיך שטיל צוגעלעגט אויפ׳ן סאפא און איז שטיל אנשלאפען געווארען אין אייביגען שלאף...

שפעט ביי נאכט איז זי געקומען מיט צוויי קאוואליערען א היים, אין קארידאר נאך האט זי הויך גערעדט און געלאכט... זי האט מיט א גערויש געעפענט די טהיר... אין פראנט רום ברענט א ליכט אויפ׳ן טיש... פרעמדע מענשען זיצען... אין ערשטען צימער זיצט איהר אייבי אזוי שפעט; זיינע אויגען פערוויינט און זיין קעפיל צו־געבויגען צום טיש... זי בלייבט שטעהן ביי דער טהיר און איהר קלייד מיט איהר אפענעם האלז און נאקעטע הענד, וועלכע זיינען האלב בעדעקט מיט לאנגע שוועדישע האנדשוה... איהרע פים מיט די ווייסע סליפערס ציטערען, איהרע פינגער מיט די דיאמאנטענע רינגען לויפען איהר איבער׳ן קאפ... און ער ליגט שטיל בעדעקט מיט א שווארצען געוואנט, און אייבי הויבט אויף זיין פערזארגטע קעפעלע, קוקט אויף איהר מיט זיינע פערוויינטע אויגען און זאגט מיט טרעהרען: „מאמא! מאמא!... אונזער פאפא, אונזער טייערער פאפא איז געשטארבען״.



# אַ שווערע וואָך.

אין שטוב איז ריין און ציכטיג. יעדער צימער איז צוגעקליבען און אויסגעפּוצט, אַקוראַט ווי אין דעם גרעסטען יום־טוב. עס איז שטיל. עס הערט זיך נור ווי אין איין צימער מאַכט דער זייגער זיין גלייך־מעסיגען טיק! טאַק! טיק! טאַק! אין דעם אַנדערן צימער צוויטשערט די קליינע און שעהנע לינאַ, וועלכע שפּילט זיך אויף דעם קאַרפּעט מיט איהר גרויסע לאַלקע... אין דעם זעלבען צימער זידט דער בראַטען אויפ'ן אויוועץ שטיל, וואַרם, ליכטיג... גאַנץ איינפאַכע מעבעל, גאַנץ ביליגע בילדער אויף די וועגד, זעהר אַלטע קאַרפּעט אויף דעם פּלאָר. אָבער מיט וואָס פאַר אַ קונסט און גוסט, מיט וואָס פאַר אַ מיהע אַלעס איז צושטעלט און צוגעפּאַסט צו זיין אָרט!

לעבען אויוועץ שטעהט די ווירטהין, אַ גאַנץ יונגע פרוי, לעבען פייער האָבען זיך איהרע צוויי פולע באַקען צופלאַמט, אַזוי ווי צוויי רויטע עפּעל. איהרע שוואַרצע זיידענע האָאָר זיינען אַביסעל אין אונאָרדנונג, וואָס גיט איהר סימפּאַטישען פּנים צו מעהר חן. איהרעשוואַרצע אויגען ברענען ווי מיט פייער און אויף די ליפּען שפּילט אַ גוטער שמייכעל... אָפט קעהרט זי זיך אום און קוקט מיט ליעבע אויף איהר שעהנע און קליינע לינאַ... אָבער לינאַ איז פערנומען מיט איהר לאַלקע... זי וויקעלט איהר איין, דריקט זי צו צו איהר האַרצען און טענה'עט מיט איהר אויף איהר קינדערשען לשון... פּלוצלונג האָט זיך דער פּנים פון דער יונגער מוטער פערוואָלקענט. אויף איהרע אויגען האָבען זיך בעוויזען טרערען, דער גוטער שמייכעל פון איהרע ליפּען איז פערשוואונדען געוואָרען... זי האָט זיך אַנידער געזעצט אויף אַ שטוהל און האָט זיך טיעף, טיעף פערזאָרגט... אַך! ווער האָט געקענט וויסען אַז ער, ער, איהר טהייערער און געליעבטער איזאַק, איז

ער רויכערט בייז, וויגט זיך שטארקער און ברומט... די דאמע האט געבעטען ביי איהם א נדבה, ווען ער איז געזעסען און האט גע־שפילט אין פאוקער מיט זעהר פראמינענטע מענער. ער האט פריהער געוואלט זיך אויסדרעהען מיט א וויץ, נאכדעם האט ער געגעבען א צוויי דאלאר ביל. די דאמע האט אבער אנידער געלעגט זיין ביל צוריק און האט פרעך בעמערקט, אז פון אזא רייכען מאן נעהמט זי אזא קליינע נדבה ניט און ער האט געמוזט געבען צעהן דאלאר... צעהן דאלאר געגעבען און נאך בעליידיגט געווארען!... צוליעב וועמען? וואס האט עס צו איהם, וואס א יונגער מאן, א פרעמדער, ליידעט פון קאנסאמפשאן?

א שעהנע נאכט. ער וויגט זיך בייז אויף זיין שטוהל און קוקט אויפ'ן אקעאן. די וועלען רעדען און רוישען. די לבנה און די שטערען שווימען אינ'ם וואסער, וויגען זיך און וויגען דעם גאנצען בלויען הימעל... זיינע אויגען קוקען אין דער ווייט און ער זעהט פלוצלונג אן אנדער בילד, אן אנדערע נאטור און אן אנדער ווערטנדע:

דענווער, קאלאראדא, אכט אוהר אבענד, יולי דעם 28־טען.

א שעהנע נאכט. די לבנה בעגיסט מיט א צויבערשע ליכט גרויסע אויפ'ן אקעאן. די וועלען רעדען און רוישען. די לבנה און די שטערען פער'חלום'טער ערד. און ער זיצט אויף דער ווערטנדע איינגעוויקעלט אין א ווארימען אויבער־ראק און קוקט אין דער געהיימניספאלער ווייטקייט. קיין סאפער האט ער היינט ניט געגעסען — ער האט ניט קיין אפעטיט און זיין קראנקער מאגען פערלאנגט גאר נישט.ביים טיש איז ער ניט געזעסען, ווייל דאס הוסטען און דער זיפצען פון די איבריגע קראנקע האבען איהם זעהר געהייצט און גענערגערט. עס איז שטיל ארום איהם... ער זיצט און דענקט... ווייט אין ניו יארק איז געבליבען זיין אלטע מוטער, וועלכע האט אזוי ביטער געוויינט, ווען זיי האבען זיך געשיידעט. דארט ווארט אויף איהם זיין יונגע פרוי און זיין קליינעס איינציגעס קינד. ער קארטשעט זיך צונויף אין זיין ראקען־טשער, גיט א שטארקען הוסט און זיין קאפ בויגט זיך צו צום רוקען פון שטוהל... ער בלייבט שטיל אויף איבעריג און די שטילע נאכט... און די לבנה מיט די שטערען שווימען שטיל איבערן בלויען הימעל.

———(—0—)———

רום קלאַפּט אַזוי שטאַרק דאָס האַרץ? וואָרום ציטערן די הענט און די פּיס? שלעכטער איזאַק! ער איז ברוגז... זיעבען טעג כסדר ברוגז און ברוגז... נור מען דאַרף וואָס גיכער אָבווישען די טרערען, לאָז ער ניט וויסען אַז איך האָב געוויינט... עס האַרט מיר זעהר, וואָס ער האָט זיך אָנגעבלאָזען!

די ערשטע צייט האָבען זיי זיך געלעבט ווי צוויי טויבען אין איין נעסט. נאָך דעם איז געקומען צופליהען די דריטע טייבעלע, די שעה־נינקע לינאַ. אין זייער קליינעם נעסטעלע איז געוואָרען נאָך ליכטי־גער און פריילּיכער. זיי זיינען געוועזען אַזוי גליקליך!... פּלוצלונג... אַך! דו שלעכטער מענש!... ער איז גאָר געוואָרען אַ יוניאָן מענש... וואו עס איז גאָר דאָ אַ מיטינג, אַ פערזאַמלונג, אַ לעקטשור — איזאַק איז פון די ערשטע צוהערער. און עני, און לינאַ זיצען אַליין אין דער היים... און אַז מען זאָגט איהם, ווערט ער נאָך ברוגז...

דעם ערשטען מאָל איז ער ברוגז געוואָרען און האָט זיך באַלד איבערגעבעטען. דעם אַנדערען מאָל האָט ער זיך געבלאָזען 20 מינוט. נאָך דעם לענגער און לענגער. און זיעבען טעג צוריק ווען איך האָב זיך אונמיסטען געמאַכט אַ בייזען פּנים און האָב אָנגעהויבען שרייען און פאָדערען ער זאָל אַ שפּיי טאָן אויף די מיטינגען און זאָל זיצען לעבען זיין עני און זיין לינאַ (אַך, איהר וואָלט וויסען ווי אַזוי ער האָט זי ליעב!), איז ער ברוגז געוואָרען אויף אַן אמת... איך האָב געטריבען קאַטאָוועס און ער, דער נאַרר, מיינט ערנסט... אָוי! דו שלעכטער מענש...

צוויי טעג בין איך אויך געווען אויף צו'ן אמת ברוגז, און אויפ'ן דריטען טאָג איז מיר געוואָרען אַזוי שווער... איך האָב געוואַרט און געוואַרט, אָט וועט ער צוגעהן, אָט וועט ער נעהמען מיך פאַר אַ האַנד און וועט זאָגען: „עניטשקע!" און ער! ער קומט צו געהן ווי אַ גזלן, לאָזט אַראָב זיינע אויגען און זאָגט: גיב עסען!... גרייט מיר צו מיין געלעגער!... צו לינאַ'ן געהט ער צו, קושט זי, און שפּילט זיך מיט איהר... און איך בין איהם אַקוראַט ווי אַ פרעמדע!...

איהר מיינט איך וואָלט ניט צוגעגאַנגען צו דעם רשע־מרושע? דאָס האַרץ ציהט מיך צו איהם, און אַז ער איז ניטאָ מיין איך: ווי באַלד ער וועט נור אריין געהן, וועל איך זיך אַ וואַרף טאָן צו איהם, וועל איהם אָנהויבען קושען, בייסען, וועל איהם מאַכען אַ נאָז, וועל

אזא בייזער און אזא שלעכטער ? ! איזאק ! איזאק ! דאכט זיך אזא גוטעטשקער און אזא שטילער — ער קען זיין אזוי בייז, אזוי גרוי־זאם ! . . . און צוויי גרויסע טרערען, ווי צוויי ליכטיגע בריליאנטען, האבען זיך ארויסגעריסען פון איהרע שווארצע אויגען און זיינען צו־געשוואומען צו איהר ווייסע האלז.

אין איין אויגענבליק האט זיך איהר פארגעשטעלט דאס, וואס איז פערגאנגען אין די לעצטע פיער יאהר. דעם ערשטען מאל האבען זיי זיך בעגעגענט אויפ'ן שיף, וועלכע איז געגאנגען קיין אמעריקא. ביי־דע זיינען זיי געוועזען יונג, ארעם, שעהן, געזונד.ביידע האבען זיי גע־האט איינע שטרעבונגען — זיי האבען געוואלט פיהרען אן ארענטלי־כען און א רוהיגען לעבען אין דעם נייעם לאנד. ביידע האבען ניט געהאט קיין פריינד, זייענן געווען עלענד, פרעמד . . . ניט פיעל האבען זיי גערעדט איינער מיט דעם אנדערן ; אבער זייערע יונגע הערצער האבען איינער דעם צווייטען זעהר פיעל ענטדעקט . . . די וואהרע ליעבע האט ניט פיעל ווערטער, זי שעמט זיך אקוראט ווי די שעהנע זונן אין דעם ערשטען שעהנעם פריהמארגען אין אפריל מאנאט.

די ערשטע צייט איז זיי געווען זעהר שווער, נור זיי זיינען ביי זיך ניט אראבגעפאלען . . . די נויט האט נאך פערגרעסערט זייער ליעבע און פריינדשאפט. האבען זיי נור געהאט א מינוט צייט — זיינען זיי געוועזען צוזאמען. קיין אנדערע פריינד, קיין אנדערע בעקאנטע האבען זיי ניט געהאט. זיי האבען זיי דאמאלס ניט געדארפט : ער האט אבגע־געבען זיין גאנץ הארץ צו איהר, און איהר הארץ איז געוועזען פער־נומען נור מיט איהם . . . פאר פרעמדע איז ניט געווען אין הארצען קיין פלאטץ . . . פיעל האבען זיי זיך געפלאגט ; נור מיט פליים, ענערגי און ליעבע קען מען בעזיעגען די גאנצע וועלט . . . יעצט איז איהר איזאק א גוטער צושניידער און פערדיענט פופצעהן דאלאר א וואך. יעצט קען מען פיהרען א שעהן לעבען. זי איז א ווירטהין, — דאס וויים ער, דער בייזער מאן ; זי היט אפ יעדען סענט און האט פיינט צופיעל צו פערברענגען. און ער קען נאך האבען אזא בייז הארץ און אויף איהר זיין ברוגז א גאנצע וואך ! יא ! א גאנצע וואך, היינט איז שוין דער זיעבעטער טאג . . . אך ! דו ליגנער איינער ! לאנג האסט דו געקושט מיינע הענד, געוואלגערט זיך ביי מיינע פיס, געשריען איין ווארט : איך האב דיך ליעב, עני ! עניטשקע, עניושע ! . . . אך ! וואו־

זי אָנגעהויבען בעטען, קושען אין די אויגען...

— עני! גענוג! איך קען מעהר ניט!... פערצייה מיר!... איך האָב שוין לאַנג דיך געוואָלט איבערבעטען, נור עס איז מיר גע־ווען אַזוי שווער... אַלע טאָג האָב איך געוואַרט: אָט! אָט וועסט דו צו געהן צו מיר... און דו ביסט געווען אַזוי שלעכט...

— איך בין געוועזן שלעכט!

— יאָ! דו! נעכטען ביינאַכט האָב איך בעהאַלטען דעם קאָפּ טיעף אין קישען און האָב אַזוי געוויינט... איך האָב געמיינט אַז אונגליקליכער פאַר מיר איז ניטאָ אין דער גאַנצער וועלט...

— מיין טייערע, מיין ליעבער איזאַק! איך וועל שוין קיין מאָל ניט זיין אויף דיר בייז.

— און אויף די מיטינגען און לעקטשורס וועסט דו מיר ערלויבען צו געהן?...

— איזאַק! נאָך וואָס דאַפּסט דו דאָס, אַז איך האָב דיך אַזוי שטאַרק ליעב?...

— נאַריוניו! איך מוז דאָך וויסען, וואָס טוט זיך אויף דער וועלט; וואָס טוט זיך מיט מיינע ברידער, די אַרבייטער... איך האָב ווייניג געלערענט, מוז איך דאָך יעצט געהן הערען, וואָס זאָגען די, וואָס פערשטעהען מעהר פון אונז.

עס איז שטיל, עס הערט זיך ווי אין דעם אַנדערען צימער מאַכט דער זייגער זיין רעגעלמעסיגען טיק! טאַק! און ווי עס צוויטשערט דער פֿייגעל... און די ליעבענדע פּאָר זיצען און קוקען איינער דעם אַנדע־רען אין די אויגען און דריקען איינער דעם אַנדערען די הענד שטאַרק, שטאַרק!



איהם אויסשטעלען דעם צונג... און ער וועט באלד אָנהויבען לאכען... און אז ער קומט, דערשרעק איך מיך ווי א נארר... אָבער וויינען וועל איך... איך ניט! ניט דער הארען זאָלען אונזערע שונאים!...

גאנצע נעכט שלאָף איך ניט... איך הויב אלע ווײלע אויף דעם קאָפּ און הער מיך צו... ער פּאָפּט!... ער מיינט אז ער איז אויף מיר ברוגז; ער וויים גאָר ניט, אז איך בין אויף איהם ברוגז. און אז ער וועט מיך שוין וועלען איבערבעטען, וועל איך איהם לערנען! ווארט רב איסאקעלע! ווארט! אלע טאָג טו איך אָן דעם ראָזעווען ליף, ער זאָגט מיר פּאסט אזוי דער ראָזעווער ליף, און ער קומט, בלאָזט זיך אָן ווי אַן ענדיק און שווייגט... שלעכטער מענש! שטיי־נערנער מענש! גזלן! א! איך הער זיינע טריט, לאָז ער ניט מיינען, אז איך האָב געוויינט... לינא! קום צו מיר אויף די הענד!...

* * *

די טהיר האָט זיך אויפגעעפּענט מיט א גערויש, און ער, דער בייזער איזאק, דער שלעכטער איזאק, איז אריינגעגאנגען... ער האָט אראָבגעלאָזען די אויגען און האָט שטיל אויסגערעדט נור איין וואָרט: „עסען!"

— לינא! גיי צום פּאפּא! האָט געזאָגט די יונגע מוטער און איהר קול האָט אונווילענדיג אָנגעהויבען ציטערען און דאָס הארץ האָט זיך אָנגעהויבען וואַרפען ווי א פיש אין נעץ.

— לינא! בעבי! האָט שטיל געזאָגט דער בייזער איזאק, און האָט נאָך נידעריגער אראָבגעלאָזט דעם קאָפּ... אָבער די יונגע מו־טער האָט ניט געלאָזט דאָס קינד פון די הענד. זי איז אויפגעשטאנען און האָט זיך אנידערגעשטעלט אנקעגען דעם „אָנגעבלאָזענעם ענ־דיק"...

— בייבי! האָט געזאָגט נאָך אמאָל דער בייזער דעספּאָט...

— בעי־בי! האָט איהם נאָכגעקרימט די יונגע פרוי... דער שאָטען פון זיין פּנים איז באלד פערשוואונדען געוואָרען און אין די אויגען האָט א בליץ געטאָן א פונק... דאן האָט עני איבערגעגעבען איהם דאָס קינד, איז געשווינד ארויסגעלאָפען אין דעם אנדערען צי־מער, האָט זיך א וואָרף געטאָן אויף איהר געלעגער און האָט זיך שטארק און הויך צו־וויינט... אָבער „דער שלעכטער גזלן" האָט ניט געקענט איבערטראָגען איהרע טרערען, ער איז צוגעלאָפען צו איהר און האָט

ער איז געווען בייז און האָט געענדיגט זיין סאַפער אָנגעבלאָזען. ער האָט געקלאַפּט מיט די טעלער, האָט געריסען מיט די ציין די פליייש, גלייך ווי דער ראָסעל פלייש זאָל זיין זיין ערגסטער שונא און דעם ברויט האָט ער געקניפּט און געשציפּעט, גלייך ווי דאָס ברויט וואָלט געווען זיין „אונפארשעהמטע" פלונית'טע, וועלכע וויל נור פאַר־ניטשור אויף פסח... זי אָבער האָט געהאַט איינס אין זינען: פאַר־ניטשור אויף פסח!... און אַז דער שלעכטער „ער" האָט אויפגעגע־סען דעם לעצטען ביסען און האָט אַ רוק געטאָן פון זיך דעם טעלער מיט כעס, האָט זי פּלוצלונג געמאַכט אַ גוטען פּנים, איהרע רויטע ליפּעלעך האָבען געשמייכעלט חנ'עוודיג, איהרע שוואַרצע אויגעלעך האָבען געבלישצעט גנב'עש...

— וואָס זאָגסטו דו פאַרט אויף אונזער מייקעלע? מיט יעדען טאָג ווערט ער שעהנער... גיב נור אַ קוק ווי אַזוי ער האָט זיך צו־וואָרפען אין וויגעלע... אַ! געזונד זאָל ער זיין...

ער אָבער איז געזעסען מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגען און האָט גע־שוויגען... ער האָט זיך אפילו קיין ריהר געטאָן... זי האָט זיך אָני־דערגעזעצט לעבען איהם, האָט איהם אַרויפגעלעגט די האַנד אויפ'ן פּלייצע און האָט שטיל געזאָגט: נו, וואָס זאָגסטו דו, מאַקס, זאָל איך נעהמען פאַרניטשור?...

ער האָט זיך אויפגעכאַפּט פון זיין אָרט גלייך ווי מען וואָלט אונטער איהם אַ גאָס געטאָן זודיגע וואַסער... ער האָט אַ קלאַפּ געטאָן מיט דער טהיר, אַז די פענסטער האָבען אָנגעהויבען ציטערען... און ווייט אויף די טרעפּ האָט זיך געהערט ווי פון זיין מויל האָבען זיך געריסען ווערטער: „אַ, פערשרפ'עט זאָלט איהר ווערען! אין דער ערד!... אַ מיתה משונה!... צום טייוועל!..."

.2

עס זיינען אוועקגעגאַנגען עטליכע טעג, דער „שלעכטער" מאַקס האָט זיך שוין אָנגעהויבען פערגעסען אָן דעם פאַרניטשור און האָט זיך שוין אָנגעהויבען אונטערצושפּילען אַ ביסעל מיט דעם קליינעם מייקעלע און צו צושמייכלען זיך אַ ביסעל צו דער חנ'עוודיגער רבקה, וועלכע איז ווי אויף צו להכעיס די לעצטע טעג געגאַנגען נור אין אַ קאָרסעט מיט אַ ראָזעווע קאַפּטעלע, וועלכע האָט זי געמאַכט רייצענד

# דער מלך איז ברוגז.

— איך זאג דיר, אז מען דארף ניט קיין נייע פארניטשור אויף פסח!... זאגט דער מאן און גלאצט בייז מיט די אויגען.

— און איך זאג דיר, אז מען דארף יא! שרייט אוים מיט א דינעם קול'כעל די מיסים, און איהר געזיכט ווערט אזש בלוי און גרין פון יסורים און כעס...

— איך דארף ניט! מיר איז גוט אהן פארניטשור...

— איך דארף אבער יא!...

— מיר וועלען זעהן, ווער עס וועט אויספיהרען!...

— נו! וועלען מיר טאקע זעהן... האסט דו געהערט א ביסעל! וואס דארף איך א פראנט רום — דארטען זאלען שטעהן אלטע „טשערס״?

— דו וועסט האבען געלד, וועסט דו קויפען פארניטשור... איך וויל ניט נעהמען קיין נייען חוב אויפ'ן קאפ... איך האב נאך פאר מיין גילדערנע „וואטש״ ניט אויסגעצאהלט, איך האב נאך פאר דיינע דיעמאנטענע אויריננלעך ניט אויסגעצאהלט; דו צאהלסט אלע וואך פאר דעם וואנט־זייגער, פאר'ן קארפעט און פאר די צוויי בארהאטענע טישטיכער... און עס איז נאך דיר ווענינ — ווילסט נאך נעהמען פארניטשור... ניין! גענוג זיין א נארר און לעבען מיט אייער ווייבערשען שכל... איך וויל ניט! דו הערסט? איך וויל ניט!...

— יא! זאגט די מיסים מיט א וויינעדיגע שטימע, דו ווילסט ניט... א גאנצער גענעראל גוברנאטאר... א קלייניגקייט!... איך זאג דיר... די גאנצע וועלט נעהמט פארניטשור אויף אויסצוצאהלען, און דו ווילסט זיין קליגער פאר דער גאנצער וועלט...

ער האט ניט געענטפערט, זי איז אויך אנשווייגען געווארען...

לאַנג און אַזוי שטאַרק ברוגז איז נאָך מאַקס קיין מאָל ניט געוועזן...
אַקוראַט ערב יום טוב איז צו איהר אַריינגעלאָפען אויף אַ ווײַלע איהר פריינדין; זי איז געוועזן ענטציקט פון דעם פאָרניטשור און פון דעם פראָנט רום, ביים אָבשייד האָט זי אַ ווינק געטאָן מיט איין אויגעל און האָט פרייליך געזאָגט: נו! רבקה, האָב אַ כשר'ן פסח!

— יע, אַ כשר'ן פסח האָט רבקה געזאָגט. מיין מלך איז ברוגז...
זי האָט געוואָלט לאַכען, אָבער טרערען האָבען אָנגעפילט איהרע אויגען און זי האָט זיך געמוזט אָבקעהרען...

.3

פסח! פסח איז געקומען! דער הייליגער יום טוב, צוליעב וועלכען דער איד ערלויבט זיך אויסצורייניגען די בלאָטע פון זיין שטוב און אַראָפּצוואַרפען דעם שמוץ פון זיך אליין. דער יום טוב, צוליעב וועלכען אַ איד עסט מכות גאַנצע חדשים, כדי ער זאָל קענען אין איין וואָך זיך אָנשטאָפּען מיט קניידלעך, מיט זעמעלעך, מיט קוגלען, מיט לאַטקעס, מיט הינער, מיט באָרשט, מיט חרוסת, מיט מרור, מיט וויין, מיט עשרה מכות, מיט הגדות, מיט חד גדיא!... דער יום טוב, צוליעב וועלכען דער איד געהט אַ גאַנצען ווינטער אָפּגעריסען און אָפּגעשליסען, נור ער זאָל קענען איין וואָך פראַנטירען ווי דער גרעסטער פּאָמעשציק.

רבקה האָט אָנגעטאָן אַ נייע קלייד, האָט אויסגעפוצט איהר ליעבען מייקעלע, האָט בעדעקט דעם טיש מיט אַ ווייסען טישטוך און האָט אָנגעצונדען פיעל ליכט... זי האָט זיך גענוג אָנגעהאָרעוועט פאַר די לעצטע טעג — אָבער ווען מען האַרט דאָס? דער מלך איז ברוגז... אין אַלע הייזער איז יעצט אַ פרייד, אַ שמחה, אַלע זיינען גליקליך, צופריעדען, — אָבער מיט וואָס קען זי זיך פרייען? איהר מלך איז ברוגז... אָט הערט זי זיינע טריט... ער געהט לאַנגזאַם... די טהיר עפענט זיך און ער געהט אַריין אַ בייזער, אַן אָנגעבלאָזענער, אַ שלעכטער... זי געהט אַרויס אין בעד־רום, בעהאַלט דעם קאָפּ אין אַ קישען און וויינט שטיל.

דער בייזער מלך געהט זיך דורך אַ פּאָר מאָל איבער'ן דיינינג רום... עס איז ליכטיג, ציכטיג, ריין, אויפגעפוצט... מען מוז ווערען אויפגערעגט, אַז עס איז אַזוי שעהן אין שטוב... ער געהט דורכ'ן בעד־רום אין פראָנט רום אַריין און גיט דערווײַלע אַ קוק מיט איין

שעהן... ווען עס האָט זיך פּלוצלונג געטראָפען דאָס, וואָס האָט איבערגעקעהרט די גאַנצע שטוב מיט'ן דעק ארויף: אין פראָנט רום איז געשטאַנען א שפּיגעל, מיט א פיינעם שאָקעל־שטול... שטייטש! אז ער האָט געזאָגט: מען דארף ניט... און... און פאָרניטשור איז דאָ!? ער האָט ניט געהייסען — און פאָרניטשור איז דאָ!

ווי א משוגענער איז ער ארויסגעלאָפען פון פראָנט רום — זיין ערשטער געדאַנק איז געווען: שלאָגען! הרג'ענען! געבען פייער־דיגע פּעטש!... אָבער ער האָט דאָס ניט געטאָן... ער האָט נור א כאַפּ געטאָן אַן אַלטען טעלער און האָט איהם א שליידער געטאָן אָן דער ערד... ער האָט אויסגעגאָסען זיין פּאַרציע סוף אין סינק אריין און האָט ניט געגעסען אין דער היים קיין „דינער" — דאָס איז אויך קיין קליינינגקייט ניט...

דער הייליגער יום טוב האָט זיך אַלץ גערוקט נעהענטער און נע־הענטער, עס האָט שוין געשמעקט מיט פסח פון העסטער סטריט ביז לודלאָוו, און מאקס איז נאָך אַלץ געווען ברוגז... אך! וואָס פאר א טרויעריגען ערב יום טוב אונזער שעהנע רבקה האָט געהאַט... ביי לייטען געהען די מענער און קויפען איין וואָס מען דארף — דער שלעכטער „מאקס" האָט געשוויגען ווי א האַלץ און איז געווען קאַלט ווי אַן אייזען... עטליכע מאָל האָט מען זיך געוואָלט צו איהם חנפ'ענען — עס האָט אָבער געהאָלפען ווי א טויטען באַנקעס.

— מאקס, זאָגט רבקה, דו וועסט זיך גאָר ניט קויפען קיין נייעם קאָסטיום אויף פסח?...

— וואָס דארף איך א קאָסטיום? אבי דו האָסט פאָרניטשור.

— מאקס, זאָג, זאָל איך קויפען א נייע העטקע אונזער מייר־קעלע?...

— קויפט א נייע העטקע אייער מייקעלע!...

— דו וועסט ניט קויפען קיין נים און קיין אָראַנדזשעס, מאקס?

— איך וועל ניט קויפען קיין נים און קיין אָראַנדזשעס...

רבקה האָט אויפגעראַמט שעהן, וויסע פאָרהאַנגען אויף די פענס־טער, דעם קאַרפּעט אויסגערייניגט, אין יעדער ווינקעלע האָט גע־בלישצעט, אָבער דאָס האַרץ, דאָס האַרץ איז געווען צובראָכען: אזוי

— מיש זיך נישט — ניט אין דיינע געשעפטען, ענטפערט די מלכה און גיט דעם מלך א לייכטען פּאטש איבער די ליפּען . . . און דער מלך נעהמט ארום זיין מלכה און דריקט זי שטארק אין זיינע ארעמס... און ביידע זיינען זיי פריילין, צופריעדען, גליקליך . . .



אויג אויף רבקה׳ן: זי ליגט גאָר... וואָס איז? אפשר איז זי קראַנק?... און אין פראָנט רום איז אַזוי פיין, אַזוי געטליך רייך... אַז געסט וועלען קומען וועט דאָך זיי די אויגען ארוים קוקענדיג... געוויס, זי האָט פאַר יעדער זאַך איבערגעצאָהלט אין צווייען און איידער מען וועט אויסצאָהלען אַזאַ גרויסע סומע וועט פון דעם „פאָרניטשור" ניט בלייבען קיין שריד ופליט... אָבער וואָס טוט מען מיט די ווייבער, אַז אַ פראָנט רום מיט פאָרניטשור איז ביי זיי טהייערער פון אַלעם אין דער וועלט?

ער געהט צוריק דורכ׳ן בעד רום, די פיס מאַכען קליינע טריטע־לעך. לעבען בעט פערטשעפּעט ער זיך און בלייבט שטעהן... ער שווייגט — זי ליגט און ריהרט זיך ניט...

— רבקה, וואָס ליגסט דו עפּעס — האַ? — זי שווייגט, ער בויגט צו זיין קאָפּ נידעריגער — רבקה, ביזט ניט געזונד?...

— ניין! ענטפערט זי שטיל, טרערען הערען זיך אין איהר קול... דער שעהנער מייקעלע ציהט אוים זיינע הענטעלעך און זאָגט: פאַפּאַ! פאַפּאַ! אָבער דער פאַפּאַ ווענדעט זיך ניט צו איהם... ער בויגט זיך צו נאָך נידעריגער צו דער מאַמע און זאָגט: וואָס זשע וויינסט דו, נאַרר איינער?

— מיט וואָס זאָל איך זיך פרייען?

— איך זאָג דיר... אַ וויכטיגע זאַך — פאָרניטשור!... צאָהלען דאָך אַלע מענשען פאַר פאָרניטשור — מיר וועלען אויך אויסצאָהלען ביסלעכוויים... עס איז כדאי איבער אַ נאַרישקייט צו פאַרשטערען זיך דעם לעבען?... וויין ניט, נאַרעלע!... ניט ווילענדיג גלעט זיין האַנט איהר קאָפּ, ניט ווילענדיג קושען זיינע לי־פּען איהרע פאַרוויינטע באַקען...

— אָבער וואָס זאָגסט דו אויף מיין פאָרניטשור? פרעגט די גליקליכע מלכה אין עטליכע מינוט אַרום איהר בייזען מלך. איז שעהן?

— שעהן ווי גאָלד, ענטפערט דער מלך... שעהן, אַזוי ווי דו ביסט שעהן, מיין פרינצעסין, מיין קעניגין, מיין מלכה!... אָבער איך מיין, אַז די סאָפקע דאַרף מען שטעלען אַהער און דעם שפּיגעל אַהין...

סיזאָן און נעהט זיך קליידער טאַקי ביי אַ דרעסמייקערין... דאָס ווייס ער ניט, דער גזלן!...

— גיב עסען, מאַדאַם!... זאָגט ער נאָך בייזער. זי דערלאַנגט איהם סאַפּער און קוקט אויף איהם בגנבה פון דער ווייטער. זאָל ער שומר ומציל זיין — איצט מיט איהם רעדען!...

דער סאַפּער איז געענדיגט, דער פערוואָלקענטער פּנים איז שוין אביסעל אויסגעלייטערט; ער רייניגט שוין די ציין מיט אַ טוט־פּיק, וועלכען ער האָט זיך ספּעציעל געמאַכט פון אַ שוועבעלע.

— אייבי, זאָגט זי מיט אַ גניבה׳שע חניפה׳לע, אַ יאָ מיר וועלען מאָרגען פאָהרען אויפ׳ן פּיק־ניק?...

— מאָרגען יא!... מאָרגען נאָכ׳ן קאַלטען קוגעל.

— פאַר וואָס ניט? חאָטש איין מאָל אין יאָהר...

— איך זאָג דיר, נור פּיקניקעס ליעגען מיר אין זינען!... איך האָב דען עפּעס אַנדערע דאגות?...

זי פערשטעהט, אַז אַ פּיק־ניק איז אַ נאַרישקייט, פון וועלכע עס איז ניט כדאי צו וויינען — אָבער אַז די טרערען ווילען אָבער אויף צו לכעים ארויסלויפען פון איהרע אויגען. זי גייט ארויס געשווינד אין קיך אריין — ער, גזלן, זאָל דאָס ניט זעהן.

ער האָט אָבער די טרערען געזעהן און עס האָט איהם אַ צופּ געטאָן ביים הארצען. זי איז יונג, זי וויל לעבען, זי וויל פערגניגען האָבען. ער איז אויך נאָך יונג, אָבער די דאגות מאַכען איהם אַלט און משוגע... וואָס קען אַן אינשורענס איידזשענט זיך ערלויבען? היינט איז געלונגען איינעם איינרעדען, ער זאָל זיין טהייער לעבען פערזיכערען — פערדיענט ער אַ פּאָר סענט... און נעקסטע וואָך קען מען ליגען ארויסגעוואָרפען מיט די בעבעכעס אויפ׳ן גאַס... זי איז דאָך ניט קיין קינד, זי דאַרף דאָך פערשטעהן... אָבער טרערען? ער מאַכט עטליכע שריט, צו דער טהיר, ווערט אָבער פּלוצלונג בייז און געהט ארויס פון שטוב... ער גיט אַ קלאַפּ מיט דער טהיר, אַז די שויבען ציטערן אין די פענסטער...

— ער קלאַפּט! קלאַפּען זאָל ער מיט... ניין! זי וויל איהם ניט שעלטען. אָבער בייז איז זי אויף איהם — זי וואָלט איהם צוריסען. הער אויס, גראָבער מענש, עס וועט דיך טהייער קאָסטען.

און דער „גראָבער” איז אַראָפּגעגאַנגען איין טרעפּ האָסטיג.

# פיק־ניק.

עס איז געווען מיט א טאָג פאר'ן פיק־ניק. אלע איהרע פריינדינען און גוטע בעקאנטע האָבען זיך געקליבען פאָהרען און זי האָט אויך ניט געוואָלט בלייבען אין דער היים. זי האָט א גאַנצען טאָג געוואשען, קראָכמאלעט, געפּרעסט. זי האָט צורעכט געמאכט איהר פאר־א־יאָהריגען סיילאָר העט, האָט פערנעהט איהרע אביסעל אויף די פינגער צוריסענע גלאָווס. וואָס הייסט, זי וועט בלייבען אין דער היים? אמת, טאקע „איהרער" בלאָזט זיך א גאַנצע וואָך, אָבער וועט ער זיך דען ניט איבערבעטען פאר'ן פיק־ניק? וויים איך, דאָס קען ניט זיין! זי פרעסט, זינגט א לידעלע און דענקט מיט פערגניגען, ווי אזוי מאָרגען פריה וועלען זיי זיך איילען צום שיף, אויפגערעגטע, פריילי־כע, יום־טוב'דיג געקליידעטע, ווי אזוי די שיף וועט זיך לאנגזאם גלי־טשען איבער די קלאָרע וואסערען, א פריש ווינטעלע וועט וועהען אין געזיכט, די פאָנען וועלען פלאטערען, מוזיק וועט הילכען און פריילי־כע פּאָרלעך וועלען טאנצען. טא טי רע—רע! טאם! די—דע ראם!... זי גיט א זונג, א טאנץ און די טהיר עפענט זיך און ער איז דאָ.

— זי טאנצט גאָר, זאָגט ער בייז און ווערט נאָך מעהר אין כעס. וואָס דען ליעגט איהר אין זינען? עס געהט איהר עטוואָס אָב?... גיעב עסען!... ער פערקנייטש דעם שטערען און פערקרימט די ליפּען. זי טאנצט! הם! עס געהט איהר עטוואָס אָב?...

זי שווייגט. א סך זאכען פעהלען איהר. איהרע שיך זיינען נאָך מיט צוויי וואָכען צוריק געווען אויסגעקרימט, איהר פאר־א־יאָהריגער סיילאָר העט האָט זיך צונויף־געלאָפען און קריכט קוים ארויף אויפ'ן קאָפּ... איהר קלייד פון ביליגען בערלענטין איז שוין ניינצעהן מאָל געוואשען געוואָרען... ראָזא האקאייזען האָט א נייעם הוט צו יעדען

# אַרויסגעשטויסען.

(אַ טעגליכע זאַך.)

אכט יאָהר האָבען זיי געלעבט אַ רוהיגען, שטילען, גליקליכען פאַמיליען לעבען. ער איז געווען אַ ניוס־דיעלער און האָט געהאַט גענוג מיטלען צו לעבען און גענוג צייט צו לעזען. זי האָט ניט געדאַרפט אַר־בייטען שווער, האָט געהאַט צייט צו זיין אַ בעל־בית'טע, צו בעזוכען אַלע מיטינגען און פערזאַמלונגען, צו זיין אַ מעמבער פון פיעל קאָ־מיטעס. זיי זיינען ביידע געווען טרייע, איבערגעגעבענע, אמת'ע סאָ־ציאַליסטען... דער חילק צווישען זיי אין געווען, דאָס ער איז געווען אַ לאַנגזאַמער, אַ ביסעל קאָנסערוואַטיווער מענש און זי איז געווען אַן ענטוזיאַסטקע, פול מיט בעגייסטערונג און מיט שטרעבונגען.

אַ גאַנצע וואָך פלעגט ביי זיי זיין שטיל און רוהיג אין שטוב און נור זונטאָג פלעגען ביי זיי זיך הערען הויכע געשרייען. דאָס פלעגט זי מלחמה האַלטען מיט די געסט, וועלכע האָבען ניט געהאַל־טען פון סאָצאַליזמוס... מיט אַ גליקליכען שמייכעלע פלעגט ער זיך צוהערען, ווי היים און ליידענשאַפטליך זי דיסקוטירט, און פלעגט איהר קומען צו הילף, ווען דער פיינד פלעגט זיין צו שטאַרק... איהם האָט זיך גאָר ניט גע'חלום'ט, אז עס וועט קומען אַ צייט, ווען זי וועט פיהרען אַזעלכע פייערדיגע דיסקוסיאָנען מיט איהם אליין...

די פּאַרטיי האָט זיך צושפּאָלטען. ער אַלס רוהיגער און קאָנסער־וואַטיווער כאַראַקטער, איז געבליבען מיט די „אַלטע" זי איז אַריבער צו דער אָפּאָזיציאָן... פון אָנפאַנג האָבען זיי ביידע דאָס ניט ערנסט גענומען... זיי פלעגען זיך קריגען מיט אַ גוטען מוטה און פלעגען בלייבען גוטע פריינד ווי פריהער...

— געה שוין, געה שוין, מאַדאַם אָפּאָזיציאַ, פלעגט ער זאָגען מיט אַ גוטען שמייכעלע...

די אנדערע טרעפ לאנגזאם, ביי דער דריטער האט ער זיך אָבגעשטעלט.
„זי וויינט, נעביך, איז דען ניט א רחמנות? וואס איז זי שולדיג?...
ער פערקערעוועט צוריק די האלאבליעס און קלאפט אן שטיל אין זיין
איינענער טהיר. א פערוויינטע שטימע פרעגט איהם: ווער איז דאס?
— איך! ענטפערט ער. זי עפענט די טהיר און בעטראכט איהם מיט
ביידע פערוויינטע אויגען.

איהר דארפט ניט אלץ וויסען... מיט איין ווארט, זיי זיינען
ביידע געווען אויפ'ן פיק־ניק. זי האט געטאנצט, געלאכט ווי א זארג־
לאזעס קינד, און ער האט פערגעסען אן זיינע אינשורענס ביזנעס, האט
זיך געקאטשעט אין גראז און געזונגען אין כאר...

צוריק פארענדיג איז אויף איהם פלוצלונג אנגעפאלען דער מע־
לאנכאלישער משוגעת. זי האט איהם אבער געהערט ווי דעם פאר־א־
יאהריגען שנעע. זי האט אויסגעפיהרט: זי איז געווען אויפ'ן פיק־ניק...
זי וויל ניט דענקען וואס שפעטער וועט זיין. זי איז איצט גליקליך
און צופריעדען... טויזענדער פייערלאך בעווייזען זיך פון דער ווייַ־
טען... ניו יארק מיט זיינע דאגות, שטויב און אייניגע גאסען טרעט
צו נעהנטער... זי קימערט עס ווייניג — זי לאכט, שטיפט און זינגט...
גליקליכע צייט...



— געהט אליין אַלע אהין.

— גיב מיר עסען! גיט ער אַ געשריי מיט כעס.

— עסען?... קענסט אליין נעהמען אז דו ווילסט, — ענטפּערט זי און גיט אַ קלאַפּ מיט דער טהיר.

איין מאָל איז זי געקומען זעהר שפּעט אין דער נאַכט פון אַ מיטינג. פריהער, ווען זיי האָבען בעלאַנגט צו איין פּארטיי, האָט עס איהם ניט געאַרט. איצט אָבער איז זי געוועזן אינ'ם שונא'ס לאַגער און דאָס האָט איהם אויפגעבראַכט. מיט אַ בייזען מורמעל האָט ער איהר געעפענט די טהיר און האָט געזאָגט: דאָס צווייטע מאָל, ווען דו וועסט קומען אַזוי שפּעט, וועל איך דיר ניט עפענען די טהיר און דו וועסט נעכטיגען אין דרויסען...

— אויף אייך אַ קשיה!... אַז מען קען ארויסשטויסען הונדערטער קאַמעראַדען פון אַ פּאַרטיי, קען מען אויך ארויסשטויסען די ווייב פון שטוב... עס איז אַ מעגליכע זאַך!

— עס איז אַ מעגליכע זאַך האָט ער איהר נאָכגעקרומט מיט אַ בייזע מינע....

— נו, שטוים מיך ארוים.

— מעגסט זיך ארויסשטויסען, האָט ער געענטפּערט, ווי איהר האָט זיך אויסגעוויזען, גאַנץ גלייכגילטיג. אין דער ווירקליכקייט אָבער האָבען זיינע רייד איהם אליין געגעבען אַ שטאָך אין האַרצען.

זי איז געבליבען שטעהן אַן ערשטוינטע. דאָס איז ער, מיט וועמען זי האָט אָבגעלעבט אַזוי פיעל יאָהר אין פריעדען? האָט די פּאַרטיי צוזאַמען מיט די הונדערטער קאַמעראַדען ארויסגעשטויסען אויך זי פון איהר אייגענע הויז, פון זיין האַרץ... און האָט צובראָכען און צושטערט איהר גליק, איהר לעבען?



— אוי, דו לא־יעלה ויבואניק, פלעגט זי ענטפערן און זיי האָבען ביידע געלאַכט. נאכדעם האָבען זייערע דיסקוסיאָנען אָנגעהויבען צו פיהרען צו קליינע סצענקעלעך... אונבעמערקט פלעגען זיך ביידע אריינציהען אין א פייט; ניט קיין גוטע, גראָבע ווערטער פלעגען זיך אונגערען אראָבהייסען פון די ליפּען און אז זיי פלעגען ענדליך אויפהערען, האָט יעדער געפיהלט, אז עס בלייבט ביי איהם א טראָפּען גיפט אין הארצען...

— מען וועט אייך באַלד ארויסטרייבען פון דער פּארטיי, רייצט ער זיך מיט איהר...

— דאָס וועט איהר אַלע ניט דערלעבען!... ארויסטרייבען אונז פון דער פּארטיי הייסט: ארויסטרייבען די גאַנצע פּארטיי...

— אזוי גאָר?... א קליינינגקייט! איך זאָג דיר!...

— דו זאָגסט אזוי, ווייל דו האָסט קיין שכל ניט, זאָגט זי בייז.

— אזוי! דער גאַנצער שכל איז ביי דער „אָפּאָזיציע"...

ווען מען האָט די אָפּאָזיציאָן ארויסגעשטויסען האָבען זיך ביי זיי אָנגעפאנגען ביטערע און ערנסט מחלוקות... ביידע צדדים האָבען זיך פאָרטגעריסען ווייטער: זיי פלעגען אָנפאנגען פון פּרינציפּען און פלעגען אריבער געהן צו פּערזענליכקייטען... און עס פלעגט זיך אָפט ענדיגען מיט גראָבהייטען פון זיין זייט און מיט טרערען פון איהר זייט... און זיי פלעגען אומגעהן עטליכע טעג טרויעריגע, ברוגז'ע, צוקריעגטע.

— אָט האָסט דו דיר, דיין דעליאָן, זאָגט זי מיט פּעראכ־טונג...

— געוויס, דיין מילער איז בעסער...

— ווּפיעל חסרונות ער זאָל ניט האָבען, שטעהט ער דאָך הע־כער פון פּופּציג דע ליאָנס.

— און איך זאָג דיר, אז איין וואָרט פון דע־ליאָנ'ס מויל איז מעהר ווערטה פון אייער גאַנצע אָפּאָזיציאָן.

— איין וואָרט דאָס איז געוויס, דאָס וואָרט „פּייקער".

— איהר זייט אַלע פּייקערס...

— דו ביסט אליין א פּייקער, שרייט זי אויס און ווערט בלאַס.

— צום שווארצען יאָהר אַלע.

שטאַרק געבויטער יונגער מאַן מיט גרויסע ברעננדיגע שוואַרצע אוי־
גען — האָט זי זיך פערגעסען אוועק צוגעהן... און ער? איהם איז
אויך שוין לאַנג צייט געווען צו געהן צוריק אין זיין ענגען צימער —
מיט'ן זונגען אויפגאַנג מוז ער זיין אויף די פיס... אָבער לעבען
איהם איז געזעסען אַזאַ שעהנע יונגע שכנה מיט ווייסע זיידענע לאָ־
קען, מיט בלויע גלענצענדע אויגען... און די לבנה מיט די שטע־
רענדלעך האָבען זיך אַראָבגעלאָזט פון הימעל און האָבען זיך אַראָב־
געלאָזט פון הימעל און האָבען זיך אנידער געלייגט אויפ'ן וואַסער
ביי זייערע פיס... און איבער זייערע קעפּ האָבען שטיל געוויס־
פּערט די בלעטער פון די בוימער...

.2

מיט אונגעדולד פלעגען זיי ביידע ערוואַרטען די גליקליכע שעה,
ווען זיי וועלען ווידער קענען זיין אין בעליעבטען פּאַרק. ווי דורך א
צופאַל פלעגען זיי זיך טרעפען אויף דעם אייגענעם אָרט, אויף דער־
זעלבער באַנק, אַזוי ווי צוויי שטומע זיינען זיי געזעסען איינער נעבען
דעם אַנדערען. די ליפּען האָבען געשוויגען, אָבער די אויגען האָבען
געברענט און די באַקען די האָבען געפלאַמט... און דאָס האַרץ? דאָס
האַרץ האָט מען אָפּט געמוזט צוהאַלטען מיט'ן האַנד אַז עס זאָל זיך
ניט אַרויסרייסען פון פרייד און שרעק...

זיי האָבען געשוויגען, די מינוט ווען זי וועט עפענען איהר שעה־
נעם מויל און וועט איהם עטוואָס פרעגען, האָט איהם געשראָקען ווי
דער טויט... ער האָט נאָך ניט פערשטאַנען קיין ענגליש... און זי
האָט געשוויגען, ווייל זי האָט זיך געשעהמט צו רעדען. זיי איז אָבער
ניט לאַנגווייליג געווען צו זיצען און שווייגען, וואָרום זייערע הערצער
האָבען גערעדט, די נאַטור און אַלעס וואָס אַרום זיי האָט יעדערען פון
זיי זעהר פיעל געזאָגט און פערשפּראָכען.

די ליעבע האָט ענדליך אויפגעשלאָסען איהרע ליפּען. זי האָט
געווענדעט איהרע אויגען צו איהם מיט א ציטערנד שטימע האָט זי
געפרעגט: „וואַט טיים איז איט? פּליעז...‟ דאָס בלוט האָט זיך
א וואָרף געטאָן אין איהר קאָפּ און זי איז געוואָרען רויט ווי אבליהענ־
דע ראָזע... איהר שטימע האָט איהם געקלונגען ווי א כאָר געזאַנג
פון ענגלען, און ווי אַן אורטהייל צום טויט... ער האָט געוואָלט עט־

# די שטומע ליעבע.

(א ניו יארקער ראמאן.)

.1

זייט איהר אמאל געזעסען פאר זונען־אונטערגאנג אין איסט־ריווער־פארק? הינטער אייך הויבען זיך שטופען־ווייז אלטע בוימער, פאר אייערע אויגען רוישען די שטירמישע וועללען פון טייך, גרויסע און קליינע שיפעלעך שניידען דורך די וואסערען, לויפען אום לעבע־דיג און פרייליך אהין און אהער... און דארט פון יענער זייט וואסער א קליינער אינזעל איינגעטונקט אין גרינס... און נאך ווייטער בוימער, בלויע און וויסליכע וואלקענס אין א נעבעל, וואס ציהט זיך פון אקעאן.

אהער פלעגט ער קומען יעדען פארנאכט אפרוהען זיך נאך זיין שווערער ארבייט. ער האט ליעב געהאט צו זיצען ביים ברעג טייך, קוקען אין דער ווייט און דענקען... דער קליינער פארק פלעגט איהם דערמאנען אדעסער בולוואר... און אז א ווינטעלע פלעגט ברענגען פון אקעאן פרישע זעע־לופט — האט ער געמיינט אז ער זיצט נעבען „שווארצען מעער", דארט ווייט, דארט ווייט, וואו ער איז אויסגעוואק־סען, וואו ער האט פערבראכט זיינע בעסטע יאהרען, פון וואנען שלעכ־טע אומשטענדען האבען איהם פערשטויסען אין א פרעמד לאנד.

זי האט ליעב געהאט דעם פארק, ווייל דא איז פרישע געזונדע לופט, ווייל דא שפאצירען יונגע לייט, ווייל דא רוישען שטארק די וועללען, זינגען פרעהליך און הילכיג די פויגעלעך און די זונן און די לבנה שיינען פריי און העל. דעם ערשטען מאל האט זי זיך געזעצט לעבען איהם אויף א באנק, ווייל עס איז קיין אנדער פלאטץ ניט געווען, אבער ווען זי האט בעמערקט אז לעבען איהר זיצט א שעהנער,

# אַ תקיעת כף.

אין גרויסען בית המדרש האָט מען ערשט אָפּגעדאַווענט מנחה. אין דער גרויסער געביידע איז געוואָרען שטיל און דונקעל. אין שוהל־הויף האָבען מיינע חברים געשפּילט אין „מלך שיק דיין שליח" איך האָב אָבער מורא געהאַט אליין דורכצוגעהן דורכ'ן פינסטערען פּאָ־לעש און האָב זיך נאָהענט צוגערוקט צום אַלטען ר' ישעיה סלאַוועס. ער איז געזעסען אין אַ ווינקעלע, די פאַרנאַכטיגע שאָטענס האָבען איהם אין גאַנצען איינגעוויקעלט אין אַ דונקעלהייט און איך האָב נור גע־זעהן דעם גלאַנץ פון זיינע אויגען. ארום איהם זיינען געזעסען פינף זעקס בעלי בתים, וועלכע זיינען אין גאַנצען איינגעזונקען געוואָרען אין אַ תהום פון שטילקייט און פינסטערנים. א'ן ערשראָקענער האָב איך זיך אָנגעשפּארט אויף ר' ישעיה סלאַווע'ס קניע און געגען מיין ווילען האָב איך זיך צוגעהערט צו זיין ערצעהלונג:

די געשיכטע האָט פּאַסירט אין וויטעבסק, — האָט ער געזאָגט, און זיין שטימע האָט געקלונגען אַזוי ווי מען רעדט אין אַ חלום. עס איז ניט קיין אויסגעטראַכטע בבא מעשה — עס איז פערשריבען אין פּנקס. מיט אַ לאַנגע צייט צוריק זיינען אין וויטעבסק געווען דריי יונגע לייט, וועלכע זיינען געווען דער גאַנצער שטאָט בעקאַנט אונ־טער'ן נאָמען „די דריי בעלי־בית'לעך"... זיי זיינען אַלע דריי געווען גרויסע לומדים, גרויסע חריפים. צוויי פון זיי זיינען געווען איידעם'ס ביי די גרעסטע גבירים פון שטאָט, דער דריטער איז געווען אַן איידעם ביי אַן אָרעמען גמרא מלמד, וועלכער איז אויך געווען אַ מופלג ומושלם בתורה. די צוויי רייכע בעלי ביתלעך זיינען שטענדיג געגאַנגען אין „ראַצעמאַרענע" בעקעשעס. האָבען געהאַט זיידענע טליתים מיט זילבערנע עטרות, האָבן געטראָגען שעהנע שוואַרצע שטי־וועלעך מיט אַ זינגענדיגען סקריפּ און דער אָרעמער בעל בית'ל איז

וואָס זאָגען, נור די שאנדע און שרעק האָבען פערשטעקט זיין שטימע און פון זיין ברוסט האָט זיך ארויסגעריסען א געבריל: אוה־הו!

„ווי לאנג ביסט דו אין לאנד?" האָט זי ווידער אויף ענגליש געפרעגט מיט א גוטען שמייכעל אויף איהרע ליפען. טרערען האָבען איהם געשטיקט: פערדרוס, שאנדע, שמערץ האָבען איהם פערניכ־טעט... ראש איז ער אויפגעשטאנען פון זיין אָרט און האָט שטיל געזאָגט: „איי... אי... קען נאט... אי קען נאט!"...

.3

. . . . קען נאט? ! די נאטור וויים ניט פון „אי קען נאט"....
די ליעבע לאכט פון ענגלישען לעקסיקאָן, די יוגענד פערשטעהט אויפ'ן וואונק, די אויגען זיינען די שטארקסטע רעדנער אין דער וועלט... אין איינע פון די שעהנסטע ניו יאָרקער זומער נעכט, ווען די לבנה האָט בעגאָסען דעם שטילען איסט ריווער מיט א גאנצען ים שטראהלען, ווען די גלענצענדע שטערענדלעך האָבען פריילין גע־וואונקען און שטיפענדיג געשוואומען איבער'ן הימעל, ווען דער רוי־שענדער ניו יאָרק האָט געדרעמעלט און אין פארק זיינען געזעסען אויף איין באנק צוויי יונגע לעבענספּאָלע געשעפּפע, אין דער צייט האָ־בען זיי ענדליך ענטדעקט איינער דעם צווייטען אלעס וואָס זיי האָבען געפיהלט, ער האָט צוגעגוויגט צו איהר זיין ברענענדיגען קאָפּ און זיינע בלאסע ליפען האָבען מיט א פערדאָרבענע ענגלישע שפּראך קוים אויסגעדריקט נור דריי ווערטער: „אי לאָוו יאו" האָט ער גע־זאָגט און ניט מעהר... אָבער עס איז געווען גענוג. א מיליאָן גע־דונגענע רעדנערס, א צוויי טויזענד געשריבענע ראָמאנען וואָלטען ניט געקענט אזוי פיעל זאָגען און אזוי פיעל ערקלעהרען...

זי האָט מיט איהרעביידע הענד ארום גענומען זיין הייסען קאָפּ און זיי זיינען געבליבען שטיל... שטיל זיינען געשטאנען די בוימער לעבען זיי, שטיל איז די לבנה אריין געשוואומען אין א שוואר־צען וואָלקען און אויף איין מינוט פערשוואונדעט געוואָרען... שטיל איז געווען אין הארץ...

—(—0—)—

ביי זיינע חברים — זיי האָבען איהם ניט געזעהן. עס איז געוואָרען א גרויסער ליאַרם אין שטאָט, מע האָט געזוכט, געפרעגט אין אַלע היי־זער, געררעדט פון זיין וואונדערליכער פערשווינדונג און קיינער האָט ניט געקענט פערשטעהן, וואָס האָט זיך מיט דעם יונגען געטראָפען.

בקיצור, עס איז אוועק א טאָג, עס איז א וואָך, עס איז אוועק א חודש — לייבעלע איז ווי אין וואסער אריין. יאָהרען, צעהנדליגער יאָהרען זיינען אוועק, די אונגליקליכע רבקה האָט אויסגעוויינט איהרע אויגען. פון א יונגע עגונה איז זי געוואָרען שוין אן אַלטע, שוואכע אידענע — לייבעלע איז ניט געקומען.

אזוי איז אוועקגעגאַנגען פופציג יאָהר...

די דונקעלהייט איז געוואָרען געדיכטער און שוואַרצער; פון ארון קדוש צום בעלעמער האָבען זיך געצויגען גרויסע שאָטענס. איך האָב מורא געהאַט צו אָטהעמען פריי און האָב נאָך נידריגער אָנגע־בויגען מיין קאָפּ צו ר׳ ישעיה׳ס קניע. אין דער ווייבערשער שוהל האָט עטוואָס א קלאַפּ געטאָן און אין מיר איז פערקילט געוואָרען דאָס בלוט. און ר׳ ישעיה האָט מיט זיין שטילער מאָנאָטאָנער אזוי ווי א פערטראַכטע שטימע פאָרטגעזעצט.

פופציג יאָהר איז אוועק פון יענער שרעקליכער נאַכט, ווען דער יונגער מאַן ר׳ אריה לייב מתמיד איז פערשוואונדען געוואָרען. זיין עגונה איז שוין לאַנג געשטאָרבען. זיינע צוויי חברים, וועלכע זיינען געוועזען די גרעסטע גבירים און שוהל פיהרער, האָבען שוין אויך ניט געלעבט. אַלע האָבען שוין אָנגעהויבען פערגעסען די וואונדערליכע געשיכטע, ווען אין שטאָט איז געוואָרען פּלוצלינג א גרויסער רעש און דער שרעקליכער סוד איז מגולה געוואָרען...

אין דער שטאָט וויטעבסק איז געוועזען זעהר אַן אַלטער בית עולם; ווייט אונטער׳ן שטאָט לעבען בית עולם איז געשטאַנען א הילצערנע טהרה שטוב, וואו עס האָט געוואָהנט דער אַלטער קברות מאַן, וועל־כען אַלע האָבען גערופען דוד באַטיקא. ער איז געוועזען א זקן פון הע־כער אכציג יאָהר און איז העכער זעכציג יאָהר געוועזען א קברות מאַן. ויהי היום דער אַלטער דוד באַטיקא איז קראַנק געוואָרען און די צייט איז געקומען, ווען ער אליין האָט געדאַרפט געבראָבען ווערען דאָרט, וואו ער האָט בעגראָבען אזוי פיעל אידישע מתים. (ווען ר׳ ישעיה האָט אויסגערעדט דעם וואָרט „מתים״, האָט זיך מיר אויסגעוויזען,

נעביך געווען זעהר אָרעם געקליידעט. די רייכע בעלי בית'לעך זיינען געווען גרויסע שטיפערס, בעריהמער און האָבען גערעדט שטענדיג מיט גאוה און חוצפה, דער אָרעמער איז געווען שטיל, ווי א טויב און אן ענו, ווי משה רבינו. די רייכע איידעמס ווי מען האָט זיך נאכדעם דערוואוסט, האָבען אין דער שטיל געשפּילט אין קאָרטען און אויך געטאָן נאָך ערגערע און מיאוסערע זאכען. דער ארעמער איי־דעם האָט געהאט זיין ווייבעל, איז געווען ריין און כשר און איז געווען א גרויסער מתמיד. די צוויי רייכע איידעמס זיינען געווען געזונטע און שטארקע יונגע לייט — בלוט און מילך, דעם מלמד'ס איידעם איז נעביך געווען אויסגעדארט און אויסגעטריקענט און אויף זיין בלייכען פּנים האָט גערוהט די שכינה.

אמאָל אין א פינסטערע נאכט, ווען דעם גמרא מלמד'ס איידעם האָט פערלאָשען דאָס ליכט אין זיין אַלקעריל און האָט זיך צוגע־לעגט אָפּרוהען, האָט פּלוצלונג אימיצער שטיל א קלאַפּ געטאָן אין פענסטער, און אַן אונבעקאנטע שטימע האָט געזאָגט: „ר' אריה לייב, זייט־זשע מוחל, קומט ארויס, אויף א מינוט. עס איז זעהר א וויכטיגע זאך.

— דו שלאָפסט, לייבעלע? האָט געפרעגט די יונגע רבקה א דער־שראָקענע. זי האָט געהערט, אז א איד רעדט אונטער'ן פענסטער און האָט זיך זעהר דערשראָקען, זי האָט אליין ניט געוואוסט פאר וואָס.

דער חריף ומתמיד ר' אריה לייב האָט ניט געשלאָפען, ער האָט ניט געקענט איינשלאָפען גיך, ווען ער פלעגט זיצען שפּעט ביי דער גמרא. ער איז אויפגעשטאנען, האָט אויפגעגאָסען נעגעל וואסער, האָט זיך אויף גיך אָנגעטאָן און איז שטיל ארויס געגאנגען פון טהיר. רבקה האָט געהערט ווי די טהיר פון הויז האָט א סקריפּע געטאָן, זי האָט געהערט זיינע טריט אויפ'ן גאס... אימיצער איז צו איהם צוגע־גאנגען, נאכדעם איז געוואָרען שטיל. מיט א פערקילט הארץ האָט זיך רבקה לאנג צוגעהערט — שטיל. זי איז צוגעלאָפען צום פענסטער — קיינער ניטאָ. לאנג איז זי געזעסען און האָט געוואַרט, א נאכט האָט זי ניט געשלאָפען — לייבעלע איז ניט געקומען. אין דער פריה האָט מען געשיקט אין בית המדרש, וואו לייבעלע פלעגט אָפט לערנען גאנצע נעכט — מע האָט איהם דאָרט ניט געפונען. מע איז געלאָפען פרעגען

איהם פערדראָסען און זיי האָבען זיך בעשלאָסען אָפּטאָן איהם א שפּיצעל. זיי האָבען איהם פערנאַרט אין בית המדרש, איינער פון זיי האָט איהם א שליידער געטאָן אויפ'ן גרויסען טיש, דער אַנדערער האָט אראָבגענומען זיין רימענעם גאַרטעל און האָט איהם אָנגעהויבען קאַטעווען... וועה איז מיר! ווען איך האָב איהם מטהר געווען, האָב איך אליין געזעהן די פּאַסען אויף זיין אויסגעדאַרטען גוף...

ווי לאַנג זיי האָבען איהם געשמיסען האָבען זיי ניט געוואוסט... נור זיי איז א קשיה געווען, וואָס איז דאָס, וואָס ליבעלע האָט זיך ניט געוואָרפען און ניט געשריען. זיי האָבען זיך א וואָרף געטאָן צו איהם — ער איז געווען טויט... רבי! איך האָב געגעבען א תקיעת כף און האָב ביז מיין טויט געשוויגען ווי א שטיין.

פיעל יאָהרען זיינען אַוועק און דער איינדרוק פון ר' ישעיה סלאַוועס ערצעהלונג איז נאָך ניט אויסגעמעקט געוואָרען פון מיין זכרון... איך זעה נאָך פאַר מיינע אויגען דעם דונקעלען בית המדרש, איך זעה די שוואַרצע פיגורען פון די אויפמערקזאַמע צוהערער און הער די מאָנאָטאָנע שטימע פון דעם ערצעהלער... אה! ווי גליקליך בין איך דאַמאָלס געווען, ווען דער שמש האָט ענדליך אָנגעצונדען די ליכט ביים עמוד און די שרעקליכע שאָטענס זיינען פערשוואונדען געוואָרען.



אז דער פרוכת פון ארון קודש האָט זיך אָנגעהויבען בעווענען און א הויכער ווייסער שאָטען האָט אַ פליטער געטאָן אויפ'ן בעלעמער און איז פערשוואונדען געוואָרען).

פאר זיין טויט, האָט דער קברות מאָן געשיקט רופען דעם רב און האָט געזאָגט: „רבי, פופציג יאָהר האָב איך געטראָגען א שווערע משא אין מיין הארצען, פופציג יאָהר האָב איך געטראָגען פערבאָרגען א שרעקליכען סוד. איך האָב געוואוסט, וואו ר' אריה לייב מתמיד, זאָל ער מיר מוחל זיין, און האָב ניט געקענט דערצעהלען, ווייל איך האָב געגעבען א תקיעת כף. עס איז געווען זעהר שפעט ביי נאכט, ווען מע האָט געגעבען דריי שטארקע קלעפ אין דער טהיר פון טהרה־שטוב. איך האָב פערשטאנען אז מען האָט געבראכט א ברמנן און האָב זיך געוואונדערט, וואָס איך האָב ניט געהערט, ווען דער וואָגען איז געפאָהרען. איך בין זעהר נשתומם געוואָרען, ווען איך בין ארויסגע־גאנגען און האָב דערזעהן צוויי אידען און אויף דער ערד לעבען זיי א טויטען. עס האָט מיר אָבגענומען דער לשון, ווען איינער פון זיי האָט מיך א כאפ געטאָן ביים קארק און האָט א געשריי געטאָן: דוד, גיב א תקיעת כף דאָ אונטער'ן רקיע השמים, אז דו וועסט קיין מאָל ניט מגלה זיין דעם סוד!.. רבי, איך האָב געגעבען א תקיעת כף! די צוויי אידען זיינען געווען די רייכע בעלי ביתלעך, ווי מע האָט זיי דאמאָלס גערופען, און דער בר מנן איז געווען ר' אריה לייב מתמיד.

מיר האָבען איהם מטהר געווען, און גיך אויסגעגראָבען א קבר און פארטאָג נאָך מקבר געווען. ער ליגט אין דער לעצטער שורה פון דעם אלטען פעלד, ביים פארקען... איך האָב ניט איין מאָל גע־וויינט, געזאָגט תהלים און געבעטען מחילה אויף דיעזען קבר... א צדיק איז ער געווען און איז געשטאָרבען מיט א שרעקליכען טויט.

זיי האָבער זיך פאר מיר מודה געווען, ווי אזוי זיי האָבען איהם דער'הרג'עט. זיי האָבען געטראָגען א שנאה אויף איהם דערפאר וואָס ער איז געווען פיינער פון זיי און אויך דערפאר, וואָס איהם האָט מען געהאלטען פאר א גרעסערען למדן... יענע נאכט האָבען זיי געזעהן, ווי אזוי ער האָט זיך געלעגט שלאָפען מיט זיין שעהנער ווייבעל און ווייל זיי האָבען געהאט מיאוסע ווייבער, האָט זיי נאָך ערגער אויף

# קענט איהר דאָס בעשרייבען?

(אַ פאַקט.)

ווערטהער הערר! איך האָב עטליכע מאָל געלייענט אייערע עט־ליכע ערצעהלונגען פון אונזער טרויעריגען לעבען אין די פעקטאָרים און אין די שאָפּס. איך בין אליין אַן ארבייטערין און בין אַזוי מקנא די פערפאַסער, וואָס פערפאַסען פערשיעדענע געשיכטעס. ווען איך זאָל קענען שרייבען, וואָלט איך ניט געדאַרפט פערפאַסען. איך וואָלט פשוט נור בעשריבען די ווירקליכקייט, איך וואָלט נור דערצעהלט דאָס וואָס עס קומט פאָר ארום מיר.

גוטער הערר, אַזוי ווי איהר בעשעפטיגט אייך מיט שרייבען, וויל איך אייך דערצעהלען, וואָס עס איז אַמאָל פאָר מיינע אויגען פאָרגעקומען אין דער פעקטאָרע, וואו איך ארבייט און איהר זאָלט זיין אַזוי גוט און דאָס בעשרייבען. איהר זאָלט עס בעשרייבען אַזוי, אַז אַלע ארבייטער, וואָס ווילען ניט דענקען פון זייער פינסטערע לאַגע זאָלן פערציטערט ווערען און אַלע, וואָס האָבען קיין רחמנות ניט אויף אונז זאָלען זיך כאָטש אויף איין אויגענבליק פערשעמען.

איהר נאָמען איז געווען שיינדעלע. זי האָט געמעגט האָבען אַזאַ נאָמען. זי איז געווען שעהן ווי די ליכטיגע וועלט. זי איז געווען אַלט פופצעהן יאָהר און איז געווען שטאַרק און ענטוויקעלט ווי אַ פוליעה־ריגע פרוי. געבויט ווי אַ ריעז און איז דאָך געווען שטיל און נאַאיוו ווי אַ קינד. איהרע צוויי רויטע בעקעלעך האָבען אויסגעוויזען אין שאָפּ ווי צוויי פרישע ראָזען... איהרע שוואַרצע צוויי אויגען האָבען געלויכטען ווי צוויי שטערען, און וואָס אָבער מיר אַלע האָבען אַם מיינסטען בעוואונדערט, דאָס איז געווען איהרע לאַנגע זיידענע לאַ־קען, וועלכע האָבען געבילדעט אַ שעהנע ראַמע צו איהר געזיכט און זיינען ווי שווערע שטיקער זיידענס געפאַלען אויף איהרע פּלייצעס.

ניט וואס צו טאן... און די אָרימע שיינדעלע שרייט נעבעך ניט מיט איהר קול... ענדליך ווען מען איז שוין געפאלען אויפ'ן שכל אבצור־שטעלען דעם „אינדזשען" איז שוין געווען שפעט, די האָאר מיט'ן הויט האט עס אראפגעריסען פון איהר קאפ און איהר האלז איז געווען צובראכען...

געוויס, ווען מען זאל ווערען ספענדען עטליכע דאלארס, וואלט מען געקענט אזוי איינריכטען, אז מיט דער ארעמער שיינדעלען וואלט ניט געקענט פאסירען אזא אונגליק... געוויס, ווען מע זאל שרייבען פון די אונשולדיגע, וועלכע ווערען געטויטעט פון סטים, לכל הפחות אזוי פיעל, וויפיעל מע שרייבט פון די שולדיגע, וואס ווערען געטויטעט פון עלעקטריק, וואלט זיך דאס אפשר ניט געטראפען אזוי אפט. אבער ווען מען אינטערעסירט עס און ווען מען הארט עס?

אוי! ווען מיר אלע האבען דערזעהן דאס אונגליקליך קינד, ווען מען האט זי ארויסגענומען פון אונטער דער מאשין. איהר שעהנעם פנים האט מען ניט געקענט דערקענען, איהרע ליכטיגע אויגען פער־ענטדערט געווארען די שרעקליכע שמערצען האבען אין עטליכע מינוטען פון איהר געמאכט א תל. איין הארץ איז ניט געווען אין פעקטארי, וועלכע האט ניט געפיהלט קיין בימערען וועהטאג. איין אויג איז ניט געווען, וואס האט ניט געגאסען קיין טרערען.

איך בין ניט קיין שרייבערין, אבער איהר, איך בעט אייך אויב איהר קענט, בעשרייבט עס.

קענט איהר דאס בעשרייבען?



איהרע עלטערן זיינען ערשט געקומען פון רוסלאנד, וואו זיי זיינען געווען גאנץ רייך און שיינדעלע איז דארט געגאנגען אין גימנאזיום. זיי האבען מיט זיך געבראכט א ביסעל געלד און ניט די נויט האט געטריבען שיינדעלען אין פעקטארי אריין. זי איז געווען א קלוגע, פול מיט לעבען און האט געהאט אן אונאבהענגיגען כאראקטער. זי האט געזעהן ווי איהרע עלטערן שרעקען זיך פאר דער צוקונפט און האט פון דער ערשטער מינוט אן געוואלט זיין א ניצליכער מיטגליעד פון דער פאמיליע. איהר מוטער האט געוויינט ביי דעם געדאנק, אז איהר שיינדעלע וועט ארבייטען אין פעקטארי. דער פאטער האט זיך געבייזערט — עס האט אבער ניט געהאלפען; זי איז אוועקגעגאנגען ארבייטען.

— עס איז ניט שווער, פלעגט זי שטענדיג טרייסטען איהרע עלטערן מיט א גוטען שמייכעל אויף איהרע ליפען. מען נעהט דארט מיט סטים. די מאשין נעהט אליין און דו דאפסט נאר זיטצען און אכטונג געבען.

און די מאשין האט גענעהט און גענעהט.

שיינדעלע האט ניט געקענט קיין ענגליש רעדען, דאך האט מען פון איהר ניט געמאכט קיין שפאס אזוי ווי פון אנדערע גרינהארנס. אונווילינג האט יעדער געפיהלט צו איהר סימפאטהי, זי האט געשוויגען, אבער איהרע לעבעדיגע אויגען האבען גערעדט און איהר שמייכעלע האט בעצויבערט... אלע האבען זי געאכטעט ווי א פרוי און געליעבט ווי א קינד... און אפילו די איירישע מיידלעך פלעגען האבען פערגניגען פערבייגייענדיג א גלעט צו טאן איהרע שעהנע זיידענע לאקענס...

הערט וואס פאר אן אונגליק עס קען פאסירען...

פון שיינדעלע'ס טיש איז אראבגעפאלען א שעריל, זי בויגט זיך איין עס אויפהויבען און איהרע לאקען פאלען ארויף אויף דעם וואלל, וועלכער ברענגט אין בעוועגונג אלע רעדלעך פון די נעה־מאשינן... אזוי ווי ארום די פינגער דרעהען זיך ארום אין איין אויגענבליק איהרע האאר ארום דעם שרעקליכען אייזען... שיינדעלע גיט זיך ארויס און וויל אויפשטעהן און פאלט מיט א ווילדען געשריי... די גרויזאמע מאשין שלעפט אריין איהרע לאקען... און ציהט, און שלעפט, און רייסט און ברעכט. אין שאפ ווערט א שרעקליכער טומעל... אלע שרייען, אלע דערשרעקען זיך... און קיינער ווייס

יאָהר צוריק... ווען מיר האָבען זיך צום לעצטען מאָל געקושט... פלוצלונג — דער דריטער זוואָנאָק... איך גערענק, איך קאָן ניט פערגעסען דיין לעצטען געשריי... ווען דער פּאָיעזד האָט זיך אָנגעהויבען צו ריהרען.

אָ! איך געדענק איך געדענק; איך קען ניט פערגעסען מיינע געפיהלען בעת איך האָב געזעהען ווי דער קאָנדוקטער א גע'חלש'טע האָט דיר אריינגעטראָגען אין וואָקזאַל...

איך געדענק אָבער, מיין היימעשע, קינדערשע פאַנטאַזיע...

איך האָב געהאָפט דיר פאַר אַלעס מיט גוטעס צו בעצאָהלען. דער געדאַנק דיר, מיין טייערע מיט דיין בן יחיד גליקליך צו מאַכען. אָט דער געדאַנק האָט פערשטיינערט מיין הארץ...

איך האָב זיך ארויסגעריסען פון אונטער דיין הארצען און בין אוועקגעשוואומען ווייט, ווייט...

אוועק! פערלאָזען האָט דיין פייגעלע איהר ליעבען נעסט, אוועק זוכען גליק... זוכען גליק אין דער גאָלדענער לאַנד.

און וואָס האָב איך דאָ געטראָפען? ימים פון צרות און נויטה. אונגליק, שאַנדע, דלות, עלענד, שמוציגע שעפּער, פינסטערע טענעמענט הייזער!

אָ דיינע בריעף, מיין טייערע צורייסען מיין הארץ. דו בויינקסט, דו האָסט ניט קיין טרייסט, אויף דיינע אַלטע יאָהרען, דיין קאָמערצויגענער בן־יחיד איז געשטאָרבען... געשטאָרבען פון הונגער... דו רופסט דיין איינציגע פייגעלע צוריק צו דיין נעסט...

„בעסער, זאָגסט דו, צוזאמען הונגערען נאָר ניט זיין אזוי עלענד..."

דיין אויסגעמאַטערטע צוברענטע הארץ וויל אַ טרייסט האָבען? אָ, מוטער, טייערע מוטער! וועניג טרייסט קען דיר ערשט פערשאַפען דיין בת יחידקעלע.

ניט אומזיסט האָסט דו אַזוי ביטער געוויינט, אוועקשיקענדיג דיין קינד. אָ! דיין מוטערליכע הארץ האָט געפיהלט דיין קינדס שיקזאַל. דו בעטסט מיר אַהיים. דיין לעצטען קישען ווילסט דו פערקויפען, דיין איינציגע בקשה איז צו גאָט ער זאָל דיר אומקעהרען דיין פערוואָרפענעם קינד.

אָ, מאַמע! וועניג, וועניג, זעהר וועניג נחת קען דיר ערשט דיין

# אַ בלעטעל פון אַ שאַפּ־מיידעל'ס טאַגע בוך.

באלד איז זעקס אוהר, באלד וועט שוין זיין דער וויסטעל — אך, ווי לאנג דער טאָג ציהט זיך! ארבייט, ארבייט, צוליעב וואָס? צוליעב דאָס לעבען? און וואָס גיט מיר מיין לעבען? צרות און עלענד, דאָס איז מיין שיקזאל.

קוים דערלעבט דעם וויסטעל, איך לויף אַהיים! — אהיים! וואו איז מיין היים? אויפ'ן טאפּ פלאָר, אין א פינסטערע, שמוציגע טענעמענט הויז. ווער און וואָס ערוואַרטעט מיך אין דער היים? קאלטע פרעמדע געזיכטער. א שלאָפלאָזע נאַכט אין א פערשטיקטע רומקע אָהן לופט און אָהן ליכט.

אָ, וואו זייט איהר מיינע קינדערשע יאָהרען? וואו איז, מיין אלטע ליעבע, ווארימע היים? וואו ביסט דו, גליקליכע צייט?

ווען א פרייליכע קליינינקע מיידעלע פלעג איך קומען אהיים, פון דער שול — וואו זיינען אָט יענע געפיהלען; יענע הייליגע, טייערע געפיהלען. ווען מיין טייערע ליעבע מוטער פלעגט מיר קומען אנטקעגען, ארומנעהמען מיך און מיט הייסע ליעבע קוסען בעדעקען דעם פּנים פון איהר בת יחידה, טייערע גוטע מאמע! וואו ביסט דו איצטער? ווייט, ווייט פון מיר, דיין איינציג קינד איז פערוואָרפען געוואָרען מעובר לים! עלענד, פערלאָזען, אָהן מוטה, אָהן פריינד, אָהן א טרייסט! אָה, טייערע מאמע! איין וואָרט דיינער וואָלט ער־קוויקען מיין שמאַכטענדע הארץ... איך געדענק נאָך דיין פערצווייפ־לונג, מיין טייערע, ווען דו האָסט זיך געשיידעט מיט דיין ליעבלינג. דיין יאָמערליכער געוויין קלינגט נאָך אין מיינע אויערען.

איך געדענק, ווי נאָך ערשט יענע פינסטערע נאַכט מיט דריי

# אַ בלום אויף זיין קבר.

„ווײן ניט, וואָס ער איז יונג אזוי געשטאָרבען —
עס איז אַ גליק צו שטארבען יונג!...
געמיינהייט פונ׳ם וואָכעדיגען לעבען
האָט איהרע שאָטענס אויף איהם נאָך ניט געלעגט.
אויף די קניע געשווינד פאַר דעם יונגען קרבן
און דעם שענסטען קראַנץ אויף זיין נאַבעלען קאָפּ!...״
נעקראַסאָוו.

איך טראָג זיך איבער אין מיינע געדאַנקען אויף דעם גרויסען בית עולם, וואו צווישען אַ גאַנצען וואַלד מיט מאָנומענטען און מאַר־מעלנע מצבות ליגט ערגעץ אין אַן איינזאַמען ווינקעלע זיין פרישער קבר. אַ שווארצע בערגעלע ערד — אָהן קראַנצען, אָהן בלומען. עס וועט געוויס דאָ אין גיכען ערשיינען אַ איינפאַכער שטיין, אויף וועל־כען עס וועט זיין אויפגעשריבען: „בנימין סיימאָן, 14 יאָהר אַלט, געשטאָרבען דעם 24טען יולי, 1897טען יאָהר...״

ווער איז ער — דער בנימין סיימאָן? ווי אזוי איז ער געשטאָר־בען? פאַר וואָס איז ער אין די יאָהרען פון זיין בליהענדע יוגענד געשטאָרבען? דארויף וועט דער קאַלטען שטיין קיין ענטפער ניט גע־בען. דער קבר׳ל דערצעהלט אַ לאַנגע ביטערע געשיכטע און דער שטיין וועט שווייגען פונקט, ווי עס געבען קיין ענטפער ניט די קאַלטע פערשטיינערטע מענשן אויף דער פראַגע: וואָרום פאַלען יעדען טאָג אזעלכע קרבנות? פאַר וואָס ווערען יעדען טאָג פערלאָרען אזוי פיעל לעבענס, צובראָכען אזוי פיעל נאָבעלע הערצער, צושמע־טערט אזוי פיעל פעהיגע קעפּ?... די שטומע קברים רעדען און די רעדענדיגע מענשען שווייגען!..

טאָכטער פערשאפּען... אָט דער לעבען, וועלכער איז געווען פאַר דיר אַזוי טייער, וועלכען דו האָסט מיט טרערען אויסגעבעטען ביי גאָט אָט דער לעבען איז צושמעטערט געוואָרען, איינגעבראָכען געוואָרען פון שווערע לאַסטען. דיין איינציג קינד, פאַר וועלכע בלויז פאַר איין קוק וואָלסט דו דיין לעבען אָפּגעגעבען אָט די בת יחיד'קעלע דיינע, איז היימלאָז. הונגעריג, און עלענד... פערפיהרט... צוויי קינדערלעך, שעהנע טייערע, זיינען דיר איבערגעבליבען נאָך דיין חבר'ס טויט. דיין בן יחיד'ל איז געשטאָרבען... און דיין בת יחיד'קע... אָה! טייערע, טייערע! ווי טראָגט מען דאָס אַלץ אַריבער...

אַ טרערען! איהר זייט דאָ?... האָב איך נאָך איין טרייסט? איין גוטען פריינד? איהר פערלאָזט מיך ניט, אפילו אין מיין אונגליק. ווען איך וויין זיך גוט, גוט אויס, — פיהל איך לייכט, אַזוי לייכט, ווי אַ מאָל אין מיינע קינדרשע יאָהרען נאָך אַ לאַנגען, הייסען געבעט...



געליטען נויטה און הונגער, האט געזעהן ארום־זיך ארמוטה און צרות, האט געדענקט פון די שרעקליכע פערהעלטניסע פונ׳ם לעבען, האט גע־שטרעבט צו לערנען, צו וויסען און צו קעמפפען, האט געטראכט פון גרויסע אידעאלען, האט געפיהלט מיט זיין צו וואונדערטע הארץ די לאסט פון דער אונגערעכטיגקייט און האט געטרוימט פון דער גליקלי־כער צוקונפט — זעהט: צוויי יונגע לייט, איינער האט דעם קאל־לעדזש, ווען ער וויל גאר ניט לערנען, דער אנדערער וויל לערנען און האט ניט קיין קאללעדזש. איינער שפיעלט זיך, לעבט לוסטיג, זארגלאז ווי א קינד אין דער צייט ווען ער האט שוין געדארפט זיין א דענקענדער מאן און דער אנדערער דענקט און פיהלט ווי א מאן, ווען ער האט נאך געדארפט זיין לוסטיג און שפיעלען זיך ווי א קינד. ער האט קיין צייט ניט געהאט זיך צו שפיעלען, ער האט צו פריה אנ־געהויבען צו הערען זיך צו דעם זיפצען און קרעכטשען פון די וואס זיינען ארום איהם...

ווען דאס אידישע פאלק האט געלעבט אין דעם יוגענד פון זיין היסטארישען לעבען, האט געהערשט א מיינונג, אז ער טאר ניט ער־בליקען די גאטהייט. גאט האט זיי געזאגט: כי לא יראני האדם וחי — א מענש קען מיך ניט דערזעהן און לעבען בלייבען... אין דער יוגענד, ווען דער געדאנק איז נאך ניט רייף און שטארק, און ווען די געפיהלען זיינען צו שארף און שטארק, איז געפעהרליך צו ערבליקען און ערגרייפען דעם אל שדי, די מאכט וועלכע הערשט איבער דער וועלט... בנימין סיימאן האט ארויבגעריסען מיט זיין געוואגטע האנד דעם פרוכת אונטער וועלכען עס איז בעהאלטען דער גאט פון אונזער צייט. ער האט מיט זיינע יונגע אויגען ערבליקט דיעזע שרעק־ליכע מוראדיגע מאכט, וועלכע צומאהלט און צורייסט יעדען אויגענ־בליק טויזענדער קרבנות, ער האט געפיהלט מיט זיין נאבעלע, אבער נאך שוואכע הארץ, די אלע שרעקליכע וועהטאגען פון דעם סאציאלען לעבען — דאס איז געווען צו פיעל און צו שרעקליך פאר זיין יונגען מח, ער איז געשטארבען...

ער איז געשטארבען און קיינער האט ניט אויסגעשריען: שלאף אין פריעדען, ברודער מארטירער! אבער די ארעמע לייט צווישען וועלכע ער האט געלעבט און איז געשטארבען, ווייסען און פערשטעהען, אז א מארטירער איז געווען דאס יונגע קינד, וועלכעס איז אזוי פריה

א קינד נאָך, ער האָט נאָך ניט געלעבט און איז שוין געשטאָר־בען. די משא פונ׳ם לעבען איז געווען פאר איהם צו שווער און ער האָט זי פון זיך ארונטערגעוואָרפען. ער איז געווען צו יונג צו לעבען און קעמפפען ווי א העלד, און איז אין 14 יאָהר געווען שוין גענוג אלט צו שטארבען וויא העלד. וועה איז צו דעם, ווער עס האָט אין די יוגענד ניט געקענט יונג זיין! און וועה איז צו די, וועלכע מאכען פון דער זיסער יוגענד א ביטערע עלטער!... אן אונבעשיצטע בלום מוז פערפרוירען ווערען פון דעם קאלטען פראָסט, א גרינע צווייגעלע מוז אָבגעריסען ווערען פון א גרויסען שטורם, א יונגע הארץ מוז צו־בראָכען ווערען פון צו א שווערע לאסט...

איך געדענק, מיט א קורצע צייט צוריק איז געשטאָרבען א יונ־גער סטודענט פון יעל קאלעדזש. ער איז געווען א מיליאָנערם א זוהן און איז אויך געשטאָרבען מיט אן אונגאטירליכען טויט. ער איז דער׳הרג׳עט געוואָרען, ווען ער האָט געשפּיעלט אין ביים באָל. זיין טויט האָט אָנגעמאכט א רעש. אלע צייטונגען זיינען געווען פול מיט הספדים. זיינע קאמעראדען האָבען איהם געשיינקט קרענצען פון די טייערסטע ראָזען, פון אימאָרטעלען (א בלום, וואָס רופט זיך „אונ־שטערבליכע״) פיעלע סאָסייעטעס זיינען געקומען איהם בעגלייטען, צעהנדליגע קארעטען זיינען נאָכגעפאָהרען נאָך זיין קאטאפאלען, ריהרענדע רעדעס האָבען געהאלטען פראָפעסאָרען און גלחים, אן אָרקעסטער מוזיק האָט געשפּיעלט דעם בעריהמטען טרויער מארש פון שאָפּען... און ווען מע האָט זיין רייכען בעגילטען אָרון אריינ־געלאָזט אין קבר האָט איינער פון זיינע חברים אויסגעשריען: „שלאָף אין פריעדען, ברודער און מארטירער״!

בנימין סיימאָן איז אויך געווען א סטודענט, ער האָט אָבער נעשטודירט ניט אין א קאללעדזש — די טהירען פון א קאללעדזש זיינען אָפען נור פאר די, וואָס האָבען געלד. ער האָט געשטודירט אין דער גרויסער אקאדעמיע, וועלכע רופט זיך „לעבען...״ ער איז געווען כמעט צוויי מאָל יונגער פון דעם מיליאָנערם זוהנדעל און האָט ניט געשפּיעלט אין ביים באָל — ער האָט פאר זיין טויט געשפּיעלט אין „שאך־מאט...״ דעם מיליאָנערם זוהנדעל האָט געשיכורט, גע־ספּענדעט געלט, געפיהרט א פריילִיכען לעבען און האָט זיך ניט ענט־זאגט פון קיין זאך, און דער יונגעל פון דעם אידישען קווארטאל האָט

# וואָס זאָגט די דאָלל?

(פון די יום־טוב'דיגע בילדער.)

---

אן אלטע פרוי איז פערפראָרען געוואָרען.

ווען זי איז געפאלען אויפ'ן טראָטואר האָט זי נור געקענט אויסרעדען: „מיר איז קאלט", און איז געשטאָרבען. איך פערשטעה, אז דער פאקט אליין איז גאָר ניט אינטערעסאַנט, אזעלכע זאכען טרעפען זיך גאַנץ אָפט, וואָס איז דער חידוש? דער פראָסט האָט גע־ברענט ווי מיט פייער. דער ווינד האָט געשניטען, ווי מיט שאַרפע מעסערס און די אַלטע קבצנ'טע האָט קיין שכל ניט געהאַט אָנצוטאָן ווארעמע קליידער, ווען עס איז אַזא קעלט. מיך אינטערעסירט אויך זעהר ווייניג, וואָס די אַלטע פערפראָרענע בעטלערקע האָט געזאָגט פאַר איהר טויט. וואָס איז דער חילוק? זי האָט געמעגט זאָגען, וואָס איהר הארץ האָט געלוסט. דאָס וואָלט ניט ווארימער געמאַכט די קעלט, ניט דערשראָקען דעם מלאך המות, ניט אָבגעשטעלט דעם ערב יום טוב'דיגען טומעל, ניט פערהאלטען די גלייכגילטיגע פערבייגעהער, ניט פערשעהמט די צוטראָגענע איינקויפער און פערקויפער, ניט פער־שטערט דעם פריילִיכען יום טוב, ניט פערקלענערט די שמחה, ניט פער־ענדערט אויף א האָאר דעם טאגעס אָרדנונג, ניט געשאַדעט אויף א גראָשען די געשעפטען פון לעבענס יריד. מיך אינטערעסירט מעהר, וואָס זאָגט די „דאללי"?

ווען די אַלטע איז געפאלען אויף דער קאלטער פערפרוירענער, ערד, האָט מען אין איהר פערגליווערטע האנד געפונען א פּאָפּקע. די פרעמ־דע, עלענדע, פון דער גאַנצער וועלט אָבגעריסענע פרוי האָט פאר די פעניס, וואָס זי האָט אויסגעבעטעלט אין דעם קאַלטען טאָג, אין דעם לעצטען טאָג פון איהר לעבען, — געקויפט א דאָלל און מיט דער

געשטאָרבען מיט אזא אוננאטירליכען טויט. א מארטירער און א ברו־
דער! עס זיינען ניט געפאָהרען נאָך זיין אָרעמען הילצערנעם ארון
צעהנדליגע קארעטען, מע האָט איהם ניט געשיקט קיין בלומען און
בוקעטען, אָבער וויפיעל ביטערע טרערען און שווערע זיפצען האָבען
איהם בעגלייטעט אהין, פון וואנען ער וועט שוין קיין מאָל ניט קומען
און וואו ער וועט שוין מעהר ניט פיהלען און ניט ליידען.

וועה איז צו דער געזעלשאפט, וואו קינדער ווערען אלט בעפאָר
זיי זיינען יונג געוועזן און וואו דער טויט איז בעסער פונ׳ם לעבען.



און זי איז געפאַלען מיט דער טויטער דאָלל אין האַנד און איידער זי האָט די דאָלל צו איהר ברוסט געדריקט איז זי אליין געוועז קאַלט און טויט ?

די דאָלל שווייגט און אין איהרע קאַלטע, גלעזערנע אויגען שיינט זיך אָב א קאַלטער טויטער קערפּער און א קאַלטע טויטע וועלט...



דאָל אין האַנד איז זי געשטאָרבען... אָהן פריינד, אָהן קרובים, אָהן בעקאַנטע, אָהן קינדער, אָהן פאַמיליע, אָהן א היים — וואָס דאַרף זי די דאָלל?

ווער ווייס? אפשר האָט דיעזע עלענדע, פערוואָגעלטע, אַלטע פרוי געקויפט די דאָלל פאַר א פרעמד קינד, פאַר א קינד פון אַזעלכע אונגליקליכע, ווי זי אליין איז?... זי האָט געוואָלט דאָס אָרימע קינד זאָל אויך וויסען אַז עס איז א יום טוב... און זי האָט געבעטעלט זעהר לאַנג ביז זי האָט געקענט קריגען די נויטיגע סומע און זי איז פערפראָרען געוואָרען.

און אפשר אין דיעזען קאַלטען טאָג, האָט זי זיך דערמאָנט אָן די גליקליכע טעג, ווען זי אליין איז נאָך געוועזען א זאָרגלאָזעס קינד און האָט ניט געוואוסט פון שרעקליכען נויט און ארמוטה... ווען זי איז ניט געוועזען אַזוי עלענד אויף דער וועלט. ווען אין דעם זעלבען טאָג האָט איהר א פריינדליכע האַנד דערלאַנגט א שעהנעם יום טוב פרעזענט און זי איז געוועזען גליקליך און לוסטיג. זי האָט געוואָלט כאָטש נאָך איינמאָל אין לעבען דורכפיהלען איהר יוגענד־פריינד און איז געפאַלען א פערפראָרענע אויפ'ן טראָטואַר.

און אפשר גראַדע היינט, ווען זי האָט דערזעהן, ווי פיעלע מאַמעס קויפען פאַר זייערע קינדער יום טוב מתנות, ווען זי האָט זיך פאָרגע־שטעלט, ווי די גליקליכע קינדער וועלען דריקען צו זייערע יונגע קער־פערלעך צו זייערע מוטערס הערצער. ווען זי האָט זיך געשילדערט די הערליכע פאַמיליען־בילדער, וועלכע וועלען היינט אָוועגד געפינען פּלאַץ אין יעדער הויז, — אפשר גראַדע היינט האָט זי דערפיהלט ווי ביטער און פינסטער עס איז צו לעבען אליין אויף דער וועלט, לעבען נע ונד, אומוואַנדערען אָהן האָפנונגען, אָהן יום טובים, אָהן גליקליכע טעג... אפשר גערעדע היינט, האָט זי דערפיהלט, ווי אונגליקליך איז די פרוי, וועלכע איז ארויסגעוואָרפען אויפ'ן גאַס און וועלכע קען ניט האָבען די פרייד פון א מוטער... אפשר האָט זי געהאַפּט מיט דער געקויפטער דאָלל ערגיץ וואו אין א גאַרזשינג הויז צו פערברייננגען די נאַכט, רעדען צו איהר, ווי צו א קינד. דריקען זי צו איהר אויסגעטרי־קענטע ברוסט ווי א מוטער — זי האָט געוואָלט כאָטש אויף איין אוי־גענבליק אָפּנאַרען זיך און דערפיהלען מוטער־פרייד און קינדער־ליעבע

איף אַלעמען, — האָבען זיך די קליינע לעבעדיגע אויגעלעך אויפגע־הויבען צו זיין אָנקעל מיט אַזוי פיעל געבעט און ארויפפּאַלענדיג אויפ'ן אָנקעל האָט דאָס קינד געבליפּעט: אָנקעל, „שיקט ניט מאַמאַ ארבייטען, זי איז קראַנק".

און ווען דער אָנקעל האָט איהם פאַרזיכערט זיין וואונש צו ער־פילען, האָט זיך דער יתום'ל עטוואָס בערוהיגט.

די טראַגעדיע, וועלכע האָט זיך אָפּגעשפּיעלט אין הויז דעם גאַנ־צען טאָג, איז אונמעגליך צו בעשרייבען. אָ, איך זעלבסט וואָלט עס וועלען פערגעסען...

עס איז אָבער געווען אַ נול געגען דאָס שפּעטערדיגע.

די פרוי האָט געוואָלט נאָך אַ מאָל איהר מאַן אין זיין פּאָריגען וואָהנונג ברענגען. דאָס איז אָבער געווען אונמעגליך, דען מר. קאָהן, וועלכער איז אוועק זעקס אוהר מאָרגענס צו דער ארבייט, איז זיעבען אוהר שוין געבראַכט געוואָרען צום אָנדערטייקער אין שטיקער צורי־סען. די מיסים קאָהן האָט עס ניט געטאָרט זעהן, ווייל זי איז נאָך געווען זעהר שוואַך נאָך אַ קינפּעט.

מיט גרויס מיה איז עס אונז געלונגען איהר איינצורעדען, מען זאָל בלויז דעם טויטען פאַר זייער וואָהנונג פאַרביי פיהרען.

נואַרקער אפּטאַונער גאַסען זיינען שטיל. די זונן האָט שוין אָנגע־פאַנגען צו פערגעהן. דאָ און דאָרט האָבען זיך געהערט טענער פון מוזיק. אויף די באַלקאָנען זיינען ערטערוויים געזעסען רייך — פער־פוצטע דאַמען און הערדען, וועלכע האָבען זיך גערוהט נאָכ'ן גוטען סאַפּער. אין מאַנכע ערטער האָבען זיך געזעהן רייך־געקליידעטע על־טערען, וואָס האָבען זיך געשפּיעלט מיט זייערע קינדערלעך.

אָט דורך דיעזע גאַסען איז שטיל דורכגעפאָהרען אַ טויטען־וואָגען, נאָך וועלכען אַ קערידזש איז נאָכגעפאָהרען. אין איהם איז געזעסען אַ יונגע אַלמנה מיט דריי בלאַסע, עלענדע יתומים'לעך.

ס איז שוין געווען פינסטערליך. ווען דער פּאַראַד האָט עררייכט דעם „הייליגען אָרט"; די זונן איז שוין געוועזען לאַנג אונטערגע־גאַנגען. איבעראַל איז געווען שטיל, קיין ווינטעלע האָט ניט געבלאָזען. קיינע מאָטילקעלעך זיינען ניט געפלויגען. די בוימער זיינען געשטאַנען ווי פערזאומערטע, פערגליווורטע, זיי האָבען זיך מיט קיין בלעטלע ניט געריהרט, און די שטילקייט איז אונטערבראָכען געוואָרען דורך די

# אַ פּאַקט.

פרייטאָג, דעם 13טען אויגוסט, האָט מיינער אַ פריינד ערהאַל־טען אַ טעלעגראַמע, דאָס זיינער אַ שוואָגער איז גע'הרג'עט געוואָרען פון אַ טריין.

איך בין אהין מיטגעפאָהרען מיט מיין פריינד. ווען איך בין אריינגעקומען אין הויז, 17 ראָטגערס סטריט, ניו יאָרק, האָט זיך אַ שרעקליכע סצענע פאָרגעשטעלט פאַר מיינע אויגען. דריי קליי־נינקע קינדערלעך האָבען שרעקליך געוויינט, אַ בייבי פון דריי וואָכען האָט געשריען, אזוי ווי ער וואָלט שוין פערשטעהן זיין אונגליק. מיין הארץ איז צוגאַנגען קוקענדיג אויף די בלויע געזיכטלעך פון די יונגע יתומים. די עלטערע צוויי אינגעלעך, — אייקעלע זיעבען און בעני דריי אַ האלב יאָהר — זיינען צוגעלאָפען צו מיר מיט דער פראגע:

— ליידי, איז עס אמת, אונזער פּאַפּאַ איז טויט?

אַ מיידעלע, פון דריטהאלבען יאָהר איז געזעסען אויפ'ן פלאָאָר און האָט געיאָמערט: פּאַפּאַ, איך וויל מיין פּאַפּאַ!

באלד איז אריינגעלאָפען זייער מוטער אַ בלאַסע, מאָגערע אר־בייטער־פרוי, און ארומכאַפּענדיג אלע איהרע קינדערלעך, האָט זי געיאָמערט:

— קינדערלעך, וואו איז אייער פאָטער? וואו איז מיין מאַן? וואו איז אונזער שפּייזער?

אויף איהר קוקענדיג, האָבען זיך אלע עופה'לעך צושריען. — אה, וואָס פאַר אַ שרעקליכע בילד! אַ שטיין האָט געקענט צו שפּאַל־טען ווערען

דער זיעבען יעהריגער אינגעלע האָט געשריען: מיין גוטער פּאַ־פּאַ איז טויט, ווער וועט פאַר אונז ארבייטען?

און ווען איך האָב איהם געזאָגט: אָנקעל וועט ארבייטען פאַר

קומענדיג האָבען מיר געפונען אָבגעקאָכטע אייער און בייגעל. עס זיינען אריין אַ פּאָר אידען און האָבען אָנגעהויבען דאַווענען מעריב. אַ גוטער מענש האָט געזאָגט קדיש מיט די יתומים. די אלמנה איז געזעסען שטיל, אָנגעשפּאַרט איהר ווייטאָגדיגען קאָפּ אויף איהרע אויסגעדאַרטע הענד.

פּלוצלונג איז אריינגלאָפען אַ מאַן מיט אַ געוואַלד: וואו איז מיין ברודער? ער איז געפעהרליך קראַנק? וואו איז ער, גזלנים! אוי וועה! מע זאָגט קדיש? אודאי געשטאָרבען?! וואָס שווייגט איהר!?! שוין געוועזען די לויה? — גזלנים, וואָס האָט איהר געטאָן!? איך וועל די וועלט איבערקעהרען, איך וועל דעם קבר אויפרייסען. אָ, מיין איינציגער ברודער, מיין איינציגער טרייסט. וואָס זאָל איך איצטער טאָן? צו וועמען זאָל איך זיך איצטער ווענדען?

זיפצען האָבען אָבגעקלונגען אלס אַן עכאָ אויף זיינע רייד...



הערצרייסענדע געשרייען, אלס די אלמנה איז ארויפגעפאלען אויפ'ן קעסטעל, וואו עס איז געלעגען איהר מאנ'ס קערפער...

עס האט זיך מיר דאן געדוכט, אז די גאנצע נאטור וויינט מיט איהר מיט, און ווען מען האט אנגעהויבען צו שיטען די ערשטע לאָ־פּעטע ערד אויף איהר מאנ'ס נייעם וואָהנונג, — ערשט דאן האט זיך אנגעהויבען א נייע טרויער־שפּיעל. מיט אונמענשליכע קולות האט זי זיך צושריען:

מיין פריינד! מיין שפּייזער! אויף ועמען לאָזט דו מיך אי־בער? ! ווי קענסט דו דיינע ליעבע קינדערלעך פערלאָזען?

און ארויפפאלענדיג אויף זיין קבר האט זי געשריען, זיך רייסענ־דיג די האָאר פון קאָפּ:

„גוואלד, העלפט מיר קלאָגען אויף מיין קלאָג! לאָזט מיך צו מיין מאן, איך קען אָהן איהם ניט לעבען"

די קינדערלעך האָבען געוויינט. אייקעלע האט געשריען:

איך וויל דאָ ניט איבערלאָזען פּאפּא, ער וועט מורא האָבען אליין. זאָל ער געהן אהיים, עס וועט איהם דאָ זיין קאלט.

אונגליקליכע עופה'לעך! וואָס פאר א טרייסט האָב איך איצטער פאר זיי געקענט געפינען? אָבער ווי האָב איך געקענט גלייכגילטיג בלייבען און זיי ניט טרייסטען? איך האָב זיי געזאָגט:

פּאפּא וועט ניט בלייבען אין גרוב, ער וועט זיין אויפ'ן הימעל און וועט דאָרט ווארטען פאר אונז, און ער וועט דאָרטען ניט דארפען אזוי שווער ארבייטען, ווי דאָ.

די שמשים האָבען אונטערדעסען געטאָן זייער ארבייט, זיי האָ־בען דעם קבר פערשאָטען אָהן רעדעס, אָהן קראנצען, אָהן בלומען. שטיל געלעבט — שטיל געשטאָרבען.

אויפ'ן בית עלמן איז געוועזען שטיל, די בלאסע לבנה האט ווי־דערשראָקען ארויסגעקוקט פון פערוואָלקענטען הימעל.

קוקענדיג אויף דעם פרישען קבר, אויף די אונגליקליכע אלמנה און עלענדע קינדערלעך, האָב איך זיך ניט געקענט איינהאלטען און האָב זיך ביטער צו־וויינט.

אייקעלע איז צוגעלאָפען צו מיר.

— טאנטע, — האט ער געזאָגט, — דו זאָגסט אז פּאפּא איז אין הימעל, טאָ וואָס זשע וויינסט דו?

נונגען, נאָך דעם האָט מען גערעדט פון דעבס אוטאָפיע. פון דעבסען איז מען אריבער געגאנגען צו פלאטאָטאָמאס מאָאר, פוריע... פון אוטאָפינע איז מען אריבער צו פילאָזאָפי. דער גלח איז געווען א גרויסער געגנער פון העגעל, דער ריעל עסטייט בראָוקער, וועלכער איז געווען א דאָקטאָר פילאָזאָפי פון יעיל קאָלעדזש האָט זיך אָנגענומען פאר העגעלען, און דער פּראָפעסאָר איז איהם געקומען צו הילפע... אלע האָבען זיך געפיהלט אביסעל אונטערגעהויבען פון דער שמוציגער מאטעריאליסטישער וועלט און זיי האָבען מיט פערגניגען געדענקט דערפון, אויף וויפיעל זיי שטעהען העכער פון די אנדערע געזעלשאפטען, וואו מע רעדט נור פון פייטס און מע שפּיעלט אין פּינאָקעל... געוויס, נאָכ'ן סאפּער וועט מען דאָ אויך מאכען א קערטיל, אָבער דאָס איז דאָך נאָכ'ן סאפּער, ווען דער מאָגען קען ניט פערדייען קיין פילאָזאָפישע דיסקוסיאָנען.

ווען מען איז פון פילאָזאָפי אריבער געשפּרונגען צו עסטעטיק און קונסט, האָט מען זיך דערמאָנט, אז מע דאַרף בעטען דעם פּיאַניסט עטוואָס „פּאָרצוטראַגען”... דער פּיאַניסט האָט געשפּיעלט די בעריהמטע ראפּסאָדיע פון ליסט... דאָס האָט געגעבען א טעמא צו רעדען וועגען ליסט, וועגען וואַגנער און זיין מוזיק צו דער צוקונפט... מע האָט אויך זעהר פיעל געשפּראָכען פון סעבאַסטיאַן באַך, הענדעל, מאָצאַרט, היידען, בעטהאָווען...

די אויסגעפּוצטע, גליקליכע, צופריעדענע בעל הבית'טע איז דערווייל אראָבגעלאָפען זעהן, וואָס טוט זיך אין עס-צימער. זי האָט זיך אָבגעשטעלט און האָט מיט צופריעדענהייט א בליק געטאָן אויפ'ן טיש. א זילבער ווייסער טישטוך, זילבערנע געשיהר, א טייערער פּאָרצעלייענער סערוויז, גרויסע וואַזאָנען מיט בלומען — אלעס מיט געשמאַק און קונסט אויסגעשטעלט... פּלוצלינג הערט זי, ווי די רעשעטקע, וועלכע פיהרט פונ'ם קעלער צו דער שטראַסע, עפענט זיך און אימיצער געהט צו צום פענסטער... זי איז געווען אליין, די דיענסטען אלע זיינען געווען בעשעפטיגט אין קיך און די געסט אויבען, האָבען מיט התלהבות גערעדט פון בעטהאָווענס נײנטע סאָנאַטע... זי הערט שוואַכע לאַנגזאַמע טריט. אימיצער גערט צו צום פענסטער און קלאַפּט אָן עטליכע מאָל...

# פאַרשטערט.

.1

היינט איז איהר געבורטסטאָג. דאָס שעהנע פּריוואַט הייזעל, וואו זיי וואָהנען, די צימערן, דאָס מעבעל, די עטליכע בוימער אין הויף מיט די בלומען, דאָס הינטעלע, דער פּאָפּוגאַי, די דיענסטען — אַלעס זעהט היינט אויס יום טוב׳דיג. קוים האָט זי אין דער פריה אויפגעעפענט איהרע אויגען, האָט דער הערר דאָקטאָר, איהר פון גאָט בעשערטער מאַן, דערלאַנגט אַ פּאָאָר בריליאַנטענע אויריננגלעך און אַ גרויסע דימאַנטענע „מאַרקיזע". ביי טאָג האָט איהר די מאַמע געשענקט זיידענס אויף אַ קלייד, און אַנקעל האָט איהר געשיקט אַ טשעק אויף פינף הונדערט דאָלאַר... אַך! עס איז אַזוי גוט צו לעבען, זיין געליעבט און קריגען קאָסטליכע פּרעזענטען.

ביי נאַכט איז דאָס הויז רייך איליומינירט. אויבען אין די זאַלען זיינען געאַכטעטע געסט, אונטען אין גרויסען עס־צימער, גרייט מען צום טיש... אין קיך פּרעגעלט זיך און קאָכט זיך... אין קעלער אויפ׳ן אייז שטעהט שאַמפּאַניער... ביים אויוועז שטעהט אַ געניטער „קאָך", וועלכען מען האָט געדונגען צוליעב היינטיגען יום טוב. די דיענסטען אין ווייסע פאַרטוכער לויפען אום... טעלער קלינגען, גאָפּלען קלאַפּען... און די געסט אויבען, אויסגעפּוצטע, אויסגעצוואָגטע, געלאַסענע, סאָלידנע, זיצען און רעדען טיעפזיניג און סעריעז פון וויכטיגע געגענשטאַנדען... עס איז אַן אויסערוועהלטע געזעלשאַפט — געבילדעטע, אינטעליגענטע, גוט ערצויגענע מענשען. צוויי פּראָפעסאָרען פון קאָללעדזש, עטליכע דאָקטוירים, אַ בעריהמטער פּריעסט; אייניגע גוט בעקאַנטע לאָיערס, אַ ריעל־עסטייט בראָוקער, אַ בעריהמטער פּיאַניסט...

פון אָנפאַנג האָט מען בעשפּראָכען אייניגע פּאָליטישע ערשיי־

.2

מע האָט שוין געגעסן אַלערליי מאכלים אין דער וועלט, מע האָט שוין געטרונקען קאָניאַק, ברענדי, ליקאָרען, פערשיעדענע ווייַנען... מע האָט שוין דערלאַנגט שאַמפּאַניער, צוגאָסען די באָקאַלען און די טאָסטען האָבען זיך געדאַרפט אָנפאַנגען. די פנימער האָבען בייַ אַלע געברענט, די אויגען געגלאַנצט, מע האָט פיעל געלאַכט, געזאָגט וויצען... אַלע האָבען גערעדט העכער און שטאַרקער, ווי געוועהנליך... דער געאַכטעטער פּריעסט האָט געדאַרפט געבען דעם ערשטען ספּיטש, צו בעעהרען די, וועלכע איז געבוירען געוואָרען אַכט און צוואַנציג יאָהר צוריק... אָבער די, וועלכע איז ערשיענען מיט אַכט און צוואַנציג יאָהר צוריק, האָט אַ וואָרף געטאָן אויף איהר מאַן אַ פערוויסטען בליק און איז געוואָרען בלאַס...

— וואָס איז מיט דיר? אַלע געסט זייַנען אויפגעשטאַנען. אין דער צייט פונ׳ם סאָפּער האָט זי עטליכע מאָל געהערט אַן אונגעוועהנליכען גערויש אונטער׳ן פענסטער. אימיצער האָט דאָרט געקלאַפּט, אימעצער האָט געהראָפּעט... איז נאָך דער טרעמפּ אונטער׳ן פענסטער? האָט זי געדענקט און זיין בליק, אַ בעטענדיגער, רחמנות׳דיגער, בייזער, פול מיט פאָרוואורף און פערצווייפלונג האָט איהר ניט געגעבען קיין רוה... זי אָבער האָט זיך ניט געוואָלט אָבגעבען דיעזען נאַררישען געפיהל, האָט מעהר ווי געוועהנליך געטרונקען, גערעדט פיעל, געלאַכט הויך... איצט אָבער, ווען מע האָט אָנגעגאָסען די שאַמפּאַניער און די באָקאַלען, האָט זי זיך איבערצייגט, דאָס איבּיצער איז ווירקליך אונטער׳ן פענסטער. ניין, איהר האָט זיך ניט אויסגעוויזען. אימיצער איז שווער אַ פאַל געטאָן פון די טרעפּ פון ביימענט און זי הערט ביי דער טהיר פערוואָרגענע שטעהנען, גלייך ווי מע שטיקט אימיצען...

— וואָס איז מיט דיר? האָט דער העדר דאָקטאָר אַ געשריי געטאָן דערשראָקען.

— דאָרט! דער טרעמפּ... עטוואָס איז געשעהן!

אַלע האָבען זיך אַ וואָרף געטאָן צו דער טהיר... ביים שוועל איז געלעגען אַ טויטער קערפּער פון אַן אַלטען גרייז — ער האָט עטליכע טעג ניט געגעסען און איז געשטאָרבען פון הונגער.. ווען

אין אן אנדער צייט, ווען אימיצער זאָל צעהן אזייגער אין דער נאכט צוגעהן צום פענסטער, וואָלט זי זיך געווים דערשראָקען אויף טויט... איצט אָבער, ווען דאָס הויז איז פול מיט גוטע פריינד און ווען זי איז צופריעדען, — איצט דענקט זי ניט, אז עס איז דאָ „פיינט", אין מענשען, וועלכע זיינען אונצופריעדען. מיט א ליעדעלע און מיט א שמייכעלע אויף די ליפען לויפט זי צום טהיר, עפענט האַסטיג אויף און בלייבט שטעהן איבערראשט. אן אונערוואַרטעטע אונאנגענעהמע בעגעגניש... אנקעגען איהר איז געשטאַנען אן אַל־טער, גרייז־גרויער טרעמפ... זיינע הענד האָבען געציטערט, זיין גאַנ־צער קערפער האָט געוואַנקט... די געדיכטע, גרויע האָאָר פון זיין קאָפּ און לאַנג ניט געשוירענע באָרד זיינען געוועזן צוקלאָטשעט... זיינע אָרעמע צוריסענע קליידער זיינען געוועזן אין א גרויסע אונאָרדנונג... און זי איז געשטאַנען געגען איהם יונג, געזונד, אין טייערע בריליאַנ־טען און א פּראַכטפאָלע זיידענע קלייד... קיין קינסטלער און קיין ערפינדער אין דער וועלט האָט ניט געקענט אויסטראַכטען א גרעסע־רען קאָנטראַסט אין דער וועלט. זי האָט בייז א גלאַנץ געטאָן מיט די אויגען און האָט געפרעגט: וואָס דאַרפט איהר?

זיין קערפער האָט זיך א ביסעל צוגעבויגען צו איהר נעהענטער און ער האָט שטיל אויסגערעדט: „מילעדי, איך בין הונגעריג!..."

— פוי! האָט זי געענטפערט מיט א געפיהל פון עקעל... זייע־רע אויגען האָבען זיך נאָך א מאָל באַגעגענט, זיין בליק האָט זי דערשראָקען, עס איז געוועזן א בעטענדיגער און אין דער זעלבער צייט א דראָהענדער בליק; עס איז געוועזן א בליק פון פערצווייפלונג און צאָרן. זי האָט א קלאַפּ געטאָן מיט דער טהיר און איז געבליבען אליין. איז ער נור בעזוויפען, אָדער ער האָט זי געוואָלט בערויבען אויף?... ווי געפעהרליך עס איז ביי נאכט צו עפענען די טהיר... אזוי פיעל טרעמפּס... ווי געפעלט אייך די פרעכהייט? צעהן א זייגער ביי נאכט קלאַפּען אין א פרעמדען פענסטער און פאָדערען עסען... מיט דיעזע געדאַנקען איז זי ארויפגעלאָפען אויף די טרעפּ... דאָ האָט זי זיך באַלד בערוהיגט און האָט בעשלאָסען קיינעם ניט צו דערצעהלען פון דעם אינצידענט, אום ניט צו פערשטערען די שמחה...

# די מערדערין.

(א פאַקט.)

.1

אין איינע פון די גרעסטע „מאָרנינג פייפערס" איז דער טרויע־ריגער פאקט אזוי געווען בעשריבען: „ליעבע! ראכע! א פיסטאָל! פינף שיסע! לײדענשאפט! טויט!"

„ער איז א רייכער לאָיער פון נאססוי סטריט. זי איז א שעהנע מיידעל פון לואיזאנא. ער איז אַלט פערציג יאָהר, זי איז אַלט צוואנציג יאָהר. נעכטען אבענד האָבען זיי ביידע בעזוכט דעם רייכען סאַלון, אויף מעדיסאָן עוועניו און האָבען ביידע פערנומען א „סעפּע־רעט רום". דער קעלנער האָט זיי דערלאַנגט וויין און סענדוויטשעס און זיי האָבען פערשלאָסען די טהיר. אין איניגע מינוט ארום האָט זיך דערהערט פון זייער צימער א שאָס, א צווייטער, א דריטער, ביז פינף מאָל. ווען די פּאָלצייי האָט אויפגעמאכט די טהיר, איז שוין געווען נאָך דער דראמא. ער איז געלעגען אויפ'ן פלאָאָר אין א טייך בלוט און זי, די ניעדערטרעכטיגע מערדערין, איז געשטאַנען לעבען איהם און האָט ביטער געוויינט. אזעלכע שרעקליכע דראמען שפּיע־לען זיך אָב אין אונזער צייט צו אָפט. יעדע דומע מיידעל וויל זיין א העלדין און פּאָזירען אין טראגישע ראָלען. זאָל די מערדערין מיט איהר לעבען בעצאָהלען פאַר איהר לייכטזין און די געזעלשאפט זאָל לויז ווערען פון אזעלכע שענדליכע פערזאָנען!!"

אין דעם אבענד בלאַט פון דערזעלבער צייטונג איז דיעזער צו־פאַל ווידער בעשפּראָכען געוואָרען: „אונזער רעפּאָרטער, וועלכער האָט אין דעם מאָרנינג פייפער געשריבען, ווייס יעצט גענוי אַלע

זיי האָבען ביי דעם גלענצענדען טיש געגעסען דעם רייכען סאָפּער, האָט ער ביי דער טהיר געגוסס'ט. און ווען זיי האָבען גענפּעגט די פלעשער שאמפּאַניער צו טרינקען טאָסטען, האָט ער אויסגעהויכט זיין לעבען . . .

ער האָט פערשטערט — דיעזען אבענד איז ניט געוועזען קיין טאָסטען.



דען. און דערצו נאָך האָט זי די לעצטע צייט פערלאָרען איהר לעב־
האפטיגקייט, איז געוואָרען גרין און האָט זיך אָפט געפיהלט איבעל...
שרעקליכע דריי וואָכען האָט איבערגעלעבט דיעזע יונגע און אונגליק־
ליכע פרוי ווען ער האָט זי אונערוואַרטעט פערלאָזען, זי האָט צו דעם
מענשען ניט נור צטרוי געהאַט, זי האָט איהם געליעבט מיט אַלע גע־
פיהלען פון איהר יונג הארץ. איהר פערצווייפלונג איז געווען אַזוי
גרויס, דאָס זי האָט צווייטאָל זיך דאָס לעבען געוואָלט נעהמען. אין
איין נאַכט ווען זי האָט אָהן אַ ציעל אומגעוואַנדערט איבער די גאַסען,
אליין מיט זעהר טרויעריגע און ביטערע געדאַנקען, האָט זי פּלוצלונג
דערפיהלט דאָס אונטער איהר צובראָכי· ·י לעבט נאָך אַן עלענד
און אונגליקליך געשעפּ... וואָס מיט איהר איז דאַמאָלס געשעהן,
געדענקט זי ניט — זי ווייס נור, דאָס מען האָט זי אין יענער שרעק־
ליכער נאַכט פאַר אַ וואהנזיניגער פערדעכענט און אַרעסטירט...

אין דיעזען טרויעריגען טאָג האָט זי ענדליך בעשלאָסען נאָך
איין מאָל צו זעהן „איהם" און ברענגען איהם אַזאַ נאַכריכט, וועלכע
מאַכט אַנדערע פאָטערס גליקליך. דיעזען טאָג אין איהם זעהר גוט
געגאַנגען און ער איז געווען אויפגעלעגט. ער האָט זי זעהר פריינדליך
עמפּפאַנגען. איז זי שוין יאָ געקומען, האָט ער געטראַכט, פאַר וואָס
זאָל איך מיט איהר ניט לעבען אַ גוטען טאָג? ... און זי איז געווען
דערצו נאָך שעהן, די באַקען, ווי ראָזען און אין די אויגען האָט גע־
ברענט אַן אונבעקאַנטער פייעריל...

אָבער ווען זיי זיינען געבליבען אליין אין צימער, ווען זי האָט
מיט אַ ציטערענדיגער שטימע, מיט אַ טיעפען געפיהל און מיט ליעבע
איהם געזאָגט: „טייערער, איך .. איך וועל גיך אַ מוטער זיין", —
איז ער אויפגעשפּרונגען גלייך ווי זי וואָלט צו זיינע פיס אַ באָמבע
געוואָרפען, דאַן איז דאָס שרעקליכע געשעהן... איהר פערלאָרענע
יוגענד, איהרע פערגאָסענע טרערען, איהרע שלאָפלאָזע נעכט, איהר
ביטערע פערצווייפלונג — אַלעס האָט זי איהם ערקלעהרט מיט איהרע
ערשטע צוויי קוילען... די איבריגע דריי מאָל האָט זי געשאָסען ווי
אַ וואהנזיננינגע...

צו זיך איז זי געקומען ווען די פּאָליציי האָט אָנגעהויבען צו ברע־
כען די טהיר. זי האָט אַ קוק געטאָן אויפ'ן פּאָדלאָגע — ווייל ניט זי
מיט דאָס וואָס זי ערוואַרטעט איז איהר צו ערשט אויפ'ן געדאַנק גע־

איינצעלהייטען. די מערדערין איז נאָך אזוי יונג און האָט שוין אזוי פיעל שענדליכעס געטאָן. זי האָט דריי יאָהר מיט דעם ערמאָרדעטען אלס פרוי געלעבט און אין דער צייט פון די לעצטע דריי וואָכען, ווייל ער האָט ניט פערלאַנגט מעהר צו פיהרען מיט איהר אַן אונגעזעטצליך לעבען, האָט זי זיך פערגיפטעט מיט קאקאאין, אָבער אין בעלוויו האָספיטאל האָט מען זי געראַטעוועט. דעם צווייטען מאָל האָט זי מיט א מעסער זיך צושניטען דעם האלז און איז דאָך לעבען געבליבען. איין מאָל שפּעט אין דער נאַכט האָט איהר א פּאָליסמאַן ארעסטירט, ווייל זי האָט אומגעוואנדערט איבער די גאַסען ווי א וואהנזיניגע... די פּאָליציי קען ניט ערקלערען אויב זי איז דאַן געווען וואהנזיניג אָדער בעזויפען... אזא יונגע פרוי און שוין אזוי פערדאָרבען. פוי! עס איז א שאנדע פאר דער געזעלשאַפט. זאָל דאָס זיין א גוטער ביישפּיעל פאר די עלטערען, וועלכע ערציהען ניט זייערע קינדער, אזוי ווי די מאָראל און די רעליגיאָן פאָדערען".

.2

מיט דריי יאָהר צוריק איז זי קיין ניו יאָרק געקומען זוכען א בע־שעפטיגונג און פיהרען א זעלבסטשטענדיג לעבען. זי איז געווען יונג, שעהן, געבילדעט. זיסע האָפנונגען האָבען איהר צוגעגעבען מוטה און קראפט. גאָלדענע טרוימען האָבען פערטריבען פון איהר זאָרג און טרויעריגע געדאנקען.

אין דעם באָרדינג הויז, וואו זי האָט זיך גענומען א וואָהנונג, האָט זי זיך בעגעגענט מיט איהם. ער איז געווען א פראקטישער מענש, קלוג, סאָליד און רייך און זי איז געווען אַן אונערפאהרען עלענד קינד. פון אָנפאנג איז ער געווען איהר וואהרער פריינד און ראטהגעבער, נאָכדעם איז ער געוואָרען איהר בעשיטצער און ליעבהאָבער און נאָכ־דעם... נו, פערשטעהט זיך, זיסע ווערטער, טרייע ליעבע אין א סינ־געל פלעט מיט נייע מעבעל.

דריי יאָהר זיינען פערגאנגען זעהר שנעל, די נייע מעבעל איז אלט געוואָרען און די הייסע ליעבע איז געוואָרען קאלט. ער איז געווען צופיעל פערנומען מיט ביזנעס און זי האָט איהם נור געשטערט; ער האָט ליעב געהאַט די פרייהייט און זי, אָבוואָהל זי האָט פון איהם גאָר ניט געפאָדערט, — זי האָט איהם דאָך אין א געוויסער מאָס געבונ־

# איין אויגענבליק.

.1

איהר נאָמען איז מיימי אייזענשטיין.

זי האָט דאָס רעכט געראָפען צו ווערען מיט דעם נאָמען אייזען און שטיין: עס איז זעלטען צו טרעפען א יונגע מיידעל מיט אזא קרעפטיגען כאַראַקטער. מיט אזא אייזערנע ענערגיע, מיט אזא בעשלאָסענהייט. זי האָט נאָך זעהר ווענינ געלעבט, זי האָט שווער געאַרבייט און גרינג איבערגעטראָגען נויטה און מאַנגעל! ווענינ פערדיענט, אָבער פיעל גערעכענט און געדענקט...

אין א שעהנע פריהלינגס-נאַכט, ווען די בוימער פון צענטראַל פּאַרק האָבען זיך שטיל אונטערהאַלטען פון ליעבע, ווען די גרינע בלעטלעך האָבען געציטערט פון ליידענשאַפט, ווען די גרעזעלעך און די בלומען האָבען געדופט מיט פערלאַנג און די שטערענדלעך האָבען ווייט, ווייט אין בלויען הימעל אריין, האָט מיימי אָבגעגעבען איהר האַרץ דעם, וועמען זי האָט ליעב געהאַט מיט דעם פייער פון דער ערשטער, יונגער, ריינער אונשולדיגער ליעבע.

דאַן איז געקומען דער דונקלער, קאַלטער טרויעריגער ווינטער... די בוימער האָבען אַרונטער גענומען זייער גרינעם סאַמעטענעם מאַנטעל, די גרעזעלעך זיינען פערטריקענט געוואָרען. די בלומען פערוועלקט און מיימי אייזענשטיין איז געבליבען אליין.

.2

לאַנגזאַם און טרויעריג האָבען זיך געצויגען די פינסטערע טעג, קיין פרייד, קיין האָפנונג אין לעבען... יעדען טאָג דער זעלבער ענגער שאָפּ, די זעלבע שווערע אונדאַנקבאַרע אַרבייט. די ראָזען פון מיי־

קומען, — ער האָט געשוואומען אין זיין אייגען בלוט. ער האָט נאָך גע־לעבט, אָבער דער טויט האָט שוין געשוועבט איבער איהם . . . די שרעק־ליכע יסורים האָבען פערענדערט דאָס געזיכט פון דעם מענשען, וועל־בער איז איהר געווען אַזוי טייער.

זי האָט זיך אָבגעקעהרט און צו־וויינט מיט ביטערע, ביטערע טרערען.



נאַרישע מענשען! דאָס קינד האָט מען געבראַכט פון א פינס־טערן ווינקעל. אַן אָרעמע, אונגליקליכע מוטער האָט מאָנאַטען לאַנג שווער געאַרבייט, געליטען מאַנגעל, ניט געשלאָפען נעכט, ניט גענע־סען קיין וואַרעמעס וואָכענווייז לאַנג, אום דאָס קינד זאָל קריגען אַזא רייכען גאַרדעראָב...

מיט טרערען האָט די יונגע מוטער אָנגעטאָן איהר קינד אין די שעהנע, רייכע קליידער, מיט שטילע טרערען האָט זי איהר גאַנצע גאָב איינגעפּאַקט, מיט טרערען האָט זי געטראָגען איהר טייערען, ליעבען פּעקעל איבער די גאַסען... ענדליך האָט זי דאָס צום לעצטען מאָל צוגעדריקט צו איהר האַרץ, צוויי לעצטע טרערען האָבען זיך אַראָב־געקייקעלט אויפ'ן ווייסען קישעלע און דאָס קינד איז געבליבען אליין אויפ'ן גאַס...

מיימי האָט געלעזען אין די צייטונגען אַלע טאָג גאַנצע בעריכ־טען פון איהר קינד. זי האָט געזעהן געדרוקט דאָס בילד פון איהר שעהנע טעכטעריל... זי האָט געוואוסט, דאָס מען ליעבט דאָס קינד, דאָס פיעל רייכע דאַמען געהען יעדער טאָג בעוואונדערען דעם קינד'ס שעהנקייט... ענדליך האָבען איהר די צייטונגען געבראַכט די נאַכריכט, דאָס אַ רייכע דאַמע האָט איהר קינד אַדאָפּטירט. דיעזע נאַכריכט האָט זי ערפרייט און דערשראָקען. דאָס קינד האָט אַ היים, האָט מיימי געטראַכט, דאָס קינד וועט פיללייכט אויך אַ מוטער האָבען, אָבער איך וועל מיין קינד שוין ניט האָבען, קיין מאָל ניט, קיין מאָל ניט!...

.4

די אינסטינקטען פון אַ מוטער האָבען זיך ערוועקט אין איהר צו־וואונדעטעם האַרץ. . גאַנצע טעג האָט זי פערפאָלגט נור איין גע־דאַנק: זעהן דאָס קינד... איין מאָל נור זעהן איהר קינד!... גע־גען איהר ווילען פלעגען איהר דיעזע געדאַנקען פיהרען איבער די גאַסען פון ניו יאָרק ביז זי פלעגט קומען צו אַ געוויסען פּאַלאַסט אויף דער „נ" שטראַסע... דאָ פלעגט זי שטעהן שטונדען ווייז און וואַר־טען... אריינקוקען אין די אָפענע פענסטער, צוהערען זיך...

מיט אַ ציטערענדיגער האַנד האָט מיימי אָנגעקלונגען ביי דער אויסערער טהיר. אליין די ווירטהין האָט איהר געעפענט, מיימי האָט דערזעהן גענען זיך די מוטער פון איהר קינד...

מי'ם באקען זיינען פערשוואונדען, דער גוטער שמייכעל פון איהרע ליפען איז אוועק אויף אימער.

זי האָט געשוויגען, אָבער אין שאפּ האָט מען גערעדט... איהרע בעסטע פריינד האָבען זי אָנגעפאנגען צו פערפאָלגען אין דעם נאָמען פון גאָט און אין דעם נאָמען פון דער געזעלשאפט... זי האָט געמוזט קומען צו דער ארבייט פריהער פאר אלע, א גאנצען טאָג זיצען אויף איהר פלאטץ, און שפּעטער פון אלע ארויסגעהן, ווייל ווען זי פלעגט געהן פארביי די ארבייטערינען פלעגען אלע לאכען, פייפען, הוקען, שפייען. דער פאָרמאַן פלעגט ווינקען איבער'ן טיש מיט א פרעכע מי־נע און אייניגע פלעגען שרייען: מיסים, מאדאם!... וואָס ווערט איהר אזוי קיילעכדיג?... חא חא! און חי! חי! און מיימי ווערט נאָך בלאסער, טראָגט איבער מיט געדולד איהר שאנדע און שמערץ... שווייגט און זיפצעט שטיל.

קיינער ווייס ניט, וועלכע שרעקליכע שווערע מינוטען זי האָט איבערגעלעבט ווען זי האָט אין די לאנגע שלאָפלאָזע נעכט אין איהר ענגען צימער געטראכט וואָס זאָל זי טאָן? דער ערשטער ביטערער גע־דאנק איז געווען זעלבסטמאָרד, דער צווייטער שרעקליכער געדאנק איז געווען — ערמאָרדען דאָס אונגליקליכע קינד... איהר יונגע קע־פּעלע האָט געארבייט און די יונגע אויגען האָבען טרערען געגאָסען... ענדליך, האָט זי בעשלאָסען: זעלבסטמאָרד בעגעהן שוואכע מענשען, וועלכע האָבען קיין קראפט ניט צו קעמפּפען... אַן אונשולדיג קינד ערמאָרדען קענען נור גרויזאמע נאררישע פערברעכער, — לעבען און פאר'ן לעבען קעמפּפען!....

### 3.

אלע צייטונגען זיינען געווען פול מיט דער בעשרייבונג פון דעם זעלטענעם קינד... א פּאָליסמאַן האָט עס געפונען ניט ווייט פון צענטראל דיפּאָ... א מיידעלע שעהן ווי גאָלד... שווארצע גרויסע אויגעלעך, רויטע ליפּעלעך!.. אָבער וויפיעל קליידער! וועלכע שעהנע און טייערע מיטצלעך, וועלכע פיינע צודעקען, וואָסערע זעלטענע שפּיטצען... עס איז אַן אריסטאָקראטישע קאָפּ, האָבען אלע געשריען אין איין קול... עס איז אונבעדינגט פון דער פינפטער עוועניו גע־בראכט געוואָרען... האָבען געשריען די רעפּאָרטערס.

פינסטערען טענעמענט הויז ?... לײדען הונגער, נויטה, שאַנדע...
און דאָ איז אַזוי געװען, רײך... זי האָט אָבגעװײשט שנעל איהרע
טרערען, האָט צום לעצטען מאָל אַ קוש געטאָן איהר קינד און איז
אױפגעשטאַנען... גוטע פרוי, דאַנקע !.. איהר זײט יעצט מײן קינדס
מוטער... איהר האָט זי ליעב, אַ יאָ ?... װײנט ניט ! איך בין אױך
גליקליך... אײן אױגענבליק בין איך דאָך געװען איהר מוטער...
אַז דאָס דען ניט גענוג פאַר אַן אָרעמער פרוי ? זײ געזונד, קינד...
זײ גליקליך... מיר שײדען זיך אױף אײביג !... עלעאָנאָרע !...

און מײמי איז אַרױסגעגאַנגען מיט שנעלע ענטשלאָסענע טריט...
און די רײכע פרוי איז געשטאַנען געריהרט און פערװאונדערט, און
דאָס קינד האָט געשלאָפען מיט אַ רוהיגען זאָרגלאָזען שלאָף.



— וואָס פערלאַנגט איהר? האָט געפרעגט די רייך געקליידעטע מאַדאַם

— איך זוך א פּלאַץ... איך וויל זיין א דיענסט אין אייער הויז...

— עס איז ניטאָ קיין פּלאַץ ביי מיר אין הויז, האָט די מאַדאַם געענטפערט בייז און שטאָלץ, אָבער זי האָט באַלד איבערגעביטען איהר טאָן און האָט מיט א דערשראָקענער שטימע געפרעגט: וואָס איז אייך?... איהר זייט אַזוי בלאַס?...

מיימי איז קוים געשטאַנען אויף איהרע פיס...

— איהר האָט מיט איינינגע מאָנאַטען צוריק אדאָפּטירט א קינד.... האָט געזאָגט מיימי מיט א ציטערענדיגער שטימע, איך בעט אייך... ערלויבט מיר איין אויגענבליק... נור איין אויגענבליק!...

— ווי וואַגט איהר? האָט די רייכע דאַמע א געשריי געטאָן; זי האָט אָבער באַלד פערשטאַנען ווער די אונגליקליכע יונגע פרוי איז, און האָט שטיל געפרעגט: וואָס? איהר פערלאַנגט...

— ניין! איך וואָג ניט! איך פערלאַנג קיין זאַך ניט! ערבאַרעמט אייך איבער מיר, האָט מיטלייד, ערלויבט מיר נור איין אויגענבליק.. נור איין אויגענבליק... און דאַן אויף אייביג, אויף אייביג...

ביידע פרויען זיינען געשטאַנען לאַנג איינע געגען דער אַנדערער און האָבען געשוויגען,ביידענס אויגען זיינען געווען פול מיט טרע־רען...

.5

דאָס קינד האָט געשלאָפען אין א רייכע בעטעלע... מיימי איז צוגעגאַנגען שטיל. איינינגע מינוטען איז זי געשטאַנען און האָט בע־טראַכט איהר קינד, דאַן האָט זי זיך אַראָבגעלאָזט אויף די קניע און האָט זיך צוגעבויגען צום קינד... א גרויסע טרער איז אַראָבגעפאַלען אויפ'ן קינדס ווייסע הענטעלע... ווי רופט מען זי? האָט זי קוים אויסגערעדט.

— עלעאָנאָרא!... עלעאָ!... האָט מיימי געוואָלט זאָגען און האָט ניט געקענט. טרערען האָבען זי געשטיקט. זי האָט זיך צוגעבויגען נאָך ניעדעריגער און איז געבליבען ווי א פערשטיינערטע... א געדאַנק האָט א בליץ געטאָן, כאַפּען דאָס קינד און לויפען... וואָהין? אין א

און מיט א לכה דודי פון געדונגענעם מענשען פריינד... זיי הערען איך אין דער לינקער פאה און געהען זיך מיט זייער וועג צו פינסטער־ניס, ארמוטה און ווילדקייט.

ניין! אויפ׳ן גאַס, אויפ׳ן רעגען און שנעע, אויף א בלאָטיגען סטופּ אין א שמוציגען שיינק, אויף אַן איינזאַמע באַנק און פּאַרק, אין אַן אָפענעם עקספּרעס לעבען א סטייבעל וועט ער שוין אויף איך קיין איינדרוק ניט מאַכען. אָט איהר קוקט זיך צו בעסער צו איהם, ווען ער, מעהר אָדער ווייניגער א גליקליכער, זיצט אין איינעם פון די „האָטעלען״, וועלכע ציהען זיך פון קופּערס אינסטיטוט ביז׳ן סיטי האָל, — ווען ער זיצט מיט אַ פּיפּקע אין די ליפּען, אָדער מיט טשו טאַבעקאַ אין מויל, מיט א ביליגע צייטונג אין האַנד, און מיט די פיס לעבען א גרויסען אייזערנעם אויוועז, אויב עס איז ווינטער, און מיט די די זעלבע פיס אויף אַן אָפענעם פענסטער, אויב עס איז זומער... איהר קוקט זיך צו — דאָרט זיצט אַן אַלטעטשקער און רויכערט פערטראַכט, א יונגער באַי דרעמעלט דעם קאָפּ אַראָבגעבויגען פון בייג־קעל, — קוקט זיך צו צו זיי און פרעגט: וואו איז זייער היים? . . און איך וועט געוויס אָנהויבען וועה טאָן דאָס האַרץ.

ווען איך פאָהר מיט׳ן עלעווייטאָר פערביי דיעזע „האָטעלען״ און זעה די „געסט״ דאָרט דורכ׳ן פענסטער פון וואַגאָן, מוטשעט מיך געגען מיין ווילען די פראַגע: „אזוי פיעל מענשען דאָ... וואו איז זייער היים? ... אַן אָרעמאַן, וועלכער וואָהנט אין איינגע שמוציגע רומקעלאַך האָט דאָך א ווינקעלע, וואו ער איז אין דער היים, וואו ער געפינט מענשליכע וואַרעמקייט, מיטלייד, פריינדשאַפט. נאָהענטע, וועלכע אינטערעסירען זיך מיט איהם, וועלכע שטיצען זיין געזונדהייט און האָבען מורא פאר זיין טויט. א פערוואָגעלטער עמיגראַנט האָט א היים ערגיץ ווייט, וואָהין ער טראָגט זיך מיט זיינע געדאַנקען און פון וואַנען ער ערוואַרטעט פרייד און טרויסט. א באָרדער אין א פרעמדע הויז האָט גוטע פריינד, האָט א פאַמיליע מיט וועלכער ער איז גע־וואָהנט, האָט מענשען, וועלכע רעכענען איהם פאר אַן אייגענעם, האָט א צימערעל, וואו ער איז ווי אין דער היים. וואו איז די היים פון דיעזע טויזענדער, טויזענדער מענשען, וועלכע זיינען דאָ איין נאַכ־טיגע געסט, וועלכע זיינען דאָ צווישען מענשן, מיט וועלכע זיי האָט צוזאַמען געבראַכט א צופאַל, וועלכע וועלען מאָרגען שפּאַצירען אויף

# אָהן אַ היים.

איהר זעהט זיי אויף דער בויערי אויף יעדען טריט און שריט. איינינע פון זיי זיינען שכור, אנדערע צו ניכטער. איינינע מאכען זיך הארץ און האלטען זיך מונטער, אנדערע געהן אום טרויעריגע, ני־דערגעשלאָגענע, פערטראַכטע. ביי איינעם זיינען די פינגער ארויס־געשפרונגען פון די שטיוועל און ער טראָגט א סטאָוו פייפ. דער אנדע־רער טראָגט געלע שיך און האָט ניט קיין אונטער־וועש. איינינע זיצען ביי נאכט און דרעמלען אויף די טרעפּ פון א פרעמדען סטופּ, אנדערע בלאָנזשען אום א גאנצע נאכט, ווידער אנדערע קוויקען זיך מיט פריי־שע לופט וואו עס איז אין פּארק. איהר זעהט זיי אויף דער בויערי אין פּארק ראָו, וואָהין איהר קעהרט זיך און ווענדעט זיך, איהר זעהט זיי שכורע, שמוציגע, פון אלע פעראַכטע, פון פּאָליציי פערפאָלגטע, פון דער וועלט אָבגעריסענע, פון דער געזעלשאפט ארויסגעשטויסען; — איהר זעהט זיי הונגעריגע, נאַקעטע און באָרוועסע, פערלאָרענע, פּרעכע, ניעדערגעשלאָגענע, אונגליקליכע, עלענדע פערמיאוסטע, איהר זעהט זיי און זיי מאַכען שוין אויף אייך קיין איינדרוק ניט. איהר זייט א „וויסענשאפטליכער" מענש און איהר ווייסט, אז עס איז א געזעצ־ליכער „קאָנסעקווענטער" פּראָדוקט פון דער סיסטעם. וואָס דאַרפט איהר נאָך? . . .

זיי מאַכען אויף אייך קיין איינדרוק ניט, ווייל אייער אויג איז געוואָהנט צו זיי. זיי זיינען אַן „אייגענשאפט" פון דער גאַס פונקט אזוי ווי א דיקער פּאָליסמאַן, א בארעל מיסט, א פּרעכער אדווערטייז־מענט אַן אָנגעפּארבטע פּראָסטיטוטקע, א צוסטראָיטע קוויטשענדיגע שארמאַנקע. זיי מאַכען אויף אייך קיין איינדרוק ניט, און איהר קענט אויף זיי אויך קיין איינדרוק ניט מאַכען מיט א זיפץ פון א פילאַנטראָפּ, מיט א באַראבאַן פון סאַלוויישען אַרמי, מיט א הללויה פון א צבועיאַק

# מיין אויבער־ראָק!

## (אַ פּסיחאָלאָגישער עטיוד.)

.1

אין איין אויגענבליק האָט זיך שוין פערזאַמעלט אַ גאַנצע מענ־גע נייגעריגע אויפ'ן טראָטואַר אַנטקעגען אַ ביליגען „לאָדזשינג הויז״ אויף דער בויערי. ערשט, דאַכט זיך זיינען אַלע געגאַנגען מיט אַ גע־וועהנליכען טריט, יעצט לויפען זיי, צוימען איבער די גאַס און שפּרינגען איבער די רעלסען . . . מען ווייס ניט וואָס האָט פּאַסירט, נור איינער לויפט, לויפט דער אַנדערער, לויפען אַלע . . .

ביים לאָדזשינג הויז איז געשטאַנען אַ אידישער יונגער מאַן, זעהר אָרעם געקליידעט און מיט אַ קריינקליכען געזיכט און האָט מיט אַ וויינענדיגע שטימע גע'חזר'ט אָהן אַן אויפהער: „גיט מיר אָפּ מיין אויבער־ראָק!״ „אוי גיט מיר אָב מיין אויבער־ראָק״ די מוסקולען פון זיין געזיכט האָבען זיך ביי דיעזע ווערטער געצוקט פון שרעק־ליכע קאָנוואולסיען און זיינע ערשראָקענע אויגען האָבען געקוקט ווילד און פערצווייפעלט.

עס זיינען געווען בעווייזע, דאָס מען האָט איהם פון לאָנדזשינג הויז ארויסגעוואָרפען אָהן איבריגע צערעמאָניעס. עטליכע טראָפּענס בלוט אויף די האָר פון קאָפּ און אויפ'ן שטערן האָבען בעוויזען, דאָס ער האָט ערשט געקראָגען גוטע קלעפּ. . . און זיין אויסגעשמירטער זשאַקעט און הויזען האָבען געצייגט, דאָס מע האָט איהם געשלעפּט איבער די טרעפּ אראָפּ מיט רציחה . . . „גיט מיר אָב מיין אויבער־ראָק! . . . גיט מיר אָב מיין אויבער־ראָק!״ האָט געשריען דער יונגער מאַן אַלץ מיט מעהר געוויין און פערצווייפלונג. געגען איהם איז גע־שטאַנען אַן אײרישער בחור אָהן אַ ראָק אין אַ ווייסען פאַרטוך. די אַרבעל פון זיין העמד זיינען געווען פערקאַטשעט, צוויי געזונטע קולאַ־

דער גאַס אַ גאַנצע נאַכט, אָדער זיין געסט אין אַן אַנדער לאָדזשינג הויז? וואו איז זייער היים? וואו קענען זיי נעהמען די מענשליכע ווארעמע געפיהלען פון מיטלייד, פריינדשאַפט, מיט־געפיהל, אָהן וועל־כע דעם מענשענס לעבען איז אַ פינסטערער, קאַלטער קבר?

זיי האָבען ניט קיין היים! זיי בלאָנזען ארום איבער דער וועלט פרעמדע, עלענדע טוט איינעם פון זיי וועה — ווער וויים עס? איז ער קראַנק — ווער נעמען האַרט עס? ער וועט אומגעהן אַ קראַנקער, אַ צופוילטער, אַ צו־ווייטאָגטער אַזוי לאַנג ביז ער וועט פאַלען אין מיט'ן גאַס און פרעמדע מענשען וועלען איהם אויפהויבען און אַוועק פיהרען אין אַ האָספּיטאַל, וואו מע וועט איהם זעהר שלעכט און זעהר גראָב בעהאַנדלען. ווט ער שטאַרבען — ווער וועט איהם שענקען איין טרער, ווער וועט פיהלען אַז ער פעהלט, אַז ער איז ניטאָ מעהר אויף דער וועלט? ווער וויים פון איהם, אַז ער לעבט, און ווער וועט דענקען פון איהם, ווען ער וועט שטאַרבען? ...

אַזוי פיעל מענשען דאָ... אָהן אַ היים...



— מיין אויבער־ראָק ! מיין אויבער־ראָק !..

— הי איז קרייזי, האָט איינער אַ געשריי געטאָן, ווען מע האָט איבערגעזעצט אין ענגליש, וואָס דער מאַן מיט'ן סטאָוו פּייפּ האָט געזאָגט.

— פּאַרט פון דאַנען ! האָט אַ געשריי געטאָן דער איירישער מיט אַ שרעקליכען צאָרן, און האָט אָנגעהויבען שטויסען דעם פּערוויינטען יונגען מאַן . . .

— ניין ! ניין ! מיין אויבער־ראָק ! גיט מיר אָב מיין אויבער־ראָק ! דערויף האָט דער איירישער געענטפערט מיט אַ שטאַרקען זעץ אין אויג אריין . . . .

—מיין אויבער־ראָק ! האָט געשריען דער יונגער מאַן און אויף זיין קאָפּ האָבען זיך געשאָטען פייערדיגע קלעפּ, בלוט האָט זיך געגאָסען פון נאָז און פון זיין אויער. ער איז שוין פיעל מאָל געווען געשליידערט צו דער ערד, אָבער ער פלעגט זיך באַלד אויפכאַפּען און שרייען דאָס אייגענע : מיין אויבער־ראָק ! מיין אויבער־ראָק !

צוויי פּאָליציסטען האָבען איהם מיט גרויס מיה געקענט אריינזעצען אין פּאַטרול וואָגען . . . זיין שטימע איז שוין געווען הייזעריג און ער האָט נאָך אימער געשריען דאָס זעלבע : מיין אויבער־ראָק ! מיין אויבער־ראָק ! . . .

אין סטיישאָן הויז איז אויף איהם פּלוצלונג אָנגעפאַלען אַ ווילדע משוגעת. זיין פּערצווייפעלטען געשריי האָבען כמעט אַ גאַנצע נאַכט געהערט די שכנים ארום. ער האָט געקלאַפּט אין טהיר מיט די פיס און די הענד און געפאָדערט זיין אויבער־ראָק אונבעדינגט. די געזונדע אָרדנונג מחבלים זיינען ארויס פון די כלים, האָבען איהם גע'הרג'עט מכת רצח און געבונדען מיט שטריק. פּאַרטאָג איז ער ענדליך מיעד און שטיל געוואָרען און זיינע ליפּען האָבען נור געשעפּטשעט : מיין אויבער־ראָק ! מיין אויבער־ראָק ! . . .

אויף אַלע פראַגען אין פּאָלים קאָורט האָט ער געענטפערט מיט אַ געוויין און געבעט, מען זאָל איהם אָבגעבען זיין אויבער־ראָק און אין בעלוויו האָספּיטאָל האָט מען פון איהם געהערט נור צוויי ווערטער, וועלכע ער האָט קוים אויסגערעדט מיט זיין שוואַכער שטימע : מיין אויבער־ראָק !

קעם זיינען געווען צונויפגעדריקט, די אויגען האָבען געברענט מיט פייער, דער פּנים אָנגעגאָסען מיט בלוט.

— וואָס איז געשעהן? — האָט געפרעגט איינער פון די נייי־געריגע.

— ער נעכטיגט דאָ ביי מיר א גאַנץ ווינטער און איז אימער שטיל... היינט אָבער האָט איינער פון די טרעמפּס צוגענומען זיין אויבער־ראָק, אַן אַלטע אויסגעריבענע שמאַטע, וועלכע איז ניט ווערטה קיין סענט... איך גיב איהם צוויי דאָלאַר, ער זאָל נור קיין סקאַנדאַל ניט מאַכען... און ער... גאַד ד...

ביי דיעזע ווערטער האָט דער איירישער גלח ארויסגעשלעפּט פון זיין הויזען־קעשענע צוויי דאָלאַר־בילס און האָט בייז אויסגעשריען: נאַ! נעהם! און געה צום טייוועל!

דער יונגער מאַן, וועלכער איז אויף א מינוט אנשוויגען געוואָרען און האָט זיך אויפמערקזאַם צוגעהערט, וואָס מען רעדט — האָט פּלוצלינג נאָך העכער און נאָך מיט א גרעסערען יאָמער אָנגעהויבען קלאָגען: אָי! גיט מיר אָב מיין אויבער־ראָק! מיין אויבער־ראָק גיט מיר אָב! מיין אויבער־ראָק!"...

די רייהען פון די נייגעריגע זיינען געוואָרען געדיכטער. אַלע האָבען סימפּאַטיזירט מיט'ן בעל הגוף פון לאָדזשינג־הויז און האָבען געלאַכט פון דעם משוגענעם נאַרר, וועלכער וויל ניט נעהמען קיין צוויי דאָלאַר פאַר אַן אַלטע שמאַטע... צווישען די נייגעריגע איז געווען א „סטאַר" פון א אידישען טהעאַטער. ער איז צוגעגאַנגען צום יונגען מאַן און האָט מיט איהם גענומען רעדען אידיש...

— איז דען דער אויבערראָק געווען זעהר א טייערער?

— ניין, זעהר אַן אַלטער... איך האָב איהם נאָך מיט צוויי יאָהר צוריק געקויפט אין לאָנדאָן א סעקאָנד הענדיגען...

— נו, פאַר וואָס נעהמט איהר ניט די צוויי דאָלאַר?

ביי דיעזע ווערטער האָט דער יונגער מאַן מיט א נייעם געשריי און געוויין: מיין אויבער־ררָאָק! גיט מיר אָב מיין אויבער־ראָק!...

— ווייסט איהר וואָס, האָט געזאָגט דער סטאַר, קומט, איך וועל אייך שיינקען מיינעם א פּאַלטאָ, כמעט גאָך גאָר א נייעם...

— ניין! ניין! מיין אויבער־ראָק! מיין אויבער־ראָק!

— קומט, איך וועל אייך קויפען אין סטאָר א נייעם פּאַלטאָ!..

צוואַנציג דאָלאַר, וואָרום די וועכטערין אין בעלוויו האָספּיטאַל, וועלכע איז געשטאַנען לעבען איהם ווען זיינע ערשראָקענע אויגען האָבען זיך צוגעמאַכט אויף אויביג, האָט געהערט ווי זיינע בלאַסע ליפּען האָבען אַמאָל אויסגעשעפּטשעט: הונד־ער־ט... ז־ע־קס און צוואַנ...צי־ג...

איז ער ווירקליך געשטאָרבען פון נערוועזן פיבער, ווי עס איז פער־שריבען אין די ביכער פון בעלוויו האָספּיטאַל, אָדער פון די גרויזאַמע קלעפּ — דאָס איז אַ געהיימניס, וועלכע איז בעגראָבען צוזאַמען מיט׳ן אונגליקליכען אין „פּאָטער פיעלד”. ער איז געלעגען די גאַנצע צייט אין אַ צושטאַנד פון בעוואוסטלאָזיגקייט, נור איין אויגענבליק פאַר זיין טויט, האָט ער געעפענט זיינע גרויסע אויגען און האָט אָנגעהויבען קוקען אין דער ווייט... עס קען זיין, ער האָט געזעהען זיין היים, זיין מאַמען, זיינע פריינד... זיין שווערער קאָפּ האָט זיך אַראָבגע־גליטשט פון קישען און זיינע ליפּען האָבען שטיל געשעפּטשעט: מיין אויבער־ראָק...



.2

אין דער היים האָט ער געהאַט אַ מאַמען, שוועסטער, קלענערע ברידער, דאָ אין ניו יאָרק איז ער געווען פרעמד און עלענד. די אָרעמע מאַמע נעביך האָט געוויינט און האָט איהם געבעטען, ער זאָל בלייבען אין דער היים, ווער אָבער פאָלגט עס אַ מאַמען? אַ זעכצעהן־יעהריגער אינגעל אָהן געלד, אָהן קענטנים, אָהן אַ געוואָהנהייט צו אַרבייטען, האָט ער זיך אַוועקגעלאָזט אין דער ווייטער וועלט צוויי יאָהר האָט ער זיך אומגעוואַלגערט אין לאָנדאָן און דריי יאָהר אין ניו יאָרק.

ער האָט געליטען קעלט און הונגער, נויט און מאַנגעל, געלעגען עטליכע מאָל אין האָספּיטאַל, גענעכטיגט אָפט אויף אַן עקספּרעס, אומגעגאַנגען וואָכען לאַנג אָהן אַרבייט ער איז געווען אַ קעלנער, האָט זיך געלערנט שערען ביי אַ באַרבער, געלערענט אַ מלאכה אין באַראָן דע הירש טרייד סקוהל און איז דורכגעגאַנגען אַ לאַנגען און שווערען קורס...

ער האָט ענדליך בעשלאָסען אומקעהרען זיך צוריק צו דער מאַמען און צו די פריינדע, אָבער ער האָט געוואָלט קומען אהיים אונבעדינגט מיט געלד...

אַ גאַנץ ווינטער האָט ער געאַרבייט אַלס אַ פייערמאַן אין אַ גרויסער פאַבריק... פון זעקס פאַר נאַכט האָט ער זיך געבראָטען ביים גרויסען קעסעל, האָט געשלעפּט אויף זיך בערג מיט קוילען, געטראָגען גאַנצע בערג מיט אַש, אָבער זיין האָפנונג איז געווען אויף פּסח צו קומען אהיים... קומען מיט אַ גאַנצען פּאַק דאָלאַרס... דער מאַמען די ברידער, די שוועסטער — אַלעמען ברייגגען פּרעזענטען... די גאַנצע שטעדטעל וועט זיך צונויף לויפען קוקען אויף יאָסעל ביינעס... אַוועק פון דער היים אַ אינגעל און געקומען אַ מענש מיט געלט... דער אַלטער מאַמעס אויגען זיינען פול מיט פרייד און שטאָלץ, און ער וועט נאָך אַזאַ לאַנגען וואַנדלען ענדליך אויפהערען זיין נע ונד...

ער האָט זעהר געשפּאָרט, האָט זיך געגעהרט זעהר שלעכט, האָט אַ גאַנץ ווינטער גענעכטיגט אין אַ ביליגען און שמוציגען לאָדזשינגהויז און פלעגט יעדע וואָך איינגעהן אין פּאָלטאָ אונטער'ן בוזעם קעשענע עטליכע דאָלאַר... וויפיעל ער האָט שוין געהאַט ווייס מען ניט, נור עס איז אַ סברא, אַז ער האָט געהאַט הונדערט זעקס און

„ברוך ד׳ יום יום יעמוס לנו״ געלויבט איז דער גאָט, וואָס זאָרגט פאַר אונז טאָג טעגליך.

זיין גאַנצער לעבען איז געווען אַ גוטער שמייכעלע, זיין טוּ־ט — אַ שטילער זיפץ ווי ער האָט געלעבט און ווי ער איז געשטאָרבען איז ווערט צו דערצעהלען.

.2

ער איז געווען אַ גוטער. פיעלע עוֹלות האָבען מענשען איהם געטאָן — ער האָט אין זיי לעבען קיינעם קיין שלעכטס ניט געטאָן. זיין ליעבענדעס הארץ האָט געטראָגען ליעבע צו יעדען מענשען, צו יעדער בעשעפענים. איהם האָבען געליעבט מענשען, איהם האָבען געליעבט קינדער, הויז־טירען האָבען זיך צו איהם געלאַסטשעט, שטילע טויבען פלעגען פאַר איהם זיך ניט שרעקען. ער איז אליין געווען שטיל ווי אַ טויב און נאַאיוו ווי אַ קינד. וואו קען אַזאַ מענש שטארבען אין אונזערע צייטען ווען ניט צווישען קאַלטע שטיינער, אליין, אין דער פרעמד ? . . .

און ער איז געשטאָרבען צווישען קאַלטע שטיינער אין אַ פרעמדען הויף אין אַ קאַלטע דונקעלע נאכט . . . קיין ליעבענדע האנד האָט ניט צוגעמאכט זיינע שוואכע אויגען, ווען ער איז געגאנגען איינשלאָפען מיט׳ן אויביגען שלאָף. קיינע גוטע פריינד זיינען ניט געקומען אין דער לעצטער מינוט אויסצודריקען איהם זייער מיטגעפיהל, אָן אָרעמאַן האָט קיין גוטע פריינד ניט. נור די שטערענדלעך פונ׳ם בלויען הימעל האָבען צו איהם פריינדליך געווינקט, די שטיינער האָבען פון זייער שאָטען געמאכט איהם אַ שווארצען פרעכטיגען טרויער־מאַנטעל און ער האָט געשמייכעלט און האָט שטיל געשעפטשעט : „איך דאַנק דיר, גוטער גאָט ! דו זאָרגסט פאַר מיר און איך בין גאַנץ צופריעדען״.

ער האָט געליטען, האָט זיך געפּלאַגט, מענשען האָבען איהם בעלעדיגט, זיינע אייגענע קינדער האָבען איהם פערלאָזען. זיינע פריינד האָבען זיך פון איהם אָבגעווענדעט ווען ער איז געוואָרען אַלט און צו קיין אַרבייט ניט נוצליך, און ער איז געווען צופריעדען. ער האָט געהונגערט צוויי און דריי טעג און איז געווען צופריעדען. ער האָט געלע־

# איין מענש און ארום זיינען שטיינער.

(סילועט.)

---

.1

א גרויסער הויף שטעהט ארומגעצוימט מיט א הויכען פארקען. גאנצע יארוסען מיט שטיינער ציהען זיך אין אלע זייטען — דא וועט באלד ערשיינען א פאלאסט פון א מיליאנער. די שטיינער ווארטען מיט געדולד ווען וועלען קומען אהער ארבייטער מיט העק, מיט האמערען, מיט גראב־אייזענס און ארום זיי וועט זיך אויפהויבען א געפילדער, א געשריי, א ליארעם. דערוויילל איז דא שטיל, דער הויף דרעמעלט, די שטיינער שווייגען און ניט ווייט רוישען שווער אנגעלאדענע וואגענס, קארס לויפען אום אהין און אהער. טויזענדער מענשען געהן אום פערטראגענע, קינדערשע שטימען הילכען אין דער לופט — די גרויסע שטאדט שטורעמט און ברויזט.

ניט די שטיינער אליין שווייגען דא; אין א טיעפע הייל, צווישען צוויי גרויסע שטיינער זיצט דא צוזאמענגעבויגען א מענש און שווייגט, ווי די טויטע שכנים ארום איהם. ער שווייגט — זיינע ליפען האבען זיך פערשלאסען אויף אייביג, זיין גרויער קאפ איז אבגעשפארט אן א הארטען שטיין... זיין אויסגעדארטער, אויסגעטרוקענטער קערפער איז קאלט ווי זיין געלעגער און אויף זיינע ליפען איז פערגליווערט געווארען א גוטער צופריעדענער שמייכעל. מיט דיעזען גוטען שמייכעל האט ער אויסגעהויכט זיין נשמה און איז אנשווייגען געווארען אויף אייביג... גאר נישט אונגעוועהנליכעס האט דא פאסירט, אן אלטער עלענדער מענש איז דא געשטארבען צווישען די שטיינער... ער איז אויסגעגאנגען אין דער שטיל פון הונגער און לעבען איהם ליגט א ביבעל אין וועלכען מיט א בליישטיפט זיינען אונטער געצייכענט די ווערטער:

ער איז געווען זעהר אָרעם געקליידעט און דאָך האָט ער אויסגע־
זעהען אזוי ערווירדיג, דאָס קיינער האָט איהם ניט גערעכענט פאַר א
בעטלער. ער איז אויסגעגאַנגען פון הונגער און דאָך האָט ער ניט גע־
וואָלט בעטען. זיין פערטראַכטער שטילער בליק און זיין בלאַס געזיכט
האָבען דאָך אָפט געשראָקען די זאטע מענשען און זיי פלעגען איהם
געבען עטליכע סענט. אין אזא גליקליכען טאָג פלעגט ער מיט זיין צי־
טערנד האנד שרייבען אויף איינע פון די בלעטלעך פון זיין ביבעל:
„היינט, דעם 3־טען אפּריל, האָט מיר דער גוטער גאָט צוגעשיקט פינף
סענט. איך האָב געגעסען גענוג ברויט און האָב נאָך פערביסען מיט א
באַנאַן".

עפּטער אבער פלעגט ער מיט זיין בליישטיפט שרייבען: „היינט
האָט מיר דער גוטער גאָט גאָר ניט געגעבען. אָבער דאָך געלויבט זאָל
ער זיין און געבענשט זאָל זיין זיין נאָמען... עס מאַכט ניט אויס, איך
וועל נור קענען איינשלאָפען..."

זיין גוטער גאָט האָט איהם ענדליך געהאָלפען איינצושלאָפען
מיט א גוטען, רוהיגען, שטאַרקען שלאָף. ער האָט געפיהלט דאָס די
לעצטע מינוטען קומען און ער איז געזעסען אָנגעשפּאַרט אָן די שטיי־
נער און האָט מיט זיין שוואַכער שטימע געלויבט דעם גוטען גאָט, וואָס
האָט איהם געגעבען אזא גוטען לעבען און אזא גרינגען טויט. עס איז
געווען שפּעט... ער האָט געהערט, ווי פון ווייטען קלינגען די גלעק־
לעך פון א קאַר, א פריילליכע קאָמפּאַניע געהט פון ערגעץ און זינגט,
יונגע באָיעס מאַרשירען און פייפען אויס מיט די ליפּען א פריילליכען
מאַרש און ער האָט צום לעצטען מאָל א קוק געטאָן אויף די קאַלטע,
שטומע שטיינער און האָט צוגעשלאָסען זיינע אויגען...



זען זיין ביבעל און האָט געזאָגט: „איך דאַנק דיר גאָט, וואָס דו פערזאָרגסט דעם מענשען טאָג טעגליך".

ער האָט אויך אַ מאָל געוואוסט פון גוטע טעג און גליקליכע מינוטען. ער האָט געהאט קינדער, וועלכע זיינען געווען זיין פריינד און זיין נחת. ער האָט געהאט אַ פרוי — זיין פריינד און זיין געזעל... די גוטע אַלטעטשקע איז שוין לאַנג געשטאָרבען, די קינדער האָבען זיך צוזייט און צושפּרייט איבער דער וועלט; און ער, אַן אַלטער, אַ שוואַכער, אַ פרעמדער, אַן עלענדער איז געקומען אין דער גרויסער שטאָט ניו יאָרק, מיט עטליכע גראָשען אין קעשענע און מיט אַן אַלטען ביבעל אונטערן אָרעם, „ניש קשה" האָט ער געטראַכט „אין ניו יאָרק לעבען אַזוי פיעל מענשען. טויזענדער מענשען, הונדערטער טויזענדער מענשען און איין מענש צווישען זיי וועט געווים ניט פערפאַלען ווערען" ער האָט ווירקליך געפונען זעהר פיעל מענשען אין ניו יאָרק און איז געשטאָרבען צווישען שטיינער. ער האָט געזעהן אַ סך פּאַלאַסטען, פיעל מאַרמעלשטיין געביידען און איז געשלאָפען אין אַ הייל פון האַרטען גראַניט.

.3

אַזוי ווי אַ שטורעמדיגער ים האָט גערוישט ניו יאָרק אַרום איהם. ער האָט געזעהן בערג מיט רייכטהימער. גאַנצע אוצרות פון טייערע סחורות, פּרעכטיגע רעסטאָראַנען מיט פיעל גוטע שפּייזען און ער האָט בעוואונדערט גאָט'ס גרויסע ווערק און האָט געהונגערט.

אַרום איהם זיינען אַרום געגאַנגען טויזענדער מענשען, זיי האָבען געשריען, געפּילדערט, געלאַכט, געקריעגט זיך און ער האָט אומגעבלאָנזעט צווישען זיי, האָט זיי בעטראַכט מיט זיין גוטען בליק און האָט געשוויגען. נע ונד איז ער אַרומגעגאַנגען איבער די גאַסען און ווי גרויס איז געווען זיין דאַנקבאַרקייט צו זיין גוטען גאָט, ווען ער האָט געפונען אַ לעערען הויף מיט אַזוי פיעל שטיינער, וואו ער האָט געקענט אַ נידער לעגען זיינע אַלטע ביינער אין די שפּעטע שטונדען פון דער נאַכט און וואו ער האָט געקענט לעזען זיין ביבעל אין די ערשטע שטונדען פון פריה־מאָרגען! „געלויבט ביסט דו, גאָט און געלויבט איז דיין נאָמען", האָט ער געשעפּטשעט מיט פרייד און צופריעדענהייט.

אין גאַס. העללאָ דזשאהן דזשינגעל! פלעגען איהם צורופען די ניוס־פּייפּער־באָים. העללאָ, דזשאהן דזשינגעל! פלעגט איהם בעגריסען מיט אַ שמייכעלע, אליין דער פאָליסמאַן. אָ! העללאָ, דזשאהן דזשינגעל! פלעגען איהם פריינדליך זאָגען די באַר קיפּערס פון אַלע „עסטאַבליש־מענטען"... איז ער געגאַנגען מיט'ן גאַס און האָט דערזעהן קליינע קינדער, פלעגט זיין געזיכט באַלד אָנהויבען שיינען, ווי די זונן אין מאַנאַט מאַי. צו איינעם פלעגט ער געבען אַ קנאַק מיט'ן צונג, אַקוראַט ווי אַ קאַרקע פליהט ארוים פון אַ פלאַש. צום צווייטען אַ וואונק מיט זיין גרויסער וואָנציע... דעם דריטען געגעבען אַ סענט, אויב ער האָט נור געהאַט. (דאָס פלעגט זיך טרעפען זעהר זעלטען.) דער פאָליסמאַן האָט צו איהם גאָר ניט געהאַט, ווייל דזשאהן דזשינגעל האָט געלעבט בשלום מיט דער „דזשאָסטים", האָט זינד ער לעבט ניט דיסקוטירט מיט אַ נאָכשליסעל געגען פּריוואַט אייגענטהום און האָט פיינד געהאַט צו פייטען... מע פלעגט איהם טאַקע אָפט זעהן מיט בלויע לאַנטער־נעס אונטער די אויגען אָדער מיט אַ „געדעמערדזשטען" נאָז, אָבער דאָס פלעגען איהם די קאַמעראַדען מכבד זיין ניט געבעטענערהייט. ער פלעגט ניט בייז ווערען פאַר אַזעלכע נארישקייטען, מיט אַ גוטען געלעכטער פלעגט ער זאָגען: באַיעס, זאָל זיין גענוג! און פלעגט אָנהויבען זינגען אַן אַלטע איירישע ליעדעלע... נו, דאַרף מען אייך דערצעהלען, אַז ביי דער באַר איז ער שטענדיג געווען אַ געווינשטער גאַסט?... ער פלעגט אַוועק געהן אויף אַ טאָג אויף צוויי, אַריבער שלעפען אויף די פלייצעס אַ צעהן טאָן קוילען און דאָס געלד גליוך צו דער באַר... דאָס געלט איז סיי ווי סיי געווען איבריג — ער האָט גאָר נישט ניט געהאַט און האָט גאָר נישט געדאַרפט...

פון עסען און טרינקען האָט דזשאָהן דזשינגעל זעהר ווייניג גע־האַלטען — ער איז געווען אַן איבערצייגטער אַנטי־פּראָהיבישיאָניסט. ער האָט קיין מאָל ניט געלעזען די פאַריזער מאָדע זשורנאַלען און איהם האָט ניט געאַרט אַז זיינע תחתונים זיינען געווען צוריסען פונקט דאָרט, וואו זיי האָבען אונבעדינגט געדאַרפט גאַנץ זיין. וועש האָט ער ניט געהאַט קיין געוואָהנהייט צו בייטען, ווייל ער האָט גערעכענט אַלע כינעזער פאַר זעהר אונציוויליזירטע מענשען און האָט געווייכט פון זייערע לאָנדרים, ווי אַ הונט ווייכט פון פסוק: „לא יחרץ". איהר וועהט אליין אַז ער איז געווען מיט אַלעם בעזאָרגט ניט ערגער פון

# „אַסטאָר׳ס טרעמפּ״.

(ניו יאָרקער סילועט.)

---

רופען זיך מיט׳ן נאָמען „אַסטאָרס טרעמפּ״ — איז טאַקע זעהר א גרויס גליק, אָבער ער איז געווען פריהער אויך זעהר פּראָמינענט. פון סטיעוו בראָדיעס „עסטאַבלישמענט״ ביז די לעצטע ביינק פון סיטי־האָל פּאַרק איז ער געווען בעריהמט און בעוואוסט ניט ווייניגער ווי אַסטאָר אליין. „דזשאָהן דזשינגעל״ איז געווען א אינטימער פריינד, ניט נור פון אלע די, וואָס זיינען געעהרט און געאַכטעט אויף דער בויערי, נור אויך פון די אַלע אַריסטאָקראַטען, וואָס האָבען א געוואָהנהייט צו דרעמלען אונטער די אַלטע בוימער פון סיטי האָל פּאַרק און טרוימען פון א גוטען מאָהלצייט און פון א געשמאַקע ביסעל וויהסקי.

דזשאָהן דזשינגעל האָט מען איהם גערופען, ווייל ער איז שטענדיג געווען לעבעדיג און קלינגענדיג, ווי א גלעקעל. זיינע וויצען, זיינע אונשולדיגע טריקס, זיינע זעלטענע וויצען זיינען געווען אנערקענט פון אלע אונפּאַרטייאישע קריטיקער. ער איז געווען זאָרגלאָז, ווי א פויגעל, וואָס וויל אפילו קיין אייגענעם נעסט ניט האָבען; איז געווען רייך, ווי דער דלות אליין, לוסטיג, ווי דאָס לעבען, פרייליך, ווי דאָס גליקליכסטע בעשעפענים אין דער וועלט. זיין וועלט, וועלכע האָט זיך געצויגען פון סטיעוו בראָדיעס ביז סיטי האָל, איז געווען א ריכטיגער גן עדן. און זיינע קליידער זיינען געווען כמעט די זעלבע, וואָס אדם הראשון האָט געטראָגען נאָך דער געשיכטע מיט דעם עפּעל פון עץ הדעת. אַלעס איז אין איהם געווען פּרימיטיוו, נור זיין הערליכער נאָז האָט שוין געשפּראָכען פון א שפּעטערער פּעריאָדע פון דער געשיכטע, — זיין נאָז איז געווען רויט ווי דעם פעטער נח׳ס נאָז נאָכ׳ן מבול.

— העללאָ! דזשאָן דזשינגעל! פּלעגען איהם שרייען די קינדער

רע האָבען זיך מיט איהם אונמיסטען גערייצט און געזאָגט, אז ער וועט ניט אויספיהרען, ווידער אנדערע האָבען געלאַכט פון איהם. דזשאהן דזשינגעל האָט שטאָלץ אויפגעהויבען דעם קאָפּ, האָט געזאָגט מיט א מינע פון א הערצאָג: „גוד נייט באָים! און האָט פערלאָזט זיינע קאַמעראדען.

---

דזשאהן דזשינגעל האָט געהאַלטען וואָרט: ער איז אריינגעקראָכען אין אסטאָר'ס פּערערען. ער האָט זיך צוגעלייגט אויף די טייערע בעט פון פּימסען האָלץ, ווי ביי זיין טאַטען אין ויין הויז... מע האָט איהם געפונען... מען האָט פריהער געוואָלט מאַכען פון איהם אַן אַטענטער, וועלכער האָט געבראַכט באָמבעס אין „זייער מאַיעסטעטס" בעד רום, — נאָך דעם האָט מען איהם געוואָלט מאַכען פאַר א רויבער, וועלכער איז געקומען בע'גנב'ענען די, אויף וועלכע עס רוהט די ברכה פון גאָט, — דזשאהן דזשינגעל האָט איבערצייגט, אַז ער איז ניט קיין גנב און ניט קיין באָמבען־וואַרפער — ער האָט נור א געוואָהנהייט צו לאַכען פון מיליאָנערען...

ארעמער דזשאהן דזשינגעל! די מיליאָנערען האָבען פיינט שפּאַס... ער האָט איבערגעשראָקען און בעאונרוהיגט דעם אמעריקאַנער „מאָנאַרך" אויף איין אויגענבליק און דאַרף דערפאַר בעצאָהלען מיט זיין לעבען. איין מינוט איז ער געלעגען אין אסטאָר'ס בעט און איז שוין אויף אייביג אסטאָר'ס טרעמפּ... ער האָט צוגענומען ביי איהם זיין לעבען, זיין פרייהייט, זיין נאָמען.

דזשאהן דזשינגעל האָט געלאַכט, ווען דער ריכטער האָט איהם געשיקט אויף עטליכע טעג אין געפענגנים.. ער האָט דערצעהלט אנעקדאָטען, האָט געזונגען ליעדעלעך און איז געווען גליקליך. האָט ער ניט אָבגעשפּילט דעם בעסטען טריק?... די מאַכט פון קאַפּיטאַל האָט אָבער מיט איהם א בעסערען טריק אָבגעשפּילט... ווי מען האָט איהם ארויסגעלאָזט פון געפענגנים, איז ער באַלד ווידער ארעסטירט געוואָרען, מען האָט איהם ווידער אנידערגעשטעלט מיט'ן געזיכט געגען דער „אונפּאַרטייאישער" דזשאַסטיס א.ז. ווידער פערשפּאַרט אונטער אייזערנע גראַטעס. דאָ האָט דזשאהן דזשינגעל דערפיהלט, אַז עס געהט עפּעס ניט אזוי ווי עס געהער צו זיין... ער האָט אָנגעהויבען צו בענקען נאָך זיין סיטי האָל פּאַרק, גלייך ווי דאָס הארץ

אסטאָרען אליין... קיין אייגענע ווילא, וואו צו שלאָפען... אָבער, ווייס איך, א גרויסע דאגה! איז דען פאר איהם ווינטער ניט געווען יעדער עקספּרעס א וואַרעמער פאלאסט!... אין זומער, ווען די בלויע הימלען זיינען אזוי ווייך און גלאט, ווי א טייערע סאמעטענע קאָלדרע, ווען שטערענדלעך בלישצען אקוראט ווי עלעקטרישע נאכט־לעמפּעלעך אין דער אַלטער מיליאָנערקעס בודואר, ווען די וואסערען געבען א ווינ־קעל ערגיץ אויף די דאָקס רוישען אזוי זיס און אזוי שלעפעריג, אָדער ווען די צווייגענדיגע בוימער אויפ׳ן פארק זיינען אזוי טרוימעריש און אזוי דרעמלענדיג, איידער דער פּאָליסמען קומט מיט׳ן קלאָב, — דאַרף ער זומער האָבען נאָך א בעסערען, בעקוועמערען, און רייכערען שלאָפ־צימער? לאנג, לאנג, וואָלט געקענט לעבען דער גליקליכער, צופריע־דענער,אייזען־שטארקער, געזונטער דזשאָהן דזשינגעל. ער האָט אָבער ליעב געהאט צו טרינקען און האָט דערפאר בעצאָהלט מיט זיין לע־בען.

דזשאָהן דזשינגעל איז געשטאנען מיט זיינע קאמעראדען ביי דער באר. ער איז געווען פריילעך, לעבעדיג, וויציג... ער האָט היינט גע־האט געלד און האָט געמאכט זעהר א גוטען קידוש. ער האָט געלאכט פון גאנצען הארצען, געשפּייט איבער דער לופט מיט א בעזאָנדערע ענערגיע און האָט געשריען: „גאָד דעם...", „דזשיזעס קרייסט!" טויזענד מאָל מעהר ווי געוועהנליך. פּלוצלונג האָט ביי איהם אין מוח א בלישצע געטאָן אן אונגעוועהנליכער געדאנק. ער האָט זיך אנידער געשטעלט אין מיטען סאלון אין א פּאָזע פון א „היסטארישען העלד", האָט געמאכט מיט׳ן האנד א קלאסישען זשעסט און האָט א געשריי־געטאָן: „באָיעס, שטיל!" עס איז שטיל געוואָרען.

— איהר ווייסט, וואו איך וועל היינט נעכטיגען? האַ! האַ! האַ!... איך וועל היינט שלאָפען ביי דער אַלטער מיסיס אסטאָר אין בעט, אויף דער פינפטער עוועניו..."

אלע האָבען געמיינט עס איז בלויז א וויץ און האָבען דזשאהן דזשינגלען א טובה געטאָן און האָבען זיך צולאכט...

— „לאכט ניט! האָט דזשאהן דזשינגעל גאנץ ערנסט געזאָגט. איך מאך קיין שפּאס ניט. היינט שלאָף איך ביי אסטארשען אין בעט... איהר וועט עס הערען, איהר וועט עס לעזען אין די צייטונגען!.."

אונגלויבינע האָבען געפייפט און געשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ, אנדע־

פרייער זונן וואַרעמען איהם, גוטע מענשען געהען פאַרביי און בעגריסען איהם פריינדליך: „העללאָ דזשאהן דזשינגעל!" און איהם דרעמעלט זיך און ער מאַכט צו די אויגען און ער ווערט אַנשלאָפען...

„אסטאָר'ס טרעמפ", שלאָפט איין מיט זיין אייביגען שלאָף און געדונגענע קנעכט ווארפען אראָב זיין טויטען קערפער מיט פעראַכטונג און בזיון...



האָט איהם געזאָגט, דאָס ער וועט שוין דאָרט קיין מאָל ניט זיצען...
ער איז געוואָרען שטיל און אונמוטהיג...

אסטאָר'ס טרעמפּ האָט ניט געהערט מעהר צו די פריילּיכע גאַסען פון ניו יאָרק, ער האָט ניט בעלאַנגט מעהר צו זיינע אינטימע פריינד, — אסטאָר איז געוואָרען זיין אייגענטהימער. ער האָט קיין מאָל ניט געזעהן מעהר די וואסערן פון די טייכען, די פריילּיכע פּנים'ער פון די ניו באָים, ער האָט ניט געהערט מעהר די בעגריסונג: „העללאָ, דזשאהן דזשינגעל!"... ער האָט נור געזעהן פרעמדע אונפריינדליכע געזיכטער פון זיינע „דזשיילערס" און האָט געהערט דעם קלאַנג פון קעטען און שליסלען...

פון די „טומס" האָט מען „אסטאָרס טרעמפּ" אוועקגעפיהרט אין דול־הויז. קריכען אין אסטאָר'ס בעט איז אזא משוגעת, וואָס עס קען ניט אויסגעהיילט ווערען און־מע האָט דזשאהן דזשינגעלן אָנגעטאָן א ווייסען מיצעל, א גרויען חאַלאַט, און ביז זיין טויט פערשפּאַרט צווישען משוגעים. . ווער האָט געקענט איבערציייגען, אז עס איז ניט וואהר? ווער האָט געקענט בעצאָהלען די עקספּערטען פאר א נייע אונטערזוכונג? דזשאהן דזשינגעל איז געוועזן עלענד ווי א שטיין אין פעלד און זיינע קאַמעראַדען האָבען איהם געקענט העלפען נור מיט א זיפץ... א יאָהר, ניט מעהר פון איין יאָהר האָט דזשאהן דזשינגעל געלעבט אין דול־הויז. ער איז גיך געוואָרען בלאַס און שוואַך, ער איז געוועזן געוואָהנט צו לעבען פריי ווי א פויגעל און מע האָט איהם ניט ערלויבט אפילו פריי צו אטהעמען. ער איז געוועזן געוואָהנט צו דעם גערויש פון די שטראַסען און מע האָט איהם לעבעדיגערייד בעגראָבען אין א שטילען, איינזאַמען קבר. ער איז געוואָהנט געוועזן צו זעהן ארום זיך לעבעדיגע, לוסטיגע קאַמעראַדען און מע האָט איהם ארומגערינגעלט מיט וואהנזיניגע, גייסטיג־געשטאָרבענע מענשען... אָפט פלעגט זיך צו איהם אומקערען זיין ענערגיע און מוטה — ער פלעגט פּראָטעסטירען, פאָדערען פרייהייט... די אויפזעהער פלעגען ענטפערן מיט שרעקליכע שלעג און מיט אַן „אייזערנע העמד".

דזשאָהן דזשינגעל איז געשטאָרבען אונטער דעם נאָמען „אסטאָרס טרעמפּ"... איהם האָט זיך געדאַכט, ער זיצט אונטער אַן אלטען בוים אין זיין בעליעבטען סיטי־האָל פּארק... ער הערט ווי די בלעטער פון בוים רוישען און שעפּטשען די שטראַהלען פון דער

דאָקטאָרס קעררידזשעס. אָפּט פאָהרט דאָ דורך אַן אַלטער גראָבער פּאַסטאָר אין אַ גרויסע אַלטע קארעטע, וועלכע איז געווים איבערגע־מאַכט פון נח'ס תבה... אַן אַלטע ווייסע קליאַטשע שלעפּט דעם שווע־רען עקיפּאַזש, אַן אַלטער איינגעהויקערטער איירישער מיט געלע שטעכענדיגע וואָנסעס און מיט גרויסע געלע קלייען אויפ'ן פּנים טרייבט אַן די קליאַטשע... אָבער די קליאַטשע ווייס, אַז דער „טאַ־טע" פאָהרט בעגראָבען זיין „נעכסטען" און מאַכט זעהר קליינע און זעהר לאַנגזאַמע טריטעלעך. די גאַסען זיינען דאָ ניט געברוקירט, קיין טראָטואַרען זיינען ניטאָ, די פּאַנארען שטעהען זעהר ווייט איינער פון דעם אַנדערען. ביי נאַכט איז דאָ דונקעל און גאַנץ שטיל, ביי טאָג זעהט מען דאָ אַ מענשען זעהר זעלטען... נור אין מיטאָגס צייט געהען דאָ דורך עטליכע ארבייטער מיט די „פּייפּקעס" אין די צייהן... טרויעריג, מעלאַנכאָליש זעהט אוים דער גאַנצער געגענד...

זונטאָג אָבער ענדערט זיך דער בילד. פלעטבוש ווערט אַ ביסעל פרייליכער און לעבעדיגער. פון צוועלף ביז פיער קומען אָן פון ניו־יאָרק און ברוקלין גאַנצע פּאַרטיעס מיט געסט... אהין און צוריק געהען אום שעהן און ריין געקליידעטע שטאָט־איינוואָהנער מיט האַנד־טאַשען און פּעקלעך אין די הענד... דאָס קומען פריינד און בעקאַנטע זעהן זיך מיט די אונגליקליכע, וועלכע די אומשטענדען צווינגען צו האָבען אַ וואָהנונג אין פלעטבוש... די קראַנקע מיט זייערע בלאַסע געזיכטער און טרויעריגע בליקען שטעהען שוין ביי די פענסטער, קוקען ארוים און וואַרטען... אייניגע וואַרטען אויף זייערע פרויען מיט די קינדער, אַנדערע וואַרטען אויף זייערע געליעבטע אָדער אויף זייערע פריינד און בעקאַנטע. קינדער וואַרטען אויף זייערע עלטערען... עס זיינען אויך דאָ אַ סך אַזעלכע אונגליקליכע, וואָס האָבען ניט אויף וועמען צו וואַרטען: זיי זיינען פרעמד און עלענד... דאָך שטעהען זיי אויך ביים פענסטער און קוקען זיך צו... אַך! אומזיסט! קיי־נער, קיינער וועט צו זיי ניט קומען, קיינער וועט זיי ניט בעזוכען!... אויך זי, די אונגליקליכע, פון וועלכע איך וויל אייך עטוואָס דערצעהלען, האָט אויך ניט געוואַרט אויף קיינעם... דער שלעכטער שיקזאַל האָט זי פערוואָרפען אין אַ ווייטע לאַנד, צווישען פרעמדע מענשען.

ווייט שטעהען די הויכע האָספּיטאַלען פון פלעטבוש איינע פון די אַנדערע. פריי לויפט דאָ אום דער ווינד פון איין הויז צום אַנדע־

# זי איז געשטאָרבען אין פלעטבוש.

.1

דאָס, וואָס איך וויל אייך דערצעהלען, איז ניט קיין אויסגעטראַכ־טע געשיכטע, ניט קיין פאַנטאַזיע. דאָס איז אַ פאַקט: זי איז געבאָרען געוואָרען ווייט פון דאַנען, אין זיד־רוסלאַנד, אין נאָוואָראָסיע, און איז געשטאָרבען אין פלעטבוש, אין אַ האָספּיטאַל...

אויב איהר מיינט, אַז איך וועל אייך דערצעהלען אַ שרעקליכע, אַ וואונדערבאַרע און זעלטענע געשיכטע — האָט איהר אַ גרויסען טעות, און איהר מעגט שוין אוועקלעגען דאָס בוך... קיין רויבער, קיין טייוולען, קיין מכשפות, קיין ווילדע מענשען און „פערבלאָנזעטע נשמות" וועט איהר אין מיין קורצע ערצעהלונג ניט געפינען. דאָס איז אַ גאַנץ איינפאַכע געשיכטע פון אַן אָרעמע אידישע טאָכטער, וועלכע איז געקומען קיין אַמעריקאַ „מאַכען אַ לעבען", געפינען דעם פערלאָרע־נעם גליק, און האָט געפונען זעהר גרינג און זעהר גיך אַ שווערען און אַ שרעקליכען טויט.

האָט איהר געהערט אַ מאָל דעם נאָמען „פלעטבוש?" זייט איהר געוועזען אין יענעם געגענד? פלעטבוש ליגט פון יענער זייט ברוקלין: דאָ געפינען זיך אַלערליי האָספּיטאַלען, פּריוואַטע, אָרעמענס הייזער. אויף אַ שטאָט־איינוואָהנער מאַכט פלעטבוש אַ גוטען איינדרוק. זומער דאַרף דאָ זיין זעהר אַ פרישע און געזונדע לופט און פיעל גרינס. ווינטער איז דאָ שטיל און רוהיג: דאָ רוישען ניט די עלעווייטאָרס, פייפען ניט די סטים־מאַשינען, קלינגען ניט די קאַרס, שרייען ניט די פּעדלערס, זינגען ניט די „טריאַפּוטשניקעס", שפּיעלען ניט די איטאַליענער אויף זייערע צובראָכענע שאַרמאַנקעס. ווען־ניט־ווען פאָהרט דאָ דורך אַ פערשלאָפענער פאַרמער אין אַן אַלטען עקספּרעס. אין גע־וויסע שטונדען הערט מען ווי עס קלאַפּען די דינינקע רעדער פון דעם

גען, בראנפען, אלטע מעד, נאליווקא, טהעע, וויינען, פערשיעדענע סארטען ווארעניע, מארינירטע הערינג, זעלטענע זויערע קרויט — דאס אלץ האט געמעגט פאדערען, עסען און טרינקען יעדערער, וויפיעל ער האט געוואלט. אין א קאלטען ווינטער טאג האט יעדערער גע־וואוסט, אז ביי „העריצקא דעם האחאל" וועט מען איהם דערווארעמען און אנהאדעוועןבעסער ווי אין דער היים . . אין א הייסען זומער טאג — האט מען געצעהלט די מינוטען, ווען וועט מען שוין צו פאהרען צום פאטשטארס הויז, וואו אין א קילען צימער מיט צוגעמאכטע לאדען וועט מען דעם מיעדען רייזענדען דערלאנגען דעם זעלטענעם קוואס, קאלטע סמעטענא, א זאנדערבארען „קיסעל" (זשעלע בלע'ז). די פאטש־טארס האבען ניט געהאט קיין שונאים. די קריסטען האבען זיי געאכ־טעט דערפאר, ווייל זיי האבען זיך ניט בעשעפטיגט מיט קיינע שאכער־מאכעריי. זיי האבען געהאלטען די פאטשט און א חוץ דעם פלעגען זיי אלע יאהר מאכען א קליינעם „פאסיעוו". „אט דאס איז א חאזאין", פלעגען אויף איהם זאגען די מוזשיקעס פון דארף. זיינע פערד זיינען גע־ווען פעט, זיינע בהמות גוט אויסגעפיטערט, זיינע וואגענס שטארק געשמידט. אויף יעדער זאך האבען זיי ליעב געהאט אליין אכטונג צו געבען און האבען זיך ניט געפוילט, און אז מען האט געדארפט, האט זיך דער „חאזאין" אליין געזעצט אויף די קאזלעס פאר א יאמשציק, און „ליובקא", כאטש זי האט געוואויגען שעהנע עטליכע הונדערט פונט, האט זיך אליין געזעצט רייטענדיג אויף א פערד און געשפרונגען צוואנציג, דרייסיג ווערסט — ביז דער אנדערער סטאנציע, און ווייל ראזענפעלד האט פיינט געהאט צו בעשעפטיגען זיך מיט „קויפען — פערקויפען" האבען זיי מיט קיינעם ניט קאנקורירט און אלע אידען ארום האבען זיך געהאלטען מיט זיי פריינדליך. מיט אונגעדולד האבען אלע אידלעך ארום און ארום געווארט, ווען וועט זיך שוין מאכען עפעס א שמחה ביי העריצקא דעם חאחאל. מען האט שוין געוואוסט, אז צוויי טעג נאאנאנד וועט ער שוין ניט ארויסלאזען פון זיין הויז: מען וועט שוין מוזען עסען, טרינקען, זינגען, זיין פרייליך און לוסטיג. „יאק הוליאטע, טאק הוליאטע!" פלעגט זאגען העריצקא דער חאחאל, און אלע האבען געמוזט „גוליאיען" . . .

ביי אזעלכע עלטערען איז געוואקסען בליומע . . . זי איז געוואק־כען פריי, ווי דער ווינד, וואס שוועבט אום איבער די אונבעגרענעצטע

רען. נור די הוילע און שווארצע בוימער פון דעם פערזאָרגטען „פראָספעקט־פּארק” האלטען איהם אויף און לאָזען איהם ניט לויפען ווייטער... דאן הויבען אָן די אלטע בוימער צו רוישען און דער ווינד זינגט זיי א טרויעריגע ליעד פון דעם מענשענ'ס נאררישען לעבען, פון זיין שרעקליכען טויט, פון זיינע קוואלען און וועהטאָגען... און די קראנקע איינוואָהנער פון פלעטבוש ווערען אונרוהיג, קעהרען זיך פון איין זייט אויף דער אנדערער, קרעכטשען און זיפצען...

זי איז געשטאָרבען זונטאָג דעם צעהנטען יאנואר זיעבען אוהר אין דער פריה.

.2

בליומא ראָזענפעלד איז געבוירען אין כערסאָנער גובערניא, אין איינע פון די גרעסטע און די רייכסטע דערפער אין דעם גאנצען געגענד. איהרע עלטערען זיינען געווען בעקאנט אין דעם גאנצען קרייז ארום. פון הערשקע דעם פּאָטשטאר און ליובע די פּאָטשארקע האָט מען געוואוסט זעהר ווייט אויף עטליכע הונדערט ווערסט אין אלע זייטען! זיי זיינען געווען בעריהמט ניט דערפאר, ווייל זיי זיינען געווען זעהר רייך — ראָזענפעלד איז נור געווען א פיינער, סאָלידער בעל־הבית. ער האָט געהאט א צעהן פּאָר פערד מיט וועגען, אָן איינפאכע דאָרפישע הויז מיט אָן אלטען גאָרטען — מען האָט פון זיי געהערט אזוי ווייט נור דערפאר, ווייל זיי זיינען געווען גאָר בעזאָנדערע מענשען. הערשקא דער פּאָטשטאר און „ליובקע” די פּאָטשטארקע האָבען זעהר ווייניג געשפּראָכען און פערשטאנען אידיש (זשארגאָן). אי מיט די אידען אי מיט אלע קריסטען האָבען זיי גערעדט ריין „מאלאָרוסיש” הערשקא איז געווען א חאחאָל און ליובקא א חאחלושקא. דאָך האָבען זיי אלע אידען ליעב געהאט, ווייל זיי זיינען געווען אָרענטליכע, גוטע מענשען. א גמילת חסד אָדער א נדבה האָט מען ביי זיי געקראָגען גיכער און גרינגער ווי ביי דעם גרעסטען גביר. און אז עס פלעגט דורך פאָהרען א צדיק אָדער א רב, אָדער אָן אנדער „משולחת”, פלעגט ער דוקא האלטען קווארטיר ביי הערשקע דעם פּאָטשטאר, ווייל קיינער אין דער וועלט האָט ניט צוגענומען אזוי גוט ווי די פּאָטשטארעס. קרעפּלעך, וואַרעניקעס, געריבערטע צונ־

גוטע און פראָסטע דאָרפס לייט ביז דער צייט, ווען מאַרקאָ האָט אָנ־געטאָן דעם „באַטקעס" וואָרעמען פעלץ און האָט געזאָגט, אַז ער וויל שוין אויך זיין אַ חאַזאַין, און בלומע האָט שוין געקענט אַליין לייענען אַ ראָמאַן און פערשטעהן אין גאַנצען פון אָנהויב ביז'ן אויסלאָז.

בליומע האָט געענדיגט דעם „קורס". אמת, זי האָט ניט געוואוסט פאַר וואָס דאַרף אַ קאָמעטע דוקא זיין מיט אַ ווײַדעל און אַ פלאַנעטע אָהן אַ ווײַדעל, און וואָס וועט זיין נח'ן אַזוי שלעכט, אַז מען וועט שרייבען זיין נאָמען מיט זיבען גרייזען. אָבער זי איז געווען קיין נאַרר און איז געוועזן שעהן, טאַקע ווי אַ בלום, און געזונד ווי אַ קאָזאַק. די אונגעבילדעטע דאָרפעשע בליומע מיט איהרע שוואַרצע אויגען, רויטע באַקען, זיידענע לאַנגע האָאָר און גוטען כאַראַקטער האָט זיך ניט געדאַרפט שעמען פאַר די האַלב־געבילדעטע און צוקראָכענע שטאָדטס־מיידלעך... זי האָט געהאַט אַ פראַקטישע קענטנים, האָט געקענט אַרבייטען און זיין אַ ווירטהין.

עס איז געקומען דער שרעקליכער 1881 יאָהר. די רוסישע אידען וועלען לאַנג געדענקען דעם פינסטערען יאָהר, ווען טויזענדער אידי־שע פאַמיליען זיינען רואינירט געוואָרען, האָבען פערלאָרען זייערע פרנסות און זייער פערמעגען דעם ערשטען מאָל אין זיין לעבען האָט „העריצקאַ דער חאָחאָל" דערפיהלט, אַז ער איז ניט מעהר ווי אַ איד. אַקוראַט ווי אַ פלאַם פייער האָבען זיך צו־וואָרפען די פאָגראָמען איבער כערסאָנער גובערניע. דער פייער האָט זיך אויך אריינגעכאַפּט אין דעם דאָרף וואו ראָזענפעלד דער פאָטשטאַר האָט געוואָהנט. דעם פאָטש־טאַר אַליין וואָלטען אפשר די מוזשיקעס ניט געשלאָגען; ער איז אָבער ארויסגעלאָפען מיט זיינע יאַמשציקעס בעשיצען די אנדערע אידען פון דאָרף. דאָ האָט איהם אַ בעזויפענער פויער געגעבען מיט אַן אייזערנעם לאָם איבער'ן קאָפּ און האָט איהם צובראָכען דעם שארבען. אין איין מינוט איז געוואָרען אַ תל פון די גוטע פאָטשטאַרס! דער אַלטער העריצקאַ איז געשטאָרבען און איהם האָט באַקלאָגט דער גאַנצער קרייז. ליובקאַ די פאָטשטאַרקע, וועלכע האָט קיין מאָל פאַר קיינעם קיין מורא ניט געהאַט, האָט יעצט זיך געפירכטעט צו וואָהנען אין דאָרף. זי האָט אין גיכען אַלעס פערקויפט און האָט זיך ארויסגעקלי־בען אין אַ שטעטעל, וואו עס זיינען דאָ פיעל אידען. די אידען זיינען אַזוי ווי די שאָף: איז שטיל און רוהיג ארום זיי, צושפּרייטען זיי זיך

פעלדער פון קליין־רוסלאנד. גאנצע טעג האט זי זיך געשפּיעלט אויף דער פרישער לופט, אומגעלאָפען אין זייער אַלטען גאָרטען, וואו עס איז געווען פול רויטע וויינשעל און געשמאַקע פלוימען, געשפּרונגען לעבען טייך מיט די קליינע קעלבעלעך, געריי‌צט זיך מיט בייזע אינ־דיקעס, וועלכע פלעגען צו איהר שרייען: „האָלדער! באָלדער!" נאָכ־געיאָגט זיך נאָך דעם אַלטען האָהן „פעטיא", וועלכער פלעגט בעלעדיגען די קליינע הענדעלעך, אָדער זי האָט געהאָדעוועט הינטעלעך, וועלכע פלעגען איהר לעקען די הענד מיט ליעבע און דאנקבארקייט. גליקליך איז דאָס קינד, וואָס קען וואַקסען אויף דער פרישער לופט, אויפ'ן גרינעם גראָז,ביי דער נאַטור אליין אויף דער שויס, צווישען די טרייע און נוצליכע פריינד פון דעם מענשען. ווייט פון טענעמענט הייזער, ווייט פון אזעלכע גאַסען ווי בויערי אין עליזאבעט סטריט...

הערצקא דער חאָחאָל און ליובקא די חאָחלושא זיינען געווען פּראָסטע און אונגעבילדעטע מענשען. זיי האָבען אָבער געוואָלט, אַז זייערע קינדער זאָלען זיין געבילדעט, דארום, אַז זייער זוהן מאַרקאָ און זייער טאָכטער בליומא זיינען אונטערגעוואַקסען געוואָרען, האָבען זיי אָנגעהויבען צו זוכען פון זייערט וועגען אזא לערער, וועלכער זאָל קענען ניט נור אידיש און רוסיש, נור אויך דייטש, פראנצויזיש און לאטיין, און זאָל נאָך קענען שפּיעלען אויפ'ן פידעל. לאנג האָבען זיי געזוכט אזא לעהרער און אַז זיי האָבען איהם געפונען האָט ער גע־וואָלט זעהר אַ סך געלד: ק"ן קערבלעך אַ זמן! וואָס זאָל מען טאָן, אַז מען וויל די קינדער מאַכען פאַר לייט? זיי האָבען געבראַכט דעם גרויסען לעווין, אַזוי האָט מען גערופען דעם לערער, צו זיך אין שטוב אריין, און די בילדונג פון די קינדער האָט זיך אָנגעהויבען. מע דאַרף זאָגען די וואַרהייט, אַז לעווין האָט געקענט גוט העברעאיש, אָבער רוסיש האָט ער געקענט ווי אַ פראנצויז און פראנצויזיש און די אנדערע שפּראַכען האָט ער געקענט ווי אַ טאָטער... און אויפ'ן פידעל האָט ער געשפּיעלט ווי אַ שוסטער. צום גליק איז דער גרויסער לעווין, וועל־כען הערצקא מיט ליובקען האָבען געהאַלטען פאַר אַ גאָט געווען זעהר פויל און האָט מיט די קינדער זעהר ווייניג געלערענט. זיי זיינען גע־ווען אַזוי פריי, ווי פריהער און זיינען פון דעם לערערס „וויסענשאַפ־טען" ניט פערדאָרבען געוואָרען. דער לערער האָט זיך געהאַלטען ביי די

דאַרף איך אייך דערצעהלען וואָס פאַר אַ לעבען עס איז צווישען מאַן און ווייב, אַז זי איז אַ שטילע פרוי מיט אַ גוטען פריעדליכען כאַראַקטער און ער איז אַ גראָבער יונג, וועלכער רעכענט זיך פאַר אַ הויכגעבילדעטען פריידענקער, ווייל ער האָט פערדרעהטע וואָנצעס און אַ שפּיציגע בולאַנזשערקע? בליומע האָט זיך געפּייניגט פינף יאָהר און דאַן האָט זי דאָך זי געמוזט זיך צושיידען מיט איהר מאַן. זי איז געוועזען ווידער פריי. פינף יאָהר האָט זי געלעבט ווי אַ שקלאַפין. יעדען טאָג האָט זי געליטען שמערץ און ביזונות, אָפט געוויינט, אָפט בעקלאָגט איהרע יונגע יאָהרען. אַם ענדע איז זי פריי געוואָרען. אָבער צו וואָס האָט איהר שוין געקענט נוצען די פרייהייט? די געזונדע און בליהענדע בליומע איז שוין דאַמאָלס געוועזען קראַנק און שלאַף, איהרע רויטע באַקען זיינען געוואָרען ווייס. איהר גאַנצער פערמעגען איז געוועזען צוויי שעהנע קינדער, טייערע בריליאַנטען. אָבער וואָס קען מען טאָן אין אונזער צייט מיט אַזאַ רייכטהום? איין מיטעל: — פאָהרען קיין אַמעריקאַ! פון קיין אַנדערע מיטלען וויסען ניט אונזערע רוסישע אידען. אונזער בליומע איז געקומען קיין ניו יאָרק. אין קעסעל־גאַרדען האָט זיך געפונען אַ גוטער מענש, וועלכער האָט געזאָגט, אַז ער איז איהר מאַן און די קסעל־גאַרדענער וועכטער האָבען זיך אריינגעלאָזט קיין אַמעריקאַ.

אַ דערשראָקענע, אַ צוטומעלטע, אַ קראַנקע פון וועג אין האַרץ־שמערץ האָט זי זיך אַראָבגעלאָזט פון די שמוציגע טרעפּ... אויף די פּלייצעס האָט זי געטראָגען אַ גרויסען פּאַק מיט „בעבעכעס", אויף איין האַנד אַ קינד, און ביי דער זייט דאָס צווייטע עלטערע קינד. אָט אַזוי קומט מען מאַכען אַ לעבען אין אַמעריקאַ!

ביי איהר אין טאַש האָט זי געהאַט אַ פּאָאָר דאָלאַר און אַן אַדרעס פון אַ בעקאַנטען. די דאָלאַרס זיינען געבליבען אין אַ שמוציגען עמיגראַנטען־הויז און דער אדרעס האָט זי געבראַכט צו אַן אָרימען שוירט מייקער אין ברוקלין. ביי דעם אַלטען בעקאַנטען איז זי געוועזען עטליכע וואָכען אַ פיינער גאַסט — איהר געזונד איז אַלץ געוואָרען ערגער, האָפען אַז זי זאָל זיך קענען פערדיענען איהרע בערערפּנים איז געוועזען אונמעגליך. און דערצו צוויי קליינע קינדער! ווי אַזוי זי האָט זיך געפּיהלט ביי דעם אָרימען ארבייטער אין שטוב מיט צוויי קינדער, דאַרף מען אייך ניט דערצעהלען. אויסער דעם זיינען די קליי־

איבער׳ן גאנצען פעלד און פּאשען זיך יעדערער בעזונדער, ווי ער קען. קוים אָבער דערזעהען זיי אַ פייער, לויפען זיי זיך צונויף, לאָזען אראָפּ זייערע קעפּ און ווארטען מיט געדולד אויפ׳ן אונגליק...

אונזער שעהנע און בליהענדע בליומע, וועלכע האָט פערבראַכט איהרע יונגע יאָהרען, אַזוי גליקליך, רוהיג, שטיל, אָהן זאָרג, אָהן ליי־דען, וועלכע האָט גאָר ניט געקענט פערשטעהן, פאַר וואָס זאָל איין מענש האַסען דעם אַנדערען, פאַר וואָס זאָל זיין שלעכט און שווער צו לעבען אויף דער וועלט, — אונזער אונשולדיג יונג קינד האָט צום ערשטען מאָל אין איהר לעבען געוויינט מיט ביטערע, ביטערע טרערען, ווען מען האָט ביי איהר גערויבט איהר גוטען, אָרענטליכען און ליע־בענדען פאָטער. . צום צווייטען מאָל, האָט זי ביטער געוויינט, ווען זי האָט געמוזט פערלאָזען איהר שטוב מיט דעם אַלטען גאָרטען, וואו זי איז אויסגעוואַקסען, וואו זי האָט פערבראַכט אַזוי פיעל גליקליכע און שעהנע טעג, וואו יעדער זאַך איז איהר געווען אַזוי טייער . . . איהר האַרץ האָט געפיהלט, אַז איהר פריהערדיגער לעבען האָט זיך געענדיגט אויף אייביג... אַך! פיעל מאָל האָט זי שפּעטער געוויינט און געקלאָגט!...

ניט נור די רוסישע ערד האָט זי בענעצט מיט איהרע טרע־רען: איהר איז געווען צו פערלירען עטליכע ביטערע טראָפּען אויף דעם באָדען פון דער פרייער און גרויסער אַמעריקא. צום לעצטען מאָל האָט זי געוויינט אין פּלעטבוש.

.3

בליומע איז געווען ניט נור שעהן און געזונד — זי האָט אויך געהאַט נדן. פערשטעהט זיך, אַ חתן האָט זיך באַלד אָבגעזוכט. נאָך וואָס פאַר אַ חתן? אַ פראַנט, מיט שמאָלע הייזלעך, מיט פערדרעהטע וואָנצעס און אַ קליין בערדעלע „אַ לאַ בולאַנזשע". ער האָט געקענט זאָגען: „מערסי", „פּאַרדאָן" און האָט שטענדיג געגעסען „פריקאַסע" מיט „בלאַנמאַנזש". דאַרף אַ אידישע טאָכטער האָבען אַ גרעסערען גליק? קען מען גלייכען אַזאַ חתן צו אַ פּראָסטען ארבייטער, וועלכער ווייס ניט קיין חכמות און וויל פיהרען אַן אָרענטליכען און רוהיגען לעבען?

זי האָט מיט א שלאָפען קול, קוים־קוים וואָס מען האָט געקענט פער־שטעהן, אויסגערעדט איין וואָרט: „קינדער!" איהרע אויגען זיינען געוועזן פול מיט טרערען... די הענט האָבען זיך אויפגעהויבען און זיי־נען שווער אראָבגעפאלען. די עלטערע מיידעלע איז צוגעלאָפען צו איהר און האָט אָנגעהויבען צו וויינען: מאַמאַ, מאַמאַ, ווען וועסט דו שוין אויפשטעהן!... די אויגען פון דער קראַנקער האָבען זיך גע־עפענט... זי האָט געוואָלט עפּעס זאָגען און האָט ניט געקענט. זי האָט געגעבען א שווערען זיפץ און איז אנשוויגען געוואָרען אויף אייביג...

קיינער האָט זי ניט בעזוכט, ווען זי איז געוועזן קראַנק, קיינער איז ניט געקומען בעגלייטען איהר עלענדען קערפּער. נאָך דער ווייסע טרונע פון דער אידישער טאָכטער איז געגאַנגען א קאַטוילישער גלח און די קינדער האָבען צוגענומען די יעזואיטען...



נע צימערלעך געווען פול געפּאַקט מיט מענשען און קינדער...

ניט פיעל צייט האָט פערבראַכט די יונגע פרוי אין ניו יאָרק — נור געליטען האָט זי גענוג. זי איז דורכגעגאַנגען אין גאַנצען דעם קורס. זי האָט געלייזט עטליכע שטוסאַקעס פון די יונגאַטשעס, איז געגאַנגען מיט די קראַנקע קינדער אין דיספּענסערי, האָט זיך אַרומגעשלעפּט איבער אַלע שאַפּס זוכען אַרבייט, און אַם ענדע איז זי אַריבער אין די העכסטע קלאַס: זי האָט געטראָפען אויף דער אַכטער סטריט. דאָ איז זי געשטאַנען גאַנצע טעג אויפ'ן רעגען, האָט געלייזט קלעפּ פון דעם פּאָליסמען, האָט געקראָגען קללות און געשריי פון די 8־טע סטריטניקער־בעלי צדקות... דעם צווייטען יאַנואַר האָט זי אַם ענדע ערהאַלטען עטליכע דאָלאַר. אַ גאַנצען טאָג איז זי געשטאַנען אויף די פיס, אַ קראַנקע, אַ הונגעריגע, עס איז שוין געווען דונקעל ווען זי איז צוגעגאַנגען צו גרענד סטריט פערי. זי איז געווען שלאָף, הונגעריג, פערטראָגען און איז אַריבער קיין ברוקלין גאָר מיט בראָדוויי פערי. ביז עלף אַזייגער אין דער נאַכט איז זי אומגעגאַנגען ווי אַ דולע אי־בער די אונבעקאַנטע גאַסען פון ברוקלין. און אַז זי האָט שוין געפונען די גאַס מיט'ן נומער, איז דער האָל פון זייער הויז געווען פערשפּאַרט און דער געז אויסגעלאָשען. די אויסערסטע טהיר איז געווען אָפען. זי איז אַריינגעגאַנגען און איז געבליבען שטעהן. קלינגען? בעאונרו־היגען פרעמדע מענשען שפּעט אין דער נאַכט... זיי שלאָפען שוין... זיי האָבען שווער געאַרבייט אַ גאַנצען טאָג!... די פיס האָבען זיך איהר אונטערגעהאַקט... זי האָט זיך אַראָבגעלאָזט שטילערהייד אויפ'ן קאָוויערטשיק לעבען טהיר און איז געבליבען אָהן מאַכט...

גאַנץ פריה פאַרטאָג האָט זי געפונען דער הויז־אויפּפּאַסער, און פאַר נאַכט איז זי מיט די קינדער שוין געווען אין פּלעטבוש. אַ גאַנצע וואָך האָט זי ניט גערעדט... איהרע אייגענע קינדער האָט זי ניט דערקענט... זיי האָבען גענעסען לעבען איהר, האָבען געשלאָפען אויפ'ן פלאָאָר לעבען איהר בעטעל, און זי האָט זיי ניט געזעהן...

אָפּט האָט דאָס קלענערע קינד געוויינט ביי נאַכט און געשריען: מאַמע! מאַמע! אָבער די אונגליקליכע מאַמע האָט ניט געהערט. דעם צעהנטען יאַנואַר אין דער פריה האָט זי פּלוצלונג אויפגעהויבען דעם קאָפּ און האָט זיך געוואָלט זעצען. זי איז אָבער באַלד געפאַלען צוריק. דאַן האָבען זיך איהרע בלויע ליפּען פערקרימט אַביסעלע אָן אַ זייט און

עלעקטרישע קראַפט לויפט איבער אַלע זיינע גליעדער. ער וויל זיך אליין איבערטרעפען. ער קעהרט זיך אָב פון דער מיידעל, קוקט זיך איין אין שפּיעגעל, וועלכער ווייזט איהם איהר טויט־בלאַסען פּנים און ציעלט זיך צו... קוקענדיג אין שפּיעגעל וויל ער אראָבשיסען דעם עפּעל פון איהר קאָפּ. זי שטייט רוהיג, איהרע גרויסע אויגען בליקען אויף איהם מיט צוטרוי, און אויף איהרע ליפּען שפּיעלט אַ גוטער שמייכעלע, עס ווערט שטיל...

.2

מיט גוטע האָפנונגען איז זי געקומען אין דער גרויסער שטאָדט, זי האָט געוואָלט אַרבייטען און אָרענטליך פערדיענען צום לעבען, אָבער איהרע צוויי שוואכע אויסגעדאַרטע הענט זיינען געווען איבריג אין דיעזען גרויסען ים פון אַרבייטער הענט. און זי האָט לאַנג געבלאָנ־זעט איבער די גאַסען פון שטאָדט, ווי אַ דערשראָקענע שאָף... ווען אין אַ גרויסע צייטונג איז ערשיענען אַן אַנאָנסע, דאָס אַ מיידעל, ניט עלטער פון זיעבצעהן יאָהר קען פערדיענען אַן אַנשטענדיג גע־האַלט, נאָכצופרעגען אין זומער גאָרטען „טיוואָלי״, האָבען זיך געמעל־דעט הונדערטער קאָנקורענטקעס. מען האָט זיי ערקלעהרט, דאָס זיי שטעהן פאָר יעדע נאַכט אונטערצושטעלען דעם קאָפּ אונטער אַ קויל פון אַ ביקס, דאָס האָט זיי ניט אָבגעשראָקען. דער שיעסער אָבער האָט פון אַלע ערוועהלט די שטילע שעהנע בערטהאַ.

דאָס בלוט פלעגט פערקיהלט ווערען אין איהרע אָדערען, דאָס האַרץ פלעגט אויפהערען צו קלאַפּען, ווען ער האָט געמאַכט די ערשטע רעפּעטיציעס פון דיעזער טרויעריגער פאָרשטעלונג, נאָך דעם איז זי צוגעוואָהנט געוואָרען צו איהם, אַ שטילער פריינדליכער געפיהל האָט אויפגעבליהט אין איהר האַרצען, זי האָט געגלויבט אין איהם, געגלויבט זיין שטאַרקע האַנד, געגלויבט זיין שאַרפע אויג.

ביידע זיינען געווען עלענד, ביידע האָבען געהאַט זעהר ווייניג פרייד אין לעבען, ביידע האָבען געלעבט נור מיט די אינטערעסען פון דער געגענוואַרט און האָבען ניט געוואוסט, וואָס ערוואַרטעט זיי אין דער צוקונפט. איהר איז געווען געפעלען זיין קראַפט, זיין ענערגיע, בעשלאָסענהייט און זאָרגלאָזיגקייט. איהם איז געווען געפעלען איהר שטילער, גוטער כאַראַקטער, איהר צוטרוי צו איהם, איהרע שעהנע

# מיט מאָרד אַמוזירען זיי זיך.

(עטיוד)

---

.1

עס איז מאַי, דער זומער גאָרטען שטעהט אין גאַנצען איינגע־וויקעלט אין אַ נייעם גרינעם מאַנטעל. ערלעקטרישע פייערלעך בע־לייכטען די אַלטע צווייגידיגע בוימער און וואַרפען אַ פאַנטאַסטישע ליכט אויף די וועגען, וועלכע לויפען אַוועק און פערשווינדען אונטער׳ן צודעק פון אַ דונקעלען שאָטען.

עס איז אַשעהנע מאַי־נאַכט. אַ פרישער ווינטעל שטיפט צווישען די בוימער, די בלעטער שעפּטשען שטיל און די שטערענדלעך קוקען אַראָב פון בלויען הימעל מיט אַ ציטרען שמייכעל... די נאַטור דרע־מעלט אין איהר מאַיעסטעטישע רוהע, און ווייט אין מיטען גאָרטען הערט מען אַ גערויש פון מענשען, מוזיק שפּיעלט, פערשיעדענע שטי־מען ליארמען. עס הערט זיך, ווי גלעזער און פלעשער קלינגען; גאָפּ־לען און מעסער קלאַפּען... מען לאַכט... טויזענדער הענט פּאַטשען בראַוואָ, טויזענדער ווילדע קולות שרייען: בים! בים! אויף אַ קליינע הילצערנע ביהנע, וועלכע איז אַרומגערינגעלט מיט אַ גאַנצע מחנה פון בעגייסטערטע, אויפגערעגטע צוזעהער, בעוועגט זיך נאָך אַ רויף, וועלכער איז פעראורזאַכט געוואָרען פון אַ שאָס; אין איין זייט זעהט מען דאָס בלאַסע געזיכט פון אַ יונג מיידעל, אין דער זייט דעם אויפ־געפלאַמטען פּנים פון דעם שיסער־אַרטיסט. ער האָט ערשט מיט אַ גרויסע בריהשקייט אַראָבגעשאָסען אַן עפּעל פון דעם מיידעלס קאָפּ און דאָס ענטציקטע פּובליקום שרייט אויסער זיך: נאָך אַ מאָל! בים! בים! די בעגייסטערונג פון פּובליקום געהט איבער צום אַרטיסט, אין זיינע אויגען ציגדט זיך אָן אַן אונגעוועהנליכער פייעריל, אַן

# קענדי און טרערן.

זיי האָבען אַ קענדי סטאָר.

ער איז אַלט אַ יאָהר זעכציג, זי — פינף און פופציג. ער איז אַ וואָלינער אידעל, זי איז אַ פּינסקערין. ער איז אַ נידריטשגער מיט אַ האַלבע קאָפּ, אַ האַלבער באָרד און איין וואָנטשע אין גאַנצען גרוי. זי טראָגט אַ געלען פּארוק מיט די האָאר, וועלכע ווייזען אויס, ווי גראָבע דראָט. ער איז אַ קליינינקער, מיט איינגעפּאלענער ברוסט, אַ ביסעל אויסגעקרימטע פיס, מיט מיט אַ בלאַסען, דערשראָקענעם פּנים, מיט אַ שטילע, הייזעריגע שטימע, זי איז אַ דיקע, גאַנץ־הויכע אידענע, מיט אַ פיגור פון אַ קאָזאַק, מיט אַ שטימע פון אַ בת היענה...

זיי האָבען חתונה געהאַט דאָ אין אַמעריקאַ מיט פינף יאָהר צוריק. זי שרייט און קאָמאַנדעוועט, ער אַרבייט שווער און שווייגט. זיי לעבען גליקליך. קומען ניט אָן ניט צו זייערע קינדער, ניט צו לייטען, האַלטען ביידע זעהר שטאַרק פון אידישקייט און האַלטען ביידע זעהר וועניג פון דער ענגלישער שפּראַכע.

ער איז כל ימיו אַ שניידער. דאָ אין אַמעריקאַ אַרבייט ער שוין צעהן יאָהר ביי איין באָס. דער באָס האָט איהם ליעב, ווייל ער איז אַ שטילער, פלייסיגער אַרבייטער, פערשטעהט ניט קיין פּאָליטיק. געהט אהיים שטילערהייד ווען מען גיט איהם ניט קיין געלד, שווייגט ווען מען רייסט איהם אַראָפּ פון די ווייזשעס... אין דער ווירקליכקייט האָט דער בעל הבית ניט פון וואָס צו רייסען: מעהר ווי פינף דאָלאַר אַ וואָך האָט ער נאָך קיין מאָל ניט פערדיענט. און פון דעסטוועגען לעבט ער ווי אַ שעהנע בעל הבית, האָט צוויי רומס, איז פערסטראָ־כירט אין קאָנגרעגיישאָן „אנשי בני חושים ומושים"... האָט אַ שטענ־דיגען פּלאַץ אין זייער בית המדרש און אַ חוץ אַלע זאַכען, האָט ער

אויגען, וועלכע האָבען געשיינט מיט איבערגעבענהייט און טריי־הייט.

— דו ווייסט, פלעגט ער איהר אָפט זאָגען, זינד איך האָב דיך ליעב, פערליער איך מיין זיכערהייט... איך האָב אָפט מורא, איך זאָל דיך, חלילה ניט דערשיסען. ווען איך האָב דיך ניט געליעבט, האָט מיין האַנד ניט געציטערט.

— איך בין רוהיג... זאָגאַר דער טויט פון דיינע הענט שרעקט מיך ניט...

זי פלעגט איהם צוגעבען מוטה מיט איהר גוטען שמייכעלע. ער האָט געציעלט אין איהר און איהרע אויגען האָבען געקוקט אויף איהם מיט צוטרוי מיט ליעבע... איהר געזיכט פלעגט ווערען בלאַס, אָבער זי פלעגט בלייבען שטעהן רוהיג און שטיל... נאָך דעם סעזאָן ענדיגען, האָט ער געטראַכט, און דאַן גענוג... זי איז מיר צו טייער און מיין האַנד קען אַ מאָל מיין פערעטהער ווערען... נאָר דעם סעזאָן...

.3

די אַפּלאָדיסמענטען, די בעגייסטערונג פון פּובליקום, די ברענענ־דיגע אויגען פון די, וועלכע זיינען אַזוי גליקליך און צופריעדען מיט דיעזען סענסאַציאָנעלען און גרויזאַמען אַמוזמענט האָבען אויף איין אויגענבליק צומישט זיינע געדאַנקען, ארויסגערופען אַ שווינדעל אין זיין קאָפּ, ער האָט זיך אָבגעקעהרט צום שפּיגעל און האָט זיך צוגע־ציעלט....

טויזענדער מענשען זיינען געקומען אַהער אַמוזירען זיך... זיי ווילען אַ שטאַרקען, אויפרעגענדען ווילדען פערגעניגען... זיי ערוואַר־טען מיט אונגעדולד דעם עפעקט. דעם אטהעם פערשטיקט, די אויגען ווייט אויפגעעפענט... און ער דערזעהט זיין בערטהאַ אין שפּיעגעל; זי איז בלאַס, איהרע אויגען בליקען אויף איהם... אַן אונערוואַרטעטער געדאַנק שרעקט איהם איבער אין דעם אויגענבליק... זיין מעכטיגע האַנד גיט אַ ציטער... דער ביקס שיסט אויס און די אַרעמע בערטהאַ פאַלט טויט צו דער ערד...

———(—0—)———

מאַשינע, איידער לאָזען איהם מיט די לויפערס. זי פערשטעהט ניט, וואָס פיהלט דער שטילער שוויינענדיגער מענש און הייסט איהם בלייבען אין סטאָר — ער מוז פאָלגען...

עס איז געווען פאר נאכט. ער שטעהט אין סטאָר. דאָס הארץ ציטערט איהם, אָבער ער איז רוהיג — עס איז שטיל, די לויפערס זיינען ערגעץ אין אַן אַנדער אָרט בעשעפטיגט... פּלוצלונג גיט אַ קנאַק אַ שטיין אין פענסטער און אַ גרויסע, טייערע שויב ווערט צובראָכען. אַ טויט ערשראָקענער לויפט ער צום פענסטער. וואָס זאָל ער טאָן, וואָהין זאָל ער לויפען? וויפיעל ועט קאָסטען אזא שאָדען? אהא, מען פייפט און מען לאַכט — די קאָסטימער געהן... איינער בעט קענדי, דער אַנדערע פאָדערט סיגאַרעטס, דער דריטער האָט ארויפגעקלעטערט אויף דער קאַנטאָרקע... ער וויל איהם אראָפּשטופּען און אַ פיערטער דזשענטעלמאַן קאַטשעט אריין אין סטאָר אַ באַרעל מיט מיסט. אונזער קופּעץ מאַכט אַ רחמנות'דיגען פּנים און לויפט צום באַרעל מיסט, קעהרט איבער אויפ'ן „פלאָר" אַ גאַנצען באַקס מיט קענדי, בויגט ער זיך אָן צונויפצוקלייבען די קענדי, וואַרפט מען איהם אַנידער צו דער ערד, מען טרעט מיט די פיס די אַלטע זעכציג־יעהריגע זאַך, וועלכע רופט זיך „איד", מען הירזשעט, מען שרייט... גליקליך האָט ער זיך געשעצט, ווען זיינע „קאָסטימער" האָבען זיך דערשראָקען פאר זיינעם אַ ביטערען קרעכץ און זיינען ארויסגעלאָפען פון סטאָר. ער שליסט צו זיין סטאָר — געהט אריין אין הינטער צימער, דערמאָנט זיך, אַז ער האָט נאָך קיין מנחה ניט געדאַווענט... ער הויבט אָן שטיל און מיט אַ זיפץ „אשרי יושבי ביתך" און געגען זיין ווילען רייסען זיך ארויס צוויי טרערען פון זיינע אויגען און אַנקעגען איבער'ן גאַס הערט מען ווי עס הילכט און קלינגט חי! חי! חי! חאַ! חאַ! חאַ!.. עס לאַכען אליין די העלדען עס לאַכען די דייטשע שכנים, עס לאַכען זאָגאַר די פעריעניקטע „יהודים" און דער אַלטער שטעהט מיט אַ צובראָכען הארץ אין אַ ווינקעלע און דאַווענט...



נאָך צוזאַמענגעקליבען 80 דאָלאַר מזומענע געלד, וועלכע זיין אידענע האָט געטראָגען ביי זיך אויפ'ן האַלז,אפילו שבת. ניט גרינג און ניט גיך האָבען זיי צוזאַמענגעקליבען אַזאַ שרעקליך־גרויסע סומע מיט גאָלד און, זעלבסטפערשטענדליך, ניט גיך איז עס בעשלאָסען געוואָרען, זיי זאָלען קויפען אַ קענדי סטאָר אויף דער עווענױ איי. ער האָט מורא געהאַט פאַר'ן געלד, האָט מורא געהאַט אַזוי ווייט צו מופען פון זיין בית המדרש און אַזוי טיעף אַריינקלייבען זיך אין אַ גוי'אישען געגענד. זי האָט אָבער געוואָלט, דער קאַפּיטאַל זאָל ניט ליגען אָהן נוצען, און זיי האָבען געקויפט אַ קענדי סטאָר. ער אַרבייט ווי פריהער און זי האַנדעלט. לעזען און שרייבען קענען זייביידע ניט... ער האָט די ערשטע צייט שטענדיג געבלאָנזשעט, ווייל ער האָט ניט געקענט אַי־בערלייענען, אַז די עווענױ „איי" רופט זיך „איי"... אָבער איז צו־געוואָהנט געוואָרען. דערפאַר אָבער האָט ער שטענדיג געהאַלטען זעהר פיעל פון איהר ענגלישער שפּראַכע. „ראָדע ווײ" „וואַט וואָנט יו פון מי ?" „קרעזי לאויפער" און אַנדערע פראַזען האָט זי געהאַקט, ווי קרויט און האָט געפיהרט דאָס געשעפט.

פאַר די לויפערס איז באַלד געוואָרען די קענדי סטאָר דער בעס־טער פּלעזשור פּאַלאַסט. מען האָט דאָ געשטיפט, געשטורעמט, געזונגען, געשפּרונגען, געכאַפּט קענדי, געדראַפּעט זיך אויף די ווענט, אַז עס איז געווען אַ פערגניגען זי אָבער האָט געקוקט דאַרויף מיט אַ פילאָזאָ־פישען בליק און האָט זיך ניט געוואָלט פערצווייפלען. זי האָט זיך געביי־זערט, מלחמה געהאַלטען מיט זיי, אָפּט דערלאַנגט אין באַק אַריין, ניט זעלטען געשריען: פּאָליציע!... און האָט געהאַנדעלט. ער אָבער פלעגט פערציטערט ווערען, נאָך איידער ער פלעגט צוגעהן פון דער אַרבייט צו זיין קענדי סטאָר. זיין בלוט פלעגט אין איהם פערקיהלט ווערען, ווען ער פלעגט דערזעהען די גאַנצע כאַפּטע אַרום זיך... זיי האָבען איהם געשטורכעט, געצופּט ביי דער באָרד, געמאַכט פון איהם חוזק, געשלאָגען און ער פלעגט נור נאָך בלאַסער ווערען און פלעגט שווייגען... אָבער דער גרעסטער אונגליק איז געווען פאַר איהם, ווען די אשת חיל פלעגט דאַרפען געהן דאַון טאַון נאָך סחורה און ער פלעגט מוזען בלייבען ביי די ביזנעס... זי האָט ניט געקענט פערשטעהן, אַז ער וואָלט בעסער געוואָלט מען זאָל איהם מאַטערען אויף אַ גיהנם

.2

די פּאַלים קאָורט איז געפּאַקט. דער ריכטער קלאַפּט בייז מיט'ן האַמער. אַלע קוקען מיט רחמנות אויף די אונגליקליכע צוויי קינדער און מיט האַס און פעראַכטונג אויף דער שלעכטער מוטער... זי קוקט אויף דעם ריכטער ווי אַ דערשראָקענע לעמעלע, ענטפערט שטיל און קיינער קען ניט פערשטעהן איהר געבראָכענע ענגלישע שפּראַך...

— זיינען דאָס אייערע קינדער! פרעגט מיט כעס דער ריכטער. די שלעכטע מוטער האָט מורא אַ קוק צו טאָן אויף יענער זייט, וואו די קינדער שטעהען און ענטפערט שטיל: „יעס"... דער ריכטער קריצט מיט די ציין. אַ פעטער פּאָליסמאַן פּראָטעסטירט מיט אַזאַ מינע, וועלכע זאָגט: „וואָס זאָגט איהר פּאַרט צו אַזאַ מאַמע"?... אַ לאָיער, וועלכער האָט אַ גאַנצע נאַכט געשפּיעלט אין פּינאָקעל עפענט זיינע פערשלאָפענע אויגען און גיט בייז אַ שנאָרך מיט'ן נאָז, דאָס „הויכ־געעהרטע פּובליקום" איז אויפגעבראַכט און זי שטעהט מיט אַן אָנגע־בויגענעם קאָפּ און אַראָבגעלאָזענע אויגען... אַלע זעהען, דאָס זי איז זעהר אָרעם געקליידעט, דאָס איהרע הענד זיינען אויסגעטריקענט, איהר קערפּער אויסגעדאַרט, איהר פּנים צוקאָרטשעט, אָבער קיינער קען ניט זאָגען, איז דאָס אַן אַלטע פרוי, וואָס זעהט אויס יונג, אָדער אַ יונגע פרוי, וואָס איז פאַר דער צייט פערעלטערט געוואָרען.

— און איהר האָט אייך ניט ערבאַרעמט אויף אייערע אייגענע קינדער? פרעגט דער ריכטער אויסער זיך...

— „יעס", זאָגט זי שטיל.

— אין אונזער צייט, צווישען ציוויליזירטע מענשען, זאָל זיך געפינען אַזאַ מוטער? שאַנדע!

— שאַנדע! שאַנדע! זאָגט אַי דער פעטער פּאָליסמאַן, אַי דער פערשלאָפענער לאָיער, אַי דאָס הויכגעעהרטע פּובליקום...

— אונטער טויזענד דאָלאַר בייל! שרייט אויס דער ריכטער. זי וויל עפּעס זאָגען, נור איהר ענגלישע שפּראַך וויל איהר ניט קומען צו הילפע און דער פעטער פּאָליסמאַן נעהמט אָן גראָב די שלעכטע מו־טער פאַר'ן האַנד און שלעפּט זי אינ'ם געצעלט פון „דזשאַסטיס!"

# א שלעכטע מוטער.

.1

מען האָט געפונען צוויי קינדער אויף דער גאַס, פערוואָרלאָזטע, פערהונגערטע, פערפראָרענע. פיעל מענשען האָבען נאָך פריהער בעמערקט די אונגליקליכע קינדער און זיינען גלייכגילטיג געגאַנגען פערביי. ווי באַלד אָבער איינער האָט זיך אָבגעשטעלט לעבען זיי, איז אין איין אויגענבליק געוואָרען לעבען זיי אַ גאַנצע קהילה... ווייבער האָבען פון רחמנות געקרעכטשעט, מענער האָבען פון מיטלייד געשאָקעלט מיט די קעפּ, פערביי־פאָהרענדע עקספּרעסעס האָבען זיך אָבגעשטעלט און די דרייוועס האָבען ארויסגעקוקט פון די ביידלאַך, אַלע גאַסען קינדער זיינען געבליבען שטעהן אַרום זיי מיט אָפענע מיילער און, זעלבסט־פערשטענדליך, באַלד איז אויך געקומען דער משגיח פון גערעכטיגקייט אין אַ בלויען ראָק מיט אַ שווערע דובינע...

— וואו וואָהנט איהר?...

— מיר וואָהנען ערגעץ ניט... זאָגט דאָס עלטערע קינד.

— וואו איז אייער פאָטער?

— אונזער פאָטער האָט אונז פערלאָזען...

— וואו איז אייער מוטער?

— זי אַרבייט אין אַ שאָפּ אויף טשערי סטריט... מיר זיינען געגאַנגען צו איהר, זי האָט אונז אָבער ניט געוואָלט נעהמען צו זיך און מיר בלאָנזען אום אין די גאַסען... עס איז קאַלט און מיר ווילען עסען...

די קינדער וויינען, אַלע צושויער זיינען ערשטוינט, דער בלויער ראָק ברענט פון גרימצאָרן.

# אַ גוטע דרשה.

(פון די יום־טובדיגע בילדער).

עס איז יום־טוב. אויף דער בויערי איז ניט אזא טומעל און גע־פילדער, ווי געוועהנליך. אלע געשעפטען זיינען פערשפּאַרט, עס איז נור אָפען די אַפּטייק אויפ'ן קאָרנער, דער ביער סאלון אויפ'ן אנדערען קאָר־נער און אין מיטען צוויי ביליגע טרעמפּ־האָטעלען און אַ קריסטליכע בית המדרש, וואו פרומע, גוטע מענשען האלטען דרשות און זאָגען מוסר...

עס איז נאכט און גרויסע שטיקער שנעע פאלען פון הימעל גלייך אויף דער בויערי. ווי זילבער ווייס און ריין די שנעעלעך, וואָס שיטען זיך פון די וואָלקענס און שמוציגע, שווארצע בלאָטע ווערען זיי באלד אונטער די פיס פון די פערביינגעהער. אזא מזל האָט שוין אלעס ריי־נעס, וואָס ווערט פערוואָרפען אויף בויערי.

און אין קריסטליכען בית המדרש איז ליכטיג און העלל... עלעקטרישע לעמפּעלעך בעלייכטען דעם גרויסען זאַל. אויף דער גרוי־סער פלאטפאָרמע שטעהט אַ גרויסער גרינער בוים, אויסגעפּוצט מיט שעהנע ציערונג, בעהאנגען מיט מתנות, רייך איליומינירט מיט שעהנע וואקסענע ליכטלעך... דער אָרגעל שפּיעלט זיסע הימנען און די בויערי טרעמפּס זיצען אויף די בענק רוהיג און שטיל...

אַן אלטע דאַמע אין אַ זיידענע שווארצע קלייד איז געקומען אהער זאָרגען פאר איהרע „געפאלענע" ברידער. זי שטעלט זיך אויף דער פלאטפאָרמע און זינגט אַ הערליכעס רעליגיעזעס ליעד. אמאָל ווען זי איז געווען יונג און האָט געהאַט אַ שטימע, האָט זי געדענקט פון אנדערע פערגעניגענס. אויף דער עלטער איז זי געוואָרען אַ פרומע גבאי'טע... זי זינגט און זעהט אנטקעגען זיך אין דער ערשטער רייהע אין אַ ווינקעלע ביים וואַנט אַ בלאַסען אויסגעקריינקטען פּנים פון אַ „געפאלענעם" ברודער, זיינע אויגען זיינען אויפגעפּלאַמט, זיין גאנצער קערפּער ציטערט, שווערע זיפצען רייסען זיך אָפּט ארויס פון זיין איינ־געטרוקענטע ברוסט און ער הערט זיך צו זעהר אויפמערקזאם.

.3

ארעמע פרוי, קענסט ניט ענגליש דערצעהל אונז אין פּראָסט אידיש, ווי אזוי האָט זיך דאָס געקענט טרעפען, אז אַ מוטער און נאָך אַ אידישע מוטער זאָל ניט האָבען קיין רחמנות אויף איהרע אייגענע עופ'עלאָך? וועה איז מיר!

— אה! מיין פריינד, וואָס ווייסט איהר? איהר זעהט, ווי איך בין פערחושכ'ט און פערפינסטערט, איך בין דאָך ערשט 28 יאָהר אַלט, און ער? ער איז געזונד און פריש, אויסגעפּוצט, אָבגעשייוועט, מיט אַ ווייסען קאָלנער און מיט אַ רויטען האַלזטיכעל... אַ פּראַנט!... צעהן יאָהר האָב איך מיט איהם אָבגעלעבט און אין דער צייט האָב איך איבערגעלעבט טויזענד יאָהר מיט צרות... און דאָך, עס איז טאַקע אַ בושה צו זאָגען, איך האָב מיט איהם פיער קינדער... וואָס קענען מיר, אונגליקליכע ווייבער, טאָן? מיר זיינען אַלע אונגליקליכע...

איך בין צופריעדען, איך בין גליקליך, וואָס ער האָט מיך אַוועק געוואָרפען. אָבער, פיער קינדער! וויפיעל קען איך אויסארבייטען מיט מיינע צוקאַליעטשעטע הענד אין פינסטערען שאַפּ? האָט מען מיר אַ'ן עצה געגעבען, ארויסלאָזען די עלטערע צוויי קינדערלעך אויפ'ן סטריט... ווי מיינט איהר, גרינג איז דאָס אַ מוטער צו טאָן? אַ שעהנער תכלית... אָבער ווי שלעכט די קינדער זאָל ניט זיין אין געררי'ס סאָסייעטי, איז דאָך דאָס פּאָרט אַ גן־עדן געגען זייער לעבען ביי מיר. מיין הארץ האָט זיך דאָך מיט בלוט פערגאָסען, ווען איך האָב דערזעהן מיינע אונגליק־ליכע יתומים'לעך... אַזאַ וועלט! אי אַ טאַטע איז דאָ, אי אַ מאַמע איז דאָ און די קינדער זיינען דאָך יתומים.

די שלעכטע מוטער פערדעקט דאָס געזיכט און וויינט ביטער. און דער גוטער פּאָטער געהט אום איבער די גאַסען פון פילאַדעלפיא און פייפט פריילעך די מאָדנע מעלאָדי: „אַ האָט טיים, אַ נייס טיים טו נייט”...

———(—0—)———

# נאָך איינע.

(פון איהר טאָגע בוך).

.1

עס איז אזוי גוט, אז מען איז א געזונטע און א שעהנע. איך האָב ערשט ניט לאַנג געענדיגט גראמאר סקול און אַלע מיינען, אז איך בין שוין א גאַנצע מאמזעל.

איך בין אַלט פערצעהן יאָהר און מוז ארבייטען — מיינע על־טערען זיינען ארעם. אַלע קליידען זיך שעהן, און איך בין אליין שעהן. און אז איך געה אין מיט'ן גאַס מאַכען אַלע הערען צו מיר זיסע אויגעלעך, שמייכלען גוט און גריסען זיך פריינדליך... און איך לאַף שטארק און לויף שטיפענדיג אוועק... און עס געפעלט מיר.

היינט בין איך אריין אין א נייעם שאָפּ. איך קריג ארבייט זעהר לייכט. איך בין ניט קיין גרויסע נייטורין, אָבער דער פאָרמאַן איז גוט צו מיר און דער באָס אליין רעדט צו מיר ווי צו א לעדי. איך ווייס, עס איז נור דערפאַר, ווייל איך בין שעהן. א יאָ, עס איז גוט, אז מען איז א שעהנע?

.2

מיר איז זעהר גוט אין דעם נייעם שאָפּ. אַלע האָבען מיך ליעב, און אז איך שטיף אָדער פיהר־איבער א שטיקעל ארבייט, טוט מען מיר גאָר ניט. אַלע זיינען גוט צו מיר און אז איך לאַך (איך האָב ליעב צו לאַכען שטארק און מיט'ן גאַנצען הארצען) ווערט אזוי פריילעך אין שאָפּ....

איך האָב זיך היינט א ביסעל פערשלאָפען און בין געקומען צו

די פרומע זינגעריִן ווערט בעגייסטערט, זי זעהט, דאָס אָם וועניג־סטען איינער פון די אַלטע אונגליקליכע האָט זיך דאָך אין דער מינוט דערמאָנט אָן גאָט. דערמאָנט אין דעם גליק, וועלכען דער ערלייזער יעזוס קריסטוס האָט געבראַכט אויף דער וועלט און זי פיהלט, דאָס דעם קרבן וואָס זי האָט געבראַכט אויף דער בויערי, קען מען ניט בי־ליג שעצען ! . . . דער אונגליקליכער איז געריהרט. צוויי טרערען לויפען איבער זיינע איינגעפאַלענע באַקען . . . ער איז געווים איצט פּרטיעפט אין געדאַנקען פון תשובה און תפילה . . .

די זיסע טענער פון אָרגעל הילכען נאָך איבער׳ן האָל און גאָט׳ס דיענער אין אַ נייעם שוואַרצען אַנצוג פערגלאָצט די אויגען צום הימעל און פאַנגט אָן מיט אַ זיסע תנ׳עוודיגע מיענע : „ליעבע ברידער! פרייד איז איצט אויף די הימלען, פריעדען אויף דער ערד און גוט־ווילען צווישען די מענשען . . . פרייד אין די הימלען, דען היינט איז געבאָרען געוואָרען דער, וואָס האָט גענומען אויף זיינע שולטערן דעם גאַנצען לאַסט און אַלע זאָרג פון אונזער לעבען״.

— אוי ! וועה איז מיר ! זיפצעט שווער דער קריינקליכער צוהע־רער אויף דער ערשטער באַנק אין ווינקעלע. דער פּרעדיגער ווערט אַנ־שוויגען אויף איין אויגענבליק, בעטראַכט זיין ברודער פון וועלכען עס איז אַראָפּגענומען געוואָרען אַלע זאָרג און דער גאַנצער לאַסט פון לעבען און זעצט פאָרט : „יא, ליעבע ברידער, פריעדען איז איצט אויף דער ערד, ווייל „ער״ האָט אונז געבראַכט ליעבע און פערגעבונג... ברידער זיינען מיר אַלע אין אונזער ברודער־ליעבע. ווער קען זיך היינט פּיהלען אונגליקליך און אונצופריעדען, ווען די גאַנצע וועלט איז פול מיט זיין נאָבעלע, הייליגע, געטליכע ליעבע ?״

— אוי וועה איז מיר, מורמעלט שטיל דער צוהערער פון ווינקעלע. ער מאַכט מיט׳ן האַנד אַ שוואַכע בעוועגונג, שליסט צו זיינע אויגען און גליטשט זיך אַראָפּ לאַנגזאַם און שטיל אויף דער ערד. אַנקעגען איהם שטעהט דער יום־טוב בוים אין זיין גאַנצען פּראַכט און גלאַנץ. דער אָרגעל רוישט מיט וואונדערבאַרע אַקאָרדען, די גוטע דרשה הילכט ווי מוזיק און ער זעהט גאָר ניט און הערט גאָר ניט. ער איז טויט. ער איז געשטאָרבען פון הונגער . . .

———:———

ע! איך ווייס, עס פּערדריסט איהר, וואָס איך בין שעהן און זי איז אַלט, גרין און אויסגעדארט.... וואָס הער איך זיי אַז דער באָס איז מיין בעסטער פריינד.

.4

נעכטען!... אך! וואָס פאַר אַ טאָג נעכטען איז געוועןְ... איך וועל אַלעס פערשרייבען... איך האָב איצט צייט — איך זיץ אין דער היים. איך בין היינט געקומען שפּעט אויף דער אַרבייט און דער פאָר־מאַן האָט מיר ענטזאָגט... ער איז געווען בייז און שטאָלץ, גלייך ווי ער קען מיך גאָר ניט. איך האָב געוואָלט זעהן דעם באָס, האָט מען מיר געזאָגט, ער איז ניטאָ אין אָפיס.

ווען איך בין שבת געגאַנגען פון דער אַרבייט, האָט מיר דער באָס געזאָגט, אויב איך וויל האָבען פערגניגען, זיין לוסטיג, פערברענגען זעהר גוט די צייט, זאָל איך קומען זונטאג נאָך מיטאָג אין אָפיס... איך האָב זיך ארויסגע׳גנבה׳ט די מאַמע זאָל ניט וויסען אך! פון אָנפאַנג איז געווען זעהר פריילעך און איך בין געווען זעהר גליקליך! איך האָב געזעהן אַ גרויסען פאַרק, האָב געזעהן דעם ים, האָב גענומען „אַ רייט" אויף אַ שעהנעם פערד פון אַ קאַרוסעל, האָב זיך אויפגעהויבען מיט אַ מאַשין אויף אַהויכען טורם און פון דאָרטען אַראָפּגעפלויגען אין אַ קליין וואַגאָנטשיקעל גלייך אין וואַסער אריין. איך האָב זעהר פיעל געלאַכט, געשטיפט און געשפּרונגען. מוזיק האָט געשפּיעלט און אַזוי פיעל מענשען האָבען אומגעשפּאַצירט.

נאָך דעם האָט דער באָס מיך אריינגעפיהרט אין אַ זעהר שעהנעם צימער און מיר האָבען ביידע געגעסען אַלע גוטע זאַכען פון דער וועלט און געטרונקען זעהר גוטען וויין... איך האָב ניט געוואָלט טרינקען, אָבער דער באָס האָט מיך זעהר שטאַרק געבעטען... און אַז איך האָב דערזעהן, אַז פון וויין ווערט מען נאָך לוסטיגער און עס ווילט זיך נאָך מעהר שטיפען האָב איך אליין שוין געטרונקען און געטרונקען.

נאַכדעם האָט זיך דער קאָפּ פערדרעהט און איך געדענק נור, ווי דער באָס...

ניין! איך האָב מורא דאָס אויפצושרייבען... די מאַמע קען דערזעהן, וועט מען מיך שלאָגען... קיינער טאָר ניט וויסען... ווען

דער ארבייט זעהר שפעט. אָבער דער פאָרמאַן האָט זיך ניט געבייזערט אויף מיר. דאָס, הייסט, מיט'ן פינגער האָט ער מיט געדראָהעט, אָבער זיינען אויגען האָבען געקוקט גוט און זיינע ליפּען האָבען געלאַכט צו מיר...

נאָך מיטאָג האָט מיך דער באָס אליין בעגעגענט אין קאָרידאָר. ער איז געווען זעהר פריינדליך צו מיר. ער האָט מיר געזאָגט: „העללאָ, דאַרלינג!" און מיך געגלעט איבער'ן קאָפּ. איך האָב אזוי געלאַכט, ווען ער האָט מיך געפרעגט: אויב איך האָב ליעב קענדי? א גוטע שאלה — האַ! ער האָט ארויסגענומען א שעהנע קעסטעלע מיט זעהר גוטע קענדי און האָט מיר אָנגעשאָטען א פולען הויפען. אין אונזער קענדי סטאָר אויף לודלאָוו סטריט איז גאָר ניטאָ אזעלכע קענדי...

איך האָב געזאָגט צום באָס: איהר זייט אזא אַלטער מאַן און איהר טראָגט אין קעשענע קענדי. ער האָט געלאַכט און איך האָב אויך געלאַכט. ער איז א רייכער מענש און איז א גוטער. איך האָב איהם ליעב.

.3

היינט האָט מיר דער פאָרמאַן געהייסען געהן ארבייטען אין אָפּיס. אין שאָפּ איז אזוי פינסטער און שמוציג און אין אָפּיס איז אזוי ליכ־טיג און אזוי שעהן. דער באָס האָט מיט מיר גערעדט די גאַנצע צייט און איהם האָט גאָר ניט געאַרט, וואָס איך אַרבייט ניט. ער איז א גו־טער....

ווען מען האָט איהם פון א רעסטאָראַן געבראַכט עסען, האָט ער מיך אויך אנידער געזעצט צום טיש... איך האָב דאָס גענעבען א'ן עס, אז פונקען זיינען געפלויגען. אך! די רייכע מענשען איז אזוי גוט. זיי עסען אַלע טאָג גוטע זאַכען און פערבייסען מיט אייז־קרים.

נאָך עסען בין איך זעהר לוסטיג געוואָרען און איך האָב געשטיפּט. דער באָס אליין האָט אויך געשטיפּט מיט מיר. איך האָב איהם געפרעגט, אויב ער וויל געהן מיט מיר אויף א פּייט און האָב איהם שיער־שיער ניט געמאַכט א בלעק איי. אַלע מיידלעך פון שאָפּ האָבען אויף מיר גע־קוקט בייז, ווען איך בין געגאַנגען פון שאָפּ און די „פאָרלעדי" האָט מיר געזאָגט זעהר א שלעכט וואָרט.

# נאָך איין אָפּפער.

(עטיוד).

---

.1

שנעל לויפט די עלעקטריק־קאר מיט ראַקאָוויי עוועניו. „זום" „זום" ברומען די דראָטען, די רעדער רוישען, דער וואָגען קאַטשעט זיך און וויעגט זיך ווי אַ שיף, וואָס שווימט איבער די וועלען פון מעער... עלעקטרישע בליצען פליהען יעדער מינוט פון דעם מיזע־ראַבלען „קנדער וואָגען" צום געטליכען הימעל און דער מאָטאָרמען לאָזט נאָך גיכער און גיכער... די קאר פליהט, דער ווינד וועהעט איהם גלייך אין געזיכט און רייצט איהם אויף, די שנעלע בעוועגונג מאַכט איהם ווי שיכור, ווי וואַהנזיניג. ער דאַרף זיך אָבשטעלען אויף די קאָרנערס וואו עס וואַרטען מענשען, ער לויפט פערביי. אַ ווילדע אויפרעגונג רוישט ביי איהם אין הארצען, די געפאַהר מאַכט איהם אַן אונאַטירליכען שאַרפען פערגעניגען.

עס איז עלף ביי נאַכט. די שטערען קוקען אראָב שטיל און די געז לאָמפּען לייכטען דונקעל...

„זואום", „זואום" — רוישט עס און ברויזט...

.2

— מאַקס, מיין קינד, זעה, דו זאָלסט זיך ניט פערקיהלען, עס בלאָזט אַ קאַלטער ווינד און די קאר איז נאָך ניטאָ! מען זעהט ניט, נאָך ניט, אַ יאָ?

— ניין, באַהעניו, איך וועל זיך ניט פערקיהלען.

איך האָב מיך אויפגעכאַפּט שפּעט ביי נאַכט, האָב איך זעהר געוויינט...
און היינט ווען איך בין שפּעט געקומען צו דער אַרבייט, האָט מיר דער
פאָרמאַן בייז געהייסען געהן אַהיים...

איך וועל עס קיינעם ניט דערצעהלען. אָבער אַ יאָ דער אַלטער באָס
איז זעהר אַ שלעכטער מענש? פאַר וואָס האָט ער מיך אונגליקליך
געמאַכט?



ליך צו מאכען... באבעניו, זאגט מאקס, נעכסטען זונטאג וועל איך דיר ברענגען א פרעזענט... אוי! אוי! דו וועסט זעהן...

— אזוי? ! טייערער ליגנער מיינער... וואס וועסט דו ברענגען?

— וואס? איך וועל דיר ברענגען... איך וועל דיר ברענגען...

מאקס וויים נאך אליין ניט וואס ער וועט ברענגען זיין געליעבטער באבעניו און וויים ניט וואס צו ענטפערען... „זואום!" „זואום!" רוישט די קאר פון דער ווייטען... מאקס רייסט ארוים זיין האנד, לויפט צום וועג נעהענטער און שרייט און מאכט מיט'ן האנד... סטאפ! סטאפ די קאר! גוטע נאכט! באבעניו! גוטע נאכט! עי! סטאפ!

דער מאטארמען שטעהט ווי א פערוווירטער אויף דער פלאטפארם און וויל קיין זאך ניט הערען. ער פליהט און וויל פליהען נאך שטארקער און שנעלער.

.3

די קאר פערשפעטיגען וויל מאקס ניט — ער לויפט ווי א פייל פון בויגען, די באבע איז דערשראקען, זי ציהט זיךנאך איהם און שרייט מיט איהר שוואכער ציטערנדע שטימע: מאקס! וואס טהוסט דו? מאקס! — די קאר גיט זיך א שטארקען וויעג און עס גיט א קראך!.. א יונגע יאמערליכע שטימע. אויף איין מינוט ווערען פערלאשען די עלעקטרישע לעמפעלעך אין קאר און דאן בלייבט די קאר שטעהן. לעבען קאר ליגט מאקס א בלאסער און שווייגט שטיל. פאסאזשירען און דער קאנדוקטאר לויפען ארוים, פערבייגעהער זאמלען זיך צונויף.

מאקס! מאקס! שרייט די אלטע באבע מיט א יאמערליכען געוויין, איידער נאך זי וויים און פערשטעהט וואס עס איז געשעהען. מאקס! און זי פאלט ווי אן איבערגעהאקטער בוים לעבען איהר געליעבטען באי.

מאקס עפענט זיינע אויגען. ער פיהלט אן אונערטרעגליכען וועהטאג, אבער ער וויל ניט שרעקען זיין באבע און קרעכצעט ניט, ער וויל זיך שטעלען אבערביידע פים זיינען איבערגעבראכען און ער קריכט צו מיט גרוים מיה צו זיין טייערע באבעניו און זאגט מיט א שמייכעלע: באבעניו, עס איז גאר ניט! שרעק זיך ניט. איך האב זיך נור

— מאקס, זאָלסט זיך, חלילה, מיט קיינעם ניט פּייטען... וואָס איך קלעהר איבער אַ גאַנצע וואָך איידער דו קומסט!...

— באַבעניו, זיי רוהיג! איך האָב פיינד צו פייטען... געוויס, ווען אַ שלעכטער באַי קריכט אין די אויגען, מוז מען... דו דאַרפסט אָבער קיין יסורים ניט האָבען.

מאקס און זיין אַלטע באָבע זיינען געשטאַנען ביי'ם קאָרנער. ער איז געווען אַ באַי פון אַ יאָהר 14 און זי אַן אַלטע פרוי, און דאָך זיינען זיי געווען די בעסטע און טרייסטע גוטע פריינד אין דער וועלט. ווען מאַקס איז געבאָרען געוואָרען איז נעבעך זיין מוטער געשטאָרבען... די אַלטע באבע האָט איהם ערצויגען... זי איז געווען זיין פאָטער, זיין מוטער, זיין פריינד... פרעמדע וועש געוואַשען, געאַרבעט, געפּעדעלט אום מאַקס'ן זאָל קיין ראָק פעלען. יעצט איז שוין מאַקס אליין אַ „פּעררדיענער", ער איז אַ מעססענדזשער באַי אין אַ גרויסען אָפיס אין ניו יאָרק. דער סופּעראינטענדענט און אַלע קלערקס ליעבען איהם פאַר זיין פעהיגקייט און געשיקטליכקייט, זיינע קאַמעראַדען אַכטען איהם פאַר זיין קלוגהייט און אַנשטענדיגקייט. אַ גאַנצע וואָך אַרבעט ער זונטאָג פאָהרט ער אַהיים, צו דער געליעבטער באַבע... פאַר ביידע איז דער טאָג אַ גרויסער יום טוב!... מאַקס לויפט אריין אין שטוב מיט אַ שמחה, קושט און אומאַרמט זיין אַלטע באָבע, זיין שאַרפע אויג בעטראַכט אויב אַלעס איז אין אָרדנונג אין „זייערע צוויי רומס!" ער טרינקט קאַפע מיט די „בעסטע" קייקס, דערצעהלט אַלע נייעס, און די באָבע קוקט אויף איהם מיט ליעבע און פרייד. דאַן זעהט ער אַז איבער'ן סינק דאַרף מען צושלאָגען אַ צוועקיל, דעם לאָנטש צונויפ־קלאַפּען, דעם אַלטען באַסקעט פּעררריכטען, די באָבע שטעלט זיך קאָכען אַ „רייכען" דינער פיר איהר געליעבטען גאַסט, און דער גאַסט פּוצט אויס זיין „אוניפאָרם" און געהט אַביסעל שפּאַצירען און שמועסען מיט דער באָבעס נאַכבאַרען...

עלף אוהר ביי־נאַכט פאָהרט מאַקס צוריק. די באַבע בעגלייט איהם ביז דער קאַר, זיי האַלטען איינע די אַנדערע פאַר די הענד און רעדען ווי צוויי אַלטע גוטע טרייע פריינד קענען רעדען... דער באָבע איז זעהר שווער צו שיידען זיך פון איהר געליעבטען אויף אַ גאַנצע וואָך, — מאַקס פערשטעהט עס, און ער זוכט פערשיעדענע מיטלען זי פריי־

# אָהן אַ טיקעט?

.1

— אויב דו וועסט היינט קומען אהיים אָהן אַ טיקעט, וועל איך פון דיר די הויט אראָבשינדען, האָט געזאָגט דער פאָטער גאַנץ ערנסט און האָט מאַקסען שטאַרק און בייז אַ ציה געטאָן פאַר'ן אויער. מאַקס האָט אַ געשריי געטאָן מעהר פון שרעק, ווי פון ווייטאָג, און האָט אויפגהויבען אויפ'ן פאָטער זיינע צוויי פערוואונדערטע און מיט טרע־רען אָנגעגאָסענע אויגען. עס האָט זיך נאָך ניט געטראָפען דער פאָטער זאָל זיין מיט איהם אַזוי ערנסט און אַזוי צאָרענדיג. ער האָט פלינק ארויפגערוקט אויף זיין קאָפּ זיין צוקנייטשטע מיצעל און איז אַ פער־טראַכטער אַוועק געגאַנגען אין סקוהל. אויפ'ן גאַס איז צו איהם צוגע־לאָפען זיינער אַ חבר מיט אַ פרייליכער בשורה—מאַקס האָט איהם אָבגעשטויסען פון זיך מיט פעראַכטונג. אויפ'ן קאָרנער איז געשטאַנען אַ איד, אַ פּעדלער, מיט אַ קאָלטענעוואַטע באָרד, מאַקסי האָט איהם אפילו איין מאָל ניט קיין קרים געטאָן — איהם איז געווען שווער אויפ'ן הארצען.

מאַקס איז געווען דער ליעבלינג און דער יחוס פון דער גאַנצער פאַמיליע ערשטענס, איז ער געווען דער אינגסטער אין הויז, ער איז אַלט געווען זיעבען יאָהר און די מוטער האָט איהם נאָך אַלץ גערעכענט פאַר איהר בייבי. צווייטענס, פאַר איהם זיינען געגאַנגען מיידלעך. ער איז געווען אַ בן יחיד.

עס איז שוין אַ יאָהר, אַז מאַקס געהט אין שול, און מען דאַרף זאָגען די וואַרהייט, זיינע קענטניסע האָבען זיך פאַר דער צייט זעהר ווענינג פערגרעסערט. ער איז ניט געווען קיין גרויסער מתמיד און, ווייל דער צו איז ער נאָך געווען אַ שטיפער אויך, פלעגט ער זעהר זעלטען קומען אַ היים מיט אַ טיקעט. דער פאָטער איז שטענדיג אין דער צייט ווען ער קומט פון שול, אויף דער ארבייט, און פאַר דער מאַמען האָט ער זעהר ווענינג מורא געהאַט. האָט ער געוואָלט געהן מיט גוטען,

א זעץ געטאָן ... מיר טוט ניט וועה, באַבעניו !

די באָבע הערט ניט — איהר שוואך הארץ האָט זיך צוריסען. דער פערקריפעלטער מאקס רופט אומזיסט זיין ליעבע באַבעניו, און ארום זיי שטעהט דאָס נייגעריגע פובליקום און שווייגט.



— וואָס מאכט איהר אזא ליארעם, זאָגט מאקסים פאָטער מיט אן איראָניש שמייכעלע אָט איך בין אויך געקומען פרעגען אויף מיין באָי... אלע ווייבער זיינען משוגענע...

— איך וויל זעהן דעם באָי... וועלכען מע האָט געבראכט פון לעקסינגטאָן עוועניו שרייט די פרוי... דער סערזשאנט שטעהט אויף גאנץ קאלט בלוטיג און עפענט די טהיר פון אן אנדער צימער. מאקסים פאָטער געהט אויך גאנץ רוהיג צום טיהר. ער איז נייגעריג צו זעהן, וועלכע נארישע האוואיעס וועט די נארישע פרוי מא־כען.

.3

מאקס האָט דעם טאָג אויך ניט געקראָגען קיין טיקעט, אזוי ווי געוויינליך... צוזאמען מיט אלע קינדער איז ער מיט א פריילינבען גע־שריי און געפילדער, שטיפענדיג און לאכענדיג, ארויסגעלאָפען פון סקול אויף דער גאס... דאָ אָבער האָט ער זיך באלד דערמאָנט, וואָס דער פאָטער האָט איהם געזאָגט אין דער פריה און ער האָט מורא געהאט קומען אהיים אָהן א טיקעט. ער איז אוועקגעגאנגען מיט לעקסינגטאָן עוועניו ביז דער 99טער סטריט. דאָ לעבען עלעקטרישען אנשטאלט איז געווען זעהר פריילין. קארס האָבען מאנעווורירט, קאָנ־דוקטאָרס און גריפּמען זיינען געשטאנען גרופּען ווייז, הונדערטער פּאַ־סאזשירען האָבען געביטען דאָ זייערע קארס... אָהן א ציעל איז מאקס דאָ אָבגעשטאנען א פּאָר שעה, נאָכדעם זיינען צו איהם צוגע־שטאנען נאָך באָיעס... ער איז געווען ניט אויפגעלעגט און דערצו נאָך הונגעריג אויך און עס איז זעהר גיך געוואָרען צווישען זיי א געשלעג... מאקסי האָט זיין געגנער געגעבען א שטארקען קנאָק און האָט זיך געלאָזט לויפען איבער די טרעקס אויף דער אנדער זייט. אויף איהם איז ארויף א טראָלי קאר און אין איין אויגענבליק איז פון זיין יונג־קערפעריל געוואָרען א צומאָלענע, צובלוטיגטע מאסע —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

מע האָט מאקסין געבראכט אהיים אָהן א טיקעט.

———(—0—)———

פלעגט ער זאָגען דער מוטער אַ תירוץ, אַ ליגען, אַ בלאָף. און אַז ניט, פלעגט ער אָנהויבען שרייען, בעטען עסען, פאָדערען אַ סענט און איהם פלעגט נאָך ארויסקומען. איצט אָבער איז שוין צוויי וואָכען זייט דער פאָטער איז שוין אָהן ארבייט און דאָס געפעלט מאַקס'ען זעהר שטאַרק ניט. ווען ער קומט פון שול — פרעגט ער אַ טיקעט. אַלע מאָל ב י י־ז ע ר און ב י י ז ע ר און ענדליך היינט איז ער געווען אַזוי שרעקליך בייז און שלעכט. ביז'ן סקול געהט מאַקסי אַלס סעריאָזנער מענש. עס איז אָבער נאָך פריה און ער הויבט אָן שפיעלען אין מאַבלס מיט זיינע חברים. איהם געהט גוט — ער געווינט דרייסיג מאַבלס און ער פערגעסט באַלד דעם פאָטער'ס שטרענגען בעפעהל מיט אַלע צרות.

.2

עס איז שוין זיעבען אַ זייגער, און מאַקסי איז נאָך ניטאָ פון סקול. די מוטער איז שוין אונרוהיג. אַלע טאָג קומט ער פון סקול גלייך אהיים און נאָכדעם געהט ער זיך שפיעלען זי איז שוין עטליכע מאָל ארויסגעלאָפען אויפ'ן סטריט, האָט געפרעגט זיינע חברים, האָט ארומגעשיקט איהרע אַלע עלטערע פינף מיידלעך — מאַקס איז ניטאָ. דער פאָטער איז גאַנץ רוהיג און האָט שוין עטליכע מאָל געהייסען דער־לאַנגען דעם סאַפּער.

— ווי אַזוי וועלען מיר געהן עסען אָהן מאַקס'ען? פרעגט די מו־טער מיט אַ ציטערענדע שטימע.

— ער שפיעלט זיך ערגעץ, דער יונגאַטש זאָגט דער פאָטער.

— ניין, איך בעט דיך, געה אומיסטען אריין אין סטיישאָן הויז און איך וועל דאָ דערוויילע גרייטען צום טיש.

— ווייס איך וואָס! משוגענע ווייבער, זאָגט ער אונצופריעדען און געהט זיך גאַנץ לאַנגזאַם אין סטיישאָן הויז. ער פרעגט דעם סערזשאַנט, אויב ער האָט ניט געהערט פון אַ באָי, מאַקס שטיינ־בערג?... דער סערזשאַנט קוקט אין בוך און ענטפערט, אַז פון אַזאַ באָי האָט ער גאָר ניט געהערט. ווי זיי שמועסען זיך ביידע גאַנץ פריינדליך און שטיל, לויפט אריין אַ פרוי, אַ דערשראָקענע, אַ פער־סאָפּעטע און שרייט ווי אַ פערווירטע: „מיין קינד! מיין קינד! לאָזט מיך זעהן מיין קינד!

מורא דאָס קינד אראָפּלאָזען פון די הענד. ארום איהר שפּיעלען זיך קינדער, טאַנצען, שפּרינגען איבער א שטריק. גליטשען זיך אויף רעדלעך און זי וויגט דאָס שווערע קינד אויף איהרע הענטלעך און קוקט מיט א מעלאַנכאָלישען, שטילען בליק אויף אַלעס, וואָס קומט פאָר ארום איהר.

ווי איך האָב ערפאַהרען פון מיינע קינדער, איז די אכט יעה־ריגע מיידעלע א יתומה. מיין שכנה האָט לאַנג ניט געהאַט קיין קינ־דער און האָט צוגענומען א פרעמדר קינד. איצט האָט זי אייגענע פיער קליינע קינדער און די יתומה׳לע איז אין הויז א פרעמדע. זי רופט נאָך אַלץ די מיסים מיט׳ן נאָמען „מאַמאַ״, אָבער די מיסים איז איהר קיין מוטער ניט...

.2

דאָס, וואָס איך דערצעהל אייך, איז ניט זעהר אינטערעסאַנט. עס האָט אָבער אויף מיר געמאַכט א שווערען איינדרוק און מיט אַזעל־כע איינדריקע טהיילען מיר שרייבער, זיך זעהר גערן מיט די לע־זער.

א בעקער פיהרט מיר שוין עטליכע יאָהר לאַנגע לאַבענס ווייס־ברויט, וועלכע ער רופט „וויענער ברויט...״ גאַנץ פריה שטעלט ער אַנידער די לעבלעך ברויט ביי דער טהיר און ווען מיר שטעהען אויף, נעהמען מיר דאָס ברויט אריין אין שטוב. קיינער האָט אונזער ברויט ניט בעריהרט און מיר זיינען געווען צופריעדען מיט אונזער בעקער... די לעצטע צייט אָבער, יעדען פריהמאָרגען, ווען מע געהט נעהמען דאָס ברויט, געפינט מען פון איין לאַבען א האַלבען ברויט אַבגעבראָכען. איין מאָל, צוויי מאָל, דריי מאָל — א גאַנצע וואָך. וואָס איז דאָס? ווער ברעכט עס אָב א האַלבען ברויט? א גנב וואָלט צוגענומען אַלע דריי לאַבענס... מען האָט געפרעגט דעם בעקער — ער פערזיכערט, אז ער לאָזט איבער שטענדיג גאַנצע ברויטלעך. דאָס האָט מיך זעהר פעראינטערעסירט...

דער בעקער האָט אָנגעקלונגען גאַנץ פריה. איך האָב די נאַכט „געבומעלט״ דאַון טאַון אויף מיטינגען, און רעסטאָראַנען און בין ערשט געקומען א היים. איך בין ארויסגעגאַנגען אונמיסטען זעהן,

# איך בין הונגעריג.

.1

דאָס, וואָס איך וויל אייך איצט דערצעהלען, איז ניט קיין אויס־געטראַכטע געשיכטע, ניט קיין נאָוועלע, ניט קיין ריכטונג — עס איז אַ פאַקט.

דעם טאַפּ פלאָר פון דעם הויז, וואו איך וואוין, האָט ניט לאַנג פערנומען אַן איירישע פאַמיליע. ער איז אַן ארבייטער, אָבער ווי מע זעהט פונ'ם מעבעל, פון די קליידער, פון דעם, וואָס זיי האָבען פער־נומען אַ גאַנצען פלעט האָט ער אַ גוטען פלאַץ און „סטעדי" ארבייט. אַ גאַנצע וואָך הערט מען ניט זיין שטימע — דערפאַר אַלע זונטאָג אָבער הערט מען שרעקליכע קולות, אַ יאָמער, ווילדע געשרייען. דער פלאָר ציטערט, ביינקלעך פליהען, אַ פרוי קוויטשעט, דערשראָקענע קינדער וויינען, אַלע זונטאָג איז ביי מיין שכן אַ געשלעג.

אין מיטען וואָך אָבער הער איך נור ווי אַ פרוי בייזערט זיך, שרייט, פּאַטשט און שלאָגט און ווי אַ קינד, אַ מיידעלע פון אַ יאָהר, אכט, וויינט און בעט זיך מע זאָל זי ניט שלאָגען... איך האָב דאָס קינד עטליכע מאָל בעגעגענט אויף די טרעפּ אין האָל. זעהר אָרעם געקליידעט און דאָך שעהן ווי אַן ענגעל... אַ ווייסע, ווי זילבער, מיט זיידענע בלאָנדע האָאָר, מיט צוויי גרויסע בלויע אויגען, וועלכע קוקען אויף אייך דערשראָקען און מעלאַנכאָליש... איך האָב עטליכע מאָל געזעהן פון מיין פענסטער, ווי די קליינע אכט־יעהריגע מיידעלע טראָגט אום אויף איהרע אויסגעדאַרטע שוואַכע הענטלעך אַ געזונ־טען צוויי יאָהריגען „באַלבעס", אַ איירישען באָי מיט אַ ווילדער היי־זעריגער שטימע. דער באָי רייסט זיך פון איהרע הענד, שלאָגט זי מיט די פיסלעך, לאָזט זי ניט רוהען איין אויגענבליק און די קליינע ניאַנקע קוקט אַ דערשראָקענע אַלע ווייל ארויף טאַפּ פלאָר און האָט

צו זיינען אלע לעבלעך גאנץ... ווען איך האב געעפענט די טהיר, איז דער בעקער ערשט אבגעפאהרען, אבער פון איין ברויט איז שוין געווען אבגעבראכען א האלבער. עס איז געווען פינסטער און שטיל אין האל. אלע אין אונזער הויז האבען נאך געשלאפען... מיר האט זיך אויסגעוויזען, איך הער עפעס א גערויש אויף דער אויבערשטער טרעפ...

די שוואכע שטראהלען פון דעם קומענדען פריהמארגען האבען זיך אריינגע'גנב'עט דורכ'ן גרויסען פענסטער פונ'ם דאך... און האבען בעלייכטעט א קליין אכט יעהריגעס קינד, וועלכע איז געזעסען אין א ווינקעלע און האט מיט ענערגיע געביסען פון א גרויסען שטיק ברויט. מיינע טריט האבען זי דערשראקען, זי האט אויפגעהויבען איהרע מעלאנכאלישע אויגען און האט אויפגהערט עסען...

— וואס טוסט דו דאס? האב איך געפרעגט, א פערוואונדער־טער...

— איך בין הונגעריג, האט זי געענטפערט מיט א נאאיווע מי־נע... פלוצלינג האט זי זיך אויפגעכאפט פון איהר ארט און האט מיט א בעטענדיגער און ציטערענדיגער שטימעלע אויסגעשטאמעלט: פליז!... דערצעהל דאס ניט מיין „מאמא"... זי וועט מיך שלא־גען...



# דער הימעל עפענט זיך.

(אַ באָבע מעשה פיר אידישע „קינדער".)

---

אַ שעהנע זומער נאַכט. דער בלויער הימעל מיט די ליכטיגע שטערענדלעך האָט זיך ניעדריג אָנגעבויגען איבער אַ קליין פוילישׁ שטעטיל אַזוי ווי די צופאַרבטע סטעליע אין נייעם בית־המדרש. די גאַנצע שטעטיל שלאָפט — נור ר' ישראל אברעמעלעס שלאָפט ניט. ער זיצט לעבען זיין אַלטע איינגעבויגענע שטיבעלע, קוקט אויפ'ן הימעל און ערוואַרטעט צו זעהן, ווען דער בלויער הימעל וועט אַראָפּ־שטירצען אויף דער ערד. מאָרגען איז תשעה באב, דער טאָג ווען דאָס איינציגע אויסערוועהלטע פאָלק האָט פערלאָרען זיין הייליג לאַנד, זיין היימאַטה. דאַרפען דען די הימלען אין אַזאַ נאַכט ניט צו שפּאַלטען ווערען? דאַרפען דען די שטערען ניט אַראָבפאַלען אויף דער ערד?

ר' ישראליק איז פערטיעפט אין זיינע טרויעריגע געדאַנקען, ער זיפצט און דענקט פון די פערגאַנגענע צייטען, ער זוכט אויפ'ן הימעל די ערקלערונג פון זיין שיקזאַל, און ער זעהט ניט דעם באַרג מיסט לעבען איהם, בעמערקט ניט די אונריינע שוואַרצע חיות וועל־כע שפּרינגען איבער זיין לייב, און הערט ניט, ווי זיין שכן איוואַנס חזיר קריכט איבער'ן פּלויט, חריאַקעט און קריכט צום אידישען מיסט.. ווייט ערגיץ בילט אַ הונד געגען דער לבנה און פון קליינעם טייכעל הויבט זיך אויף צום הימעל אַ ווייסער טומאַן.

שפּעט אין דער נאַכט ווערט גאַנץ שטיל, אַ שטערענדיל פליהט פון דער הויף, פאַלט לעבען דער לבנה און זאָגט איהר עטוואָס און די לבנה בלייבט שטעהן איבערן בית המדרש און געהט ניט ווייי־טער. און די בלויע הימלען הויבען זיך אָן וויעגען ווי די וועלען אין גרויסען ים, אין איין זייט הימעל רוקט זיך אַוועק אַזוי ווי דער פּרוכת

געבויגענע שטיבעלע ביים גרויסען באַרג מיט מיסט, ער הערט ניט ווי איוואַנס חזיר חריאַקעט און קריכט צום אידישען מיסט, דער פרישער ווינטעלע, וואָס לויפט פון פרייען פעלד וועקט איהם ניט אויף, ער פיהלט ניט, אַז די נאַכט געהט פערביי און זעהט ניט, אַז אויפ'ן קלאָרען הימעל האָט זיך שוין בעוויזען דער גרויסער, ליכטיגער מאָר־גען שטערען.

ער שלאָפט. דאָס גאַנצע שטעטיל שלאָפט.



פאַר פּתיחת הארון, און די אויבערשטע וועלט בלייבט אָפען און אַן אונגעוועהנליכע מאַכט הויבט אויף ר׳ ישראליקען און ער פליהט אין דער הויך אין די פערבאָרגענע עולמות.

— שטעה! ווער ביסט דו? פרעגט א מלאך ר׳ ישראליק אברע־מעלעס, ווי וואַגסט דו אריינצודרינגען אין די העכערע וועלטען? ווי וואַגסט דו צו וויסען דעם סוד פון די הימלען, נאַררישער אונ־ווירדיגער מענשעלע?

— ווער איך בין? איך בין ישראליק דער מיוחס, גאָט׳ס גע־ליעבטעס קינד, מיר זיינען דאָס אויסערוועהלטע פאָלק, די הימלען, די שטערען, אַלע וועלטען זיינען בעשאַפען געוואָרען נור צוליעב אונז. אונזער פאָלק איז דאָס בעסטע און עלטסטע פאָלק פון אַלע פעלקער.

— דאָס עלסטע און דאָס בעסטע פאָלק? אַן אַלט פאָלק דאַרף האָבען וויכטיגע היסטאָרישע דענקמאַלען.

— פּס! נו! ווער האָט נאָך אַזוי פיעל אַלטע וויכטיגע היס־טאָרישע דענקמאַלען? גיב אַ קוק ביי מיר אין באָרד ליעגט נאָך אַ „בודיאַק" וואָס מע האָט מיר געוואָרפען ביי קינות זאָגען; דאָס איז אַ היסטאָרישע זאַך, ביי מיר אין קעשענע קענסט דו געפינען אַבי־סעל אַש פון דער איי וואָס איך האָב דערשלונגען ביים פערפאַסטען זיך... ביי אונז קענסט דו געפינען רצועות, הושענות, תקיעות פון אַ שופר, אַ שאַקעל פון תשליך, אַ קרעכץ פון ונתנה תוקף, אַ זיפץ פון כל נדרי, אַ שמיץ פון ארבעים מלקות, אַ מגן דוד געפלאָכטען פון אַן אַלטען לולב, דעם נוסח פון טל מיט די נאָטען גלייך פון בארג סני... און נאָך, און נאָך פיעל, פיעל אַלטע וויכטיגע היסטאָרישע זאַכען. יא, מחשבותן, איך האָב מיך גאָר פערגעסען, נאָך איין נישקשהדיגער היסטאָרישער דענקמאַל...

אין דעם אויגענבליק אָבער שליסען זיך די הימלען ווידער צונויף, דאָס געטליכע בילד ווערט פערשוואונדען און ר׳ ישראליק קען שוין ניט זאָגען אַז אַ חוץ דעם היסטאָרישען בודיאַק, תשליך, מגן דוד האָט ער אויך אַ ליטעראַטור, וועלכע פאַנגט זיך אָן מיט תורה, נביאים וכתובים. אָבער דאָס איז דאָך ניט אַזוי וויכטיג, ער האָט גע־נוג געזאָגט און איז גאַנץ צופריעדען. זיינע אויגען מאַכען זיך צו און ער זעהט אין חלום די אמאָליגע גליקליכע צייטען.

ער דרעמעלט, ר׳ ישראליק אברעמעלעס לעבען זיין אַלטע איינ־

בלאַנדזשעט אַ ציגיינער מיט אַ בער. דער דוב־בער איז געווען זעהר אַ געלערענטער: ער האָט געקענט פּאָהרען רייטענדיג אויף אַ שטע־קען, שנייצען די נאָז ווי אַ פראַנצויז און טאַנצען אויף צוויי פיס ווי אַ מאַמזעל...

בימים ההם, פונקט אין דער צייט, איז געווען אין חעלעם בע־ריהמט אַ געוויסער חיים יענקעל חעלמער, וועלכער האָט געהאַט אַן אָפענעם מוח מיט זעהר אַ שאַרפע קאָפּ. וידבר חיים יענקעל, און האָט גערעדט חיים יענקעל צום ציגיינער און האָט אַזוי געזאָגט: „ווי קומט צום בער אַזוי פיעל וויסענשאַפט? מה הדבר הזה? — פון וואַנען נעהמט זיך אַזאַ זאַך?

ויען, האָט געענטפערט דער ציגיינער און האָט געזאָגט: יש עיר ועם בישראל, — עס איז דאָ אַ בעריהמטע שטאָט ביי די אידען, וועלכע רופט זיך סמאַרגאָן; אין דער שטאָט סמאַרגאָן איז דאָ די בעריהמטע סמאַרגאָנער אַקאַדעמיע, וואו בערן לערנען זיך אויס אַלע וויסענשאַפטען פון דער וועלט פון „א" ביז'ן „ת".

אחר הדברים האלה, נאָך די דאָזיגע רייד, האָט חיים יענקעל זיך אַ פּאַטש געטאָן אין שטערען און האָט געזאָגט: חעלעם קען ניט לעבען אָהן וויסענשאַפט! חעלעם מוז האָבען אַ וויסענשאַפטליכען מענשען. ויצא חיים יענקעל מחעלעם, איז חיים יענקעל ארויסגעגאַנ־גען פון חעלעם, וילך סמאַרגאָנה און ער איז אַוועקגעגאַנגען קיין סמאַרגאָניען.

.2

ויהי מקץ שנתים ימים. — פונקט אין צוויי יאָהר אַרום ויבוא חיים יענקיל איז חיים יענקיל געקומען קיין חעלעם מיט סמיכות פון דער סמאַרגאָנער אַקאַדעמיע אין זיין קעשענע און מיט אַן אוצר פון וויסענשאַפטען אין זיין קאָפּ. די גאַנצע שטאָט האָט איהם אויפגענו־מען בכבוד גדול און אין אַ קורצע צייט איז ער אין גאַנץ חעלעם בע־קאַנט געוואָרען מיט'ן נאָמען חיים יענקיל דער וויסענשאַפטליכער.

האָט אָנגעפאַנגען חיים יענקיל צו לערנען דאָס פאָלק וויסענ־שאַפטליך צו לעבען און האָט זיי אַזוי געזאָגט: ביז אַהער האָט איהר געמיינט, אַז די זונן באַקט, — איז הייס, דאָס איז ניט וויסענ־שאַפטליך. פערקעהרט, עס איז הייס, ווייל די זונן באַקט און באַקען

# חיים יענקיל דער וויסענשאַפטליכער.

אָדער

# די היסטאָריע פון דער שטאָט חעלעם.

### א באַבע מעשה פאַר גרויסע קינדער.

---

1.

דאָס איז א היסטאָרישער פאַקט—.

אין קיין אָרט אויף דער וועלט איז ניטאָ אַזאַ גערעטעניש אויף נאַררען, ווי אין דער בעריהמטער שטאָט חעלעם. איהרע ווייסט דאָך שוין מסתמא אַז אין חעלעם אַז מען וויל כאַפּען די לבנה, שטעלט מען א נידער אַן עמער וואַסער און ווי באַלד זי בעוויזט זיך דאָרט, דעקט מען זי צו מיט א זיפּ. אָבער ווי אַזוי אַזאַ כרך ווי חעלעם איז אין גאַנצען געוואָרען וויסענשאַפטליך, ווייסט איהר נאָך ניט — לעזט דיעזע אמת'ע בבא מעשה.

די חעלעמער נאַררען זיינען פון פאַרצייטיגע יאָהרען אַן געוועזן פּשוטע נאַררען — זיי האָבען ניט געוואוסט פון קיין חכמות. זיי זיינען געוועזן גוטע נאַררען (ווי אם מייסטען, אַלע נאַררען) און האָבען קיינעם ניט געזוכט אָבצונאַררען. זיי האָבען געוואוסט, אַז די זונן באַקט איז הייס, אַז מען איז הונגעריג, דאַרף מען עסען, אַז עס טוט וועה — דאַרף מען קרעכצען, אַז מען קיצעלט — דאַרף מען לאַכען, אַז מע שלאָגט — דאַרף מען אַנטלויפען; מיט איין וואָרט זיי זיינען געוועזן מענשען, ווי אַלע מענשען, נור מיט דעם אונטערשיעד דאָס וועגען אַנדערע מענשען קען מען אמאָל א טעות האָבען, וועגען זיי אָבער האָט מען שוין געוואוסט: א חעלעמער? מסתמא א בול־וואַן.

ויהי היום, טרעפט זיך אמאָל א געשיכטע, און קיין חעלעם פער־

11 ... „אויב די זונן, די לבנה און די אנדערע זאכען פון דער טבע וועלען ניט זיין צופריעדען מיט מיין וויסענשאפטליכער סיסטעם און מיט מיינע הגהות צו דער סמאַרגאָנרע תורה, זאָגט חיים יענקעל, דאַן שליסען מיר זיי אוים פון חעלעם. נישקשה, אָהן א זונן און אפילו אָהן א דער גאַנצער נאַטור קען מען לעבען אין חעלעם, אָבער וואָס וועט חלילה זיין פון אונזער חעלעם אָהן א שטרענגע וויסענשאפטליכע סיסטעם ?"

שטיל איז געוואָרען אין דער שטאָדט חעלעם. א מאָל פלעגען די חעלעמער רעדען הויך, פריי און הילכיג, איצט שושקען זיי זיך אין דער שטיל — זיי האָבען מורא פאַר חיים יענקילס סיסטעם. א מאָל האָט מען געוואוסט, דאָס די חעלמער זיינען טאַקע נאַררען, אָבער זיי זאָגען שטענדיג די וואַרהייט, היינט האָט א חעלעמער קיין רעכט ניט צו זאָגען אָפען אין גאַס, אפילו, אז ר' געציל האָט אַן אונגעוועהנליכען קאַטער ! ער דאַרף קומען אויף די שפּיץ פינגער צו חיים יענקיל דעם וויסענשאַפטליכען און אריינשושקען איהם שטיל אין אויער : „ר' יענקיל, אונזער נומער 7 איז במחילה... הם טס..." א מאָל זיינען די חעלעמער געוועזן גוטע, פריינדליכע מענשען, היינט, ווען עס פערבלאָנזעט צו זיי אַן אורח, פרעגען זיי איהם באַלד — אנערקענט ער חיים יענקיל דעם וויסענשאַפּטליכענס סיסטעם אין גאַנצען ווי עס שטעהט און געהט ? זאָגט ער יא, שרייבט איהם חיים יענקעל אָן א נומער אויף דער פלייצע מיט קרייד און ער מעג פריי שלאָפען אויף די גאַסען פון חעלעם, געשוואָלען ווערען פאַר הונגער אויפ'ן מארק, אָדער אפילו אויפהענגען זיך אויף דעם בעס־טען פלאַץ אין גאַנץ חעלעם. ווען אָבער דער אורח זאָגט, אז אפילו איין פינטעלע איז אין חיים יענקעל'ס סיסטעם ניט גענוג קיילעכדיג, אָדער א לאַנגע צדיק איז ביי איהם צו פיעל פערדרעהט, — רייסט מען אוים דעם אורח דעם באָרד, מען פליקט איהם אוים די פאות, מן שפייט איהם אָן אין פנים און מיט באַראַבאַנעס יאָגט מען איהם ארוים פון חעלעם...

די חעלעמער, אזוי ווי אלע נאַררען, האָבען זיך שטענדיג גע־רעכענט פאַר די גרעסטע חכמים, זיי פלעגען אָבער צוגעבען, אז פון יענער זייט חעלעם קען זיך אויף געפינען א חכם — חיים יענקיל

באַקט די זונן ניט אַבי ווי — זי מוז באַקען וויסענשאַפטליך, אָדער אַז ניט, קען זי ניט באַקען. ביז איצט האָט איהר געמיינט, אַז עס טוט וועה, דאַרף מען וויינען — דאָס איז ניט וויסענשאַפטליך. מען וויינט דערפאַר, ווייל אין די אויגען זיינען דאָ זעקעלעך מיט וואַ־סער... אָבער ווען די זעקעלעך וויינען זיך אויס, פילען זיי זיך באַלד אָן מיט אַנדערע וואַסער. היינט וואָס געווינט מען וויסענשאַפטליך מיט'ן וויינען? ביז די טעג, אַז מע פלעגט אייך קיצלען, האָט איהר געלאַכט, דאָס איז זעהר אַן אַלטער מנהג, וועלכער האָט קיין וויסענ־שאַפטליכען זינען. איהר לאַכט דערפאַר ווייל דער קיצלען צוקיצעלט אייך די נערוועןי... ווי באַלד אָבער איהר ווייסט, אַז דאָס איז ניט מעהר ווייל די נערוועןִ זיינען צוקיצעלט — איז לאַכען זעהר אונ־וויסענשאַפטליך. ביז יעצט אַז מען האָט אייך געשלאָגען פלעגט איהר אַנטלויפען — עס איז געגען דער וויסענשאַפט: די וועלט איז קיי־לעכדיג און ווי לאַנג איהר וועט לויפען וועט איהר דאָך קומען צוריק צו דעם זעלבען אָרט. וואָס העלפט לויפען? ביז איצט האָט איהר גע־מיינט, אַז מענשען לעבען דאַן וועט זיי לעבען, איצט ווייסט איהר שוין, דאָס מענשען לעבען נור, ווען זיי זיינען וויסענשאַפטליך. און אַזוי ווי נור ביי אונז אין חעלעם לעבט מען וויסענשאַפטליך, איז אַ ראיה אַז נור אין חעלעם זיינען דאָ מענשען... און אַלע איבריגע מענשען וועלען זיין מענשען נור אין דער צייט, ווען זיי וועלען אַלע קומען צו אונז קיין חעלעם...

בעת ההיא אין דער צייט האָבען די חעלמער אָנגעפאַנגען אַ נייעם לעבען און זיינען שטאַרק פערענדערט געוואָרען. ביז איצט זיינען זיי געוועזען נור חעלעמער נאַררען פון די יאָהרען פון חיים יענקעל דעם וויסענשאַפטליכען זיינען זיי געוואָרען וויסענשאַפטליכע מענשען אויךְ... והעיר חעלעם צהלה ושמחה!...

עס לעבט די שטאָדט חעלעם, עס לעבט חיים יענקעל דער ווי־סענשאַפטליכער. די חעלעמער האָבען פריהער געהאַט נעמען — ר' שמעריל, ר' געצעל, ר' זרח, איצט זיינען זיי אַלע נומערירט. אַנ־שטאָט ר' געצעל זאָגט מען אין חעלעם נומער 7, אַנשטאָט ר' זרח נומער 8. זאָגאַר די זונן, די לבנה, דער ווינד, דער רעגען א. ז. וו. זיינען אויךְ רעגיסטרירט געוואָרען אין חיים יענקעל'ס נאָטיץ בוךְ אונטער נומערן. כדומה למשל די זונן איז נומער 13, די לבנה נומער

# יעזוס קריסטוס און קאַרל מארקס צו גאַסט אין ניו יאָרק.

## 1 פּראָלאָג.

מיט גאָלדענע שטראַהלען איז געווען בעגאָסען דער הערליכער פּאראדיז, דער פאַנטאַסטישער גן־עדן. הימלישע פויגעלאַך האָבען גע־זונגען כאראלען און הימנען, צויבערישע בלומען האָבען מיט זייערע אונגעוועהנליכע העלע פארבען גערייצט דאָס אויג און געשיקט מיט אַ ווארעם ווינטעלע יעדען אַ רח נחוח. די אויסערוועהלטע איינוואָה־נער פון דיעזען גאָרטען פון פרייד און רוה האָבען שפּאַצירט צווישען וואונדערבארע בוימער און האָבען געשמועסט פון ערהאַבענע זאכען, אַנדערע זיינען געזעסען אויף טהראָנען פון ראָזען און ליליען אונטער דעם שאָטען פון טויזענד־יאָהריגע בוימער... אונטערן אַלטען עץ החיים איז געזעסען משה בן עמרם מיט זיין גרויסע זילבערנע באָרד, קאַלטען קלוגען בליק און גרויסען אָפענעם שטערען. לעבען איהם איז געזעסען ישוע הנוצרי מיט זיין קליינע ניט צוקאַמטע בערדעלע, מיט זיין גוטען און נאַאיווען בליק, מיט זיין קליין קעפּעלע און ליעבליכען פּנים. זיי אַנטקעגען איז געזעסען דער אַלטער בודדאָ מיט אַ צאָפּ, מיט אַ קורצען נעזעל, גלאַטען פּנים און מיט אויגען, וועלכע זיינען געווען טיעף ווי די אונענדליכע עוויגקייט און אונבעגרייפליך ווי די אונבעגרענעצטע נירוואַנע.

ניט ווייט פון זיי, אונטערן עץ הדעת, איז געזעסען אַריסטאָטעל, ניוטאָן, דאַרווין, קאַרל מארקס און נאָך עטליכע גאונים. פּלוצלינג האָט זיך קאַרל מארקס אויפגעהויבען און איז אַריבערגעגאַנגען צו די, וואָס זיינען געזעסען אונטערן עץ החיים. ניוטאָן האָט אַ ווינק גע־

האָט זיי ערקלערט און זיי האָבען זיך איבערצייגט, אז ווער עס איז ניט קיין חעלעמער, דער איז זעהר א מיאוסער און א נידריגע בריאה. ניט נור אַלע חעלעמער זיינען חכמים, זאָגט חיים יענקיל דער וויסענ־שאַפטליכער, — אַלע חכמים זיינען אונבעדינגט חעלעמער.

מיט גראָז זיינען פערוואַקסען אַלע וועגען, וועלכע האָבען גע־פיהרט קיין חעלעם. מיט שטעכיגע בודיאַקעס האָבען די חעלעמער פערזייט אַלע ארויסגענגע פון חעלעם צום פרייען פעלד... אנשטאָט לעבעדיגע מענשען בעוועגען זיך אין די גאַסען פון חעלעם געצייי־כענטע נומערען... חעלעם ווערט אָבגעשניטען פון דער גאַנצער וועלט און חיים יענקעל דער וויסענשאַפטליכער לערנט זיינע חסידים און זאָגט זיי: „א מאָל האָבען מיר געמיינט, אז פון יענער זייט חע־לעם איז אויך עפּעס דאָ, היינט האָבען מיר וויסענשאַפטליך אויסגע־פונען, אז אַלעס הויבט זיך אָן און ענדיגט זיך ביי אונז אין חעלעם. א מאָל איז מען געוועזען אבערגלויביש און פאַנאַטיש און מען האָט געגלויבט, אז מען קען זיין א מענש, אפילו ווען מען איז ניט קיין חעלעמער, היינט עזהט מען שוין בעשיינפּערלעך: ווער עס איז קיין חעלעמער ניט, דער איז קיין מענש ניט.

פערוואָרפען, אָבגעזונדערט, אָבגעצאַמט, בלייבט די שטאָט חעלעם... די חעלעמער זיצען אין זייערע ווינקעלעך און וואַרטען, ווען וועט מקוים ווערען חיים יענקעל דעם וויסענשאַפטליכענ'ס נבואה און די גאַנצע וועלט וועט קומען און וועט זיך ארייןקוועטשען אין חעלעם אריין... און די גאַנצע וועלט געהט ניט קיין חעלעם, און די זונן, אַלס נומער 13 פון חיים יענקעל'ס נאָטיץ־בוך וויל ניט בלייבען שטעהן אין חעלעם, ווי אין גבעון, אין די צייטען פון יהשוע בן נון... זי געהט פערביי חעלעם שמייכלענדיג און צוגיסט שיין, ליכט און וואַרימקייט אויף אַלעס וואָס לעבט און שטרעבט צו לעבען און צו עקזיסטירען.



האָט מען געגעבען דעם אַלטען משה. ער האָט באַלד גערופען דעם גרויסען מלאך, דעם קינסטלער מטטרון און האָט איהם געהייסען מאַכען אַן עלעווייטאָר פונ׳ם רקיע השמים צו דער ערד... און מטטרון האָט געזאָגט: יהי עלעווייטאָר! און אַן עלעווייטאָר־באָקס איז באַלד בעשאַפען געוואָרען און משה רבינו מיט מטטרון זיינען אַראָפּגעפלויגען פון זיעבעטען הימעל גלייך אויפ׳ן רוף פון היברו אינסטיטוט.

אַלע איינוואָהנער פון דעם הערליכען פּאַראַדיז זיינען זעהר פּער־אינטערעסירט געוואָרען מיט דיעזער רייזע און האָבען מיט אונגע־דולד ערוואַרטעט איהרע רעזולטאַטען. אונטערן עץ החיים און אונ־טערן עץ הדעת האָט דיעזע רייזע ארויסגערופען זעהר הייסע דיס־קוסיאָנען... אריסטאָטעל האָט פאָרגעלעגט, מען זאָל פון הימעל דורכפיהרען צו ניו יאָרק אַ ספּעציעלען טעלעפאָן. דער פאָרשלאַג האָט אָבער ניט געקענט אָנגענומען ווערען, ווייל מען האָט אויסגעפונען, דאָס די עקספּלואַטאַציע פון טעלעפאָנען געהערט צו אַ טראָסט און דאָס דערפון קען ארויס אַ פּראָצעס מיט זעהר פיעל שאָדען און אור־נאַנגענעהמליכקייטען... עס איז מיט אַלע שטימען, געגען איינע, בעשלאָסען געוואָרען: פערדאמען אַלע טראָסטען און אַלע מאָנאָ־פּאָליען. די איין שטימע, וועלכע איז געגען דיעזע רעזאָלוציאָן, האָט געהערט צו יעזוס קריסטוס, וועלכער האָט געזאָגט, דאָס מען טאָר קיין זאך ניט פערדאמען און מען דארף געגען קיין אונרעכט ניט פּראָטעסטירען... מען דארף נור בעטען פאַר אונזערע פיינדע און פערצייהען זיי... קיינער האָט אָבער מיט איהם ניט געשטימט, אפילו איין משומד ניט.

אָבער לאָמיר פערלאָזען די איינוואָהנער פון הימעל און אומקעהר־רען זיך צו משה׳ן, וועלכער איז איצט אויפ׳ן רוף־גאַרדען פון היברו אינסטיטוט.

---

## 2 משה.

משה איז אַראָבגעפאַלען אויפ׳ן רוף־גאַרדען פון היברו אינ־סטיטוט אין אזא צייט, ווען דער דזשעניטאָר האָט געראַמט און ווען

טאָן צו אַריסטאָטעל׳ן און האָט מיט אַ גוטען שמייכעלע געזאָגט:

„עס איז מערקווירדיג מיט די אידעלעך, אפילו דאָ אין גן עדן, אפילו אזעלכע טיטאַנען פון זיי, ווי מאַרקס, — בלייבען דאָך אידען און עס ציהט זיי איינע צו די אַנדערע... בעטראַכט נור די דריי אידעלעך: משה, ישוע און קאַרל? ... די גאַנצע וועלט האָט דאָך צו טאָן מיט זיי!

— מיט משה און ישוע׳ן האָט מאַרקס אַזוי אָפּט צו טאָן, ניט דערפאַר, וואָס זיי זיינען אידען, האָט געענטפערט דאַרווין... ער דיסקוטירט אַזוי אָפּט מיט זיי, ווייל ער איז זייער געגנער... משה האָט געשאַפען דעם ערשטען טעסטאַמענט, יעזוס האָט געגעבען דעם צווייטען טעסטאַמענט, — דער דריטער אידעלע, קאַרל מאַרקס, האָט געגרינדעט דעם דריטען טעסטאַמענט, וועלכער וועט זיין די רעליגיאָן פון דער וועלט, דער גלויבען פון אַלע פעלקער...

אין דערזעלבער צייט איז אונטערן עץ החיים געגאַנגען אַ לעב־האַפטער שמועס... יעדער פון די דעבאַטאַנטען האָט געגלויבט דאָס זייִנען אידעען רעגיערען די מענשהייט. נאָך אַ לאַנגע דעבאַטע איז בעשלאָסען געוואָרען: בעזוכען אַזאַ גרויסע שטאָט ווי, צום ביישפּיעל, ניו יאָרק, אום צו איבערצייגען זיך אויף ווי פיעל די פּרינציפּען פון „מאַזאַאיזמוס", „יעזואיזמוס" און סאָציאַליזמוס רעגולירען דאָס לע־בען פון די היינטיגע מענשען.

— נון, און בודהיזמוס? ווייסט איהר דען ניט, דאָס אין ניו־יאָרק ווערען געגרינדעט נייע טעמפּלען און נייע סעקטען? ...

— הערר בודדאַ, האָט געענטפערט מאַרקס מיט אַ שמייכעלע, איך וועט מען ניט אַריינלאָזען אין דעם לאַנד פון יענקים. ווי מען וועט נור דערזעהן אייער צאָפּ, וועט מען אייך אַרעסטירען... נאָך וואָס דאַרפט איהר דאָס! פערגעסט ניט, איצט איז ביי זיי אַן עמיג־ראַנטען־קאָמיסיאָנער פּאָודערלי... ער איז אַמאָל געוועזען אַן אַר־בייטער פריינד... און „געוועזענע" אַרבייטער פריינדע זיינען די ערגסטע שונאים פון טאָלעראַנץ און פרייהייט.

עס איז געבליבען: משה רבינו, יעזוס קריסטוס און קאַרל מאַרקס זאָלען יעדער איינציגווייז בעזוכען די גרויסע מעטראָפּאָלע פון אַמעריקאַ, די בעריהמטע שטאָט ניו יאָרק. דעם ערשטען כבוד

— איך בין ניט קיין שנאָרער, חלילה, איך האָב אייך נור גע־וואָלט פרעגען: שיקט איהר יעדען אָרעמאַן ביי נאַכט זיין קאָלדרע און זיין וואַרעמען צודעק אַזוי ווי משה האָט אייך געלערענט? ...

— איך זאָג אייך! ... א קבצן מעג פריהרען, דער רוח וועט איהם ניט נעהמען. משה! ווער הערט איצט משה'ן? משה האָט געזאָגט מע זאָל ביי א איד קיין פּראָצענט ניט נעהמען און איך האָב פון אידישע פּראָצענט אויסגעבויט צוויי טענעמענט הייזער... חא, חא, ער האָט זיך דערמאָנט אָן משה'ן! ... אַלטער! ביסט אליין א גוטער „משה".. *) נעהם דעם וועג! הוש!

אויף יעדען טריט און שריט האָט משה געזעהן, אז מען הערט דעם פּסוק, ווי א פּאַר א יאָהריגען שנעע. ער האָט געזאָגט זיינע אי־דעלעך. „לא תסיג גבול רעך". א איד זאָל ניט קריכען אויפ'ן אנדערן און ער האָט געזעהן דוקא פערקעהרט, וואו א איד האָט נור א שטיקע־לע פּרנסה קריכט אויף איהם דער אנדערער איד... א גראָסער קריכט אויף א גראָסער, לעבען איין דרוקער זעצען זיך דריי דרוקאַרנים, אויף איין אַפּטעק שטופּען זיך פינף אידישע אַפּטעקען, אויף איין אידישען צאָהן קריכען זיעבען דענטיסטען... ווי עס זעצט זיך איין אידישער דאָקטאָר, ווערט באַלד די גאַנצע גאַס בעזעצט פון אידישע דאָקטוי־רים, ווי א שטיקעל צוקער פון פליגען. און אז משה רבנו איז אריין געגאַנגען פרעגען האָבען די אידלעך פון איהם געמאַכט חוזק. אין אנ־דערע פּלעצער האָט מען איהם אַראָבגעוואָרפען פון די טרעפּ און אויפ'ן גאַס האָבען איהם אידישע יונגאַטשעס געמאַכט אָן אמת'ען קבלת פּנים מיט א געשריי און טיוקעריי. אייניגע האָבען איהם גע־פּליקט די באָרד, אנדערע האָבען איהם געשפּיגען אין פּנים.

ער איז געוועזן קראַנק, צוהרגעט און מיעד, ווען די זונן האָט זיך אָנגעהויבען צו זעצען און ער האָט א טראַכט געטאָן פון א נאַכט־לעגער... ווי ער געהט אַזוי, זעהט ער געגען זיך א שעהנע געביידע און אויף איהר איז אויפגעשריעבען: „בית אל" — גאָט'ס הויז. „זה השער לד' צדקים יבוא בו" — דאָס איז דער טויער פון גאָט אין וועלכען צדיקים קומען...

גאָט'ס הויז, טראַכט משה רבנו, דאָ וועל איך געוויס טרעפען

*) אויף דעם היגען לשון — א פּראָסטאַק.

מען לאָזט נאָך ניט קיין פרעמדע. דער דזשעניטאָר, אַ געזונטער איי־רישמאַן האָט איהם זיעבען מאָל געזאָגט: „גאָד דעם יו דווירטי שיני" און האָט איהם מיט'ן בעזעם אראָבגעקעהרט פון אַלע טרעפּ ביז'ן סטריט ארונטער, ביז'ן רעכטען איסט בראָדוויי.

אין אַ אידישען אינסטיטוט זאָל מען אזוי בעהאנדלען אַן אַל־טען גרויען אידען? דעם גרויסען לעהרער איז שוין געוואָרען קאַלאַ־מוטנע אויפ'ן הארצען, ער האָט זיך אָבער געטרייסט דערמיט, וואָס דיעזער אינסטיטוט געהער צו רעפאָרמירטע „יהודים"... אויך מיר אידען!... געוויס, יעזוס זאָל צו זיי קומען, האָט געטראַכט משה רבנו, וואָלטען זיי איהם שעהנער אויפגענומען... זיי וואָלטען אונ־טערגע'חנפ'עט צו די גוים און געוויזען, וועלכע טאָלעראַנטע און אויפגעקלערטע מענשען זיי זיינען... אָבער וועלכע „ביזנעס" קען מען מאַכען מיט'ן אַלטען משה?...

געהט אזוי משה רבנו און זעהט, אַ אידעל, אַן אמת'ען, צימעס־דיגען איד, מיט ניט צוקעמטע פּאות און אַ קאָלטענאָוואַטע באָרד שטעהט אויפ'ן קאָרנער מיט אַ פּושקארט און פערקויפט וויינטרויבען. משה האָט זיך מחיה געוועזן, ווען ער האָט דערזעהן אַזאַ קרוב... מיט פערגניגען איז ער געשטאַנען געגען איהם און האָט געקוקט ווי ער האַנדעלט. וואָס איז דאָס? אנשטאָט אַ פונט, גיט ער נור דריי פיערטעל. אַ איד!...

— מיין פריינד — זאָגט צו איהם משה — ווייסט איהר דען ניט, אז משה האָט אייך געזאָגט: אבן שלמה וצדק יחיה לך... (אַ ריכטיגע וואָג און גערעכטיגקייט זאָלען זיין ביי דיר?)

— וואָס האָט עס צו דיר? דו אַלטער יאָלד... נעהם דעם וועג, אויב דו ווילסט ניט קריגען געבראָכענע ביינער... גרינהאָרן!...

געהט משה רבנו ווייטער און זעהט געגען אַ פענסטער דריי גאָלדענע גוליעס. ער שטעלט זיך אָפּ און קוקט. אַ געזונטער אָפּגע־פרעסענער איד זיצט ביי אַ טיש און פיעל אידען מיט ווייבער ברענ־גען איהם משכנות, ווער ציהרונג, ווער אַ ווארעמען פּאַלטאָ, ווער אַ קאָלדרע, משה רבנו האָט נור געוואָלט אריבער טרעטען דעם שוועל, הערט ער ווי דער בעל הבית פון פּאַון שאָפּ שרייט צו איהם: קיינע שנאָרערס! קיינע שנאָרערס! געט אאוט אָף היער!...

פאר א פיערטעל דאָלאַר, אָבער ניט עסען... אין די אידישע לאָדזשען האָט מען איהם געזאָגט, אז „בענעוואָלענס" איז ביזנעס און דאָס ער איז צו אַלט... אין דער אכטער סטריט, האָבען די „טשאַריטניקעס" איהם בעלעדיגט און א פּאָלים מאַן האָט איהם מכבד געווען מיט א קאַזיאָנעם פלאָקען איבער'ן קאָפּ... קוים א לעבעדיגער, מיט צו־בראָכענע ביינער און א צו וועהטאָגט. הארץ האָט ער זיך אומגעקעהרט צוריק אין פּאַראַדיז. ער האָט שווערען זיפץ געטאָן און, אַלס אָרענטלי־כער אויפריכטיגער מאַן, האָט ער אָפען ערקלערט: פריינדע, דער מאָזאַאיזמוס לעבט ניט מעהר. עס לעבען נור זיינע טויטע אָבגע־שטאָרבענע פאַרמען.

— איך האָב עס פריהער געוואוסט — האָט געענטפערט מיט פרייד יעזוס קריסטוס. די רעליגיאָן פון נקמה, די תורה פון א צאָן פאר א צאָן איז שוין לאַנג אָבגעשטאָרבען... די רעליגיאָן פון ליעבע לעבט איצט, די תורה פון פערגעבונג און פערצייהונג הערשט צווי־שען די מענשען... אָט איהר וועט זעהן, וועלכע פרייליכע נאַכ־ריכטען איך וועל אייך ברענגען. מטטרון, לאָז מיך אראָפּ אין ניו־יאָרק!...

---

### 3. יעזוס קריסטוס.

אַן ענטיצקטער, א גליקליכער איז יעזוס קריסטוס אומגעגאַנגען איבער די אָפּ־טאַונער גאַסען פון ניו יאָרק. וואָס ער האָט געזעהן האָט געפרייט זיין הארץ. פּראַכטפאָלע קירכען אויף יעדער טריט, מאַרמעלנע מיססיאָנס הייזער, יאָנג מען כרישטיאַן אַססאָסיאיישאָנס געביידע... די ביבלישע געזעלשאַפט מיט מיליאָנען עוואַנגעליעס אויף זיעבציג שפּראַכען... עס לעבט! עס לעבט דער „יעזואיזמוס" די רעליגיאָן פון ליעבע.

עס וואונדערט מיך איין זאַך, האָט יעזוס געטראַכט, איך האָב ערוואַרטעט צו בעגעגענען אויף די גאַסען פון ניו יאָרק פיעל קריס־טען מיט אויסגעריסענע אויגען און אָבגעהאַקטע הענט און איך זעה זיי גאָר ניט. איך האָב זיי געלערענט ווען דיין אויג רייצט אויף דיין יצר הרע, רייס דיין אויג ארויס... ווען דיין האַנד ציהט זיך צו

אמת'ע אידען ... ער געהט ארויף די מאַרמעלנע טרעפּ, עפּענט אויף א טהיר און זעהט א שעהנע, פּרעכטיגע שול, אויף דער פּלאַטפאָרם שטעהט א טישעל און דער ראַבינער, דער פּרעזידענט, דער שמש און א טראָסטי, זיצען און שפּיעלען פּינאקעל, זעהר שטארק צופלאַקערט און צוטראָגען. אויף זיין פראַגע: וואו קען ער האָבען נאכט־לעגער, האָט מען איהם פריהער געשיקט צום טייוועל, נאכדעם האָט מען איהם מיט א חוצפה'דיגען געלעכטער געהייסען געהן אין פּאַר־סייטה סטריט...

אויף פּאָרסייטה סטריט האָבען איהם בעגעגענט פרייליכע מאַמ־זעלען. זיי האָבען איהם געשעפּטשעט אויפ'ן אויער מיאוסע סודות, האָבען געלאַכט פון איהם, האָבען איהם געשטויסען און איינע האָט מיט חוצפה אראָגעריסען פון זיין גרויען קאָפּ דעם קאַפּעליוש... און ווען משה רבנו, אַן ערשטוינטער און פערוואונדעטער, האָט זיך א כאַפּ געטאָן ביי זיין גרויען קאָפּ און האָט אָנגעהויבען צו שרייען: געוואלד, ביי אידען זאָל זיין אזוינס? איך האָב דאָך אייך געזאָגט: לא תהיה קדשה מבנות ישראל? — איז ארויס געלאָפען א אידישער פּימפּ, וועלכער האָט זיך געקליבען צו לויפען פאר אַן אָלדערמאַן, און האָט איהם געמאַכט א בלעק איי... און איינע פון די בנות ישראל האָט אויסגעגאָסען אויף זיין קאָפּ פונ'ם צווייטען שטאָק א קרוג מיט שמוציגע וואַסער...

די זונן האָט זיך שוין לאַנג געזעצט. עלעקטריק און געז ליכט האָט בעגאָסען די גאַנצע שטאָדט און דער אַלטער משה האָט נאָך אַלץ אומגעוואַנדערט איבער די ענגע גאַסען פון ניו יאָרק.

קראַנק און בייז האָט געמאַכט משה'ן יעדע זאַך, וואָס ער האָט געזעהן אין אידישען לעבען... ער האָט געזעהן, אז די רבנים, אַנ־שטאַט אַכטונג צו געבען אויף משה'ס תורה שרייבען הכשרים און פאַבריצירען נייע מצוות. די פרומע אידען האָבען צוגעשטוקעוועט צו זיין תורה אזוי פיעל אַנדערע תורות, אז ער האָט ניט געקענט דערקענען זיין תורה... די אויפגעקלערטע יהודים האָבען צוגעטשע־פּעט צו איהם אזוי פיעל גוישע רעפאָרמעס, אז ער האָט גאָר ניט גע־גלויבט, דאָס זיי זיינען אידען... זיי רופען זיך רחמנים בני רחמנים האָט משה געטראַכט, און ווילען ניט העלפען אַן אַלטען גרייז־גרויען מענשען. ביים רב הכולל האָט מען איהם געוואָלט געבען א הכשר

— די ליעבע ? פרעגט אַט דעם מענשען, וואָס געהט אהער, דאָס איז פּאַרקהורסט, אַ פּריעסט, אַ קריסטליכער רב.

יעזוס איז צוגעגאַנגען צו פּאַרקהורסט'ן און אום צו איבער־צייגען זיך, אויף וויפיעל ער איז איבערגעגעבען דער קריסטליכע מאָראַל האָט ער איהם דערלאַנגט אַ פּאַטש אין דער רעכטער באַק און האָט אויסגעשריען „שטעל אונטער דיין לינקע באַק, ווי קריסטוס האָט דיך געלערנט!..." פּאַרקהורסט האָט אָבער ניט אונטערגע־שטעלט די באַק, אַ צוקאָכטער פון רציחה האָט ער זיך מיט זיין שווע־רען שטעקען ארויף געוואָרפען אויף יעזוס'ען, האָט איהם איבער־געבראָכען צוויי ריפּען, צוקוואַטשעט די נאָז, צושפּאָלטען דעם שאַר־בען און האָט איהם נאכדעם געלאָזט ארעסטירען...

יעזוס־קריסטוס איז געזעסען דרייסיג טאָג אין וואָרק הויז און ווען ער איז בעפרייט געוואָרען, האָט ער זיך געלאָזט געהן איבער די גאַסען פון ניו יאָרק און פּרעדיגען ליעבע. אויף דער 5טער עווע־ניו האָבען זיך אָבגעשטעלט איינינע מענשען כדי צו הערען וואָס ער זאָגט:

„עס איז שווער דעם רייכען צו טרעפען אין גן עדן אריין, אזוי ווי דעם עלעפאַנט דורכצוקריכען דורכ'ן קעפּיל פון אַ נאָדעל..."

— אַנאַרכיסט! אַנאַרכיסט! האָבען אָנגעהויבען צו שרייען אַלע צוהערער. אַ פּאָליסמען האָט איהם באַלד בעזוכט, אויב ער האָט ניט קיין באָמבעס און האָט איהם געבראַכט אין קאָורט...

— האָט ליעב אייערע פיינדע! פערצייהט אייערע שונאים!... זייט ברידער צווישען זיך, האָט גע'טענה'ט אין איין קול יעזוס קריס־טוס, נעהמט ניט קיין נקמה! האָט ניט קיין שנאה, קיין קנאה!...

אין קאָורט איז געוואָרען זעהר אַ גרויסער געלעכטער. אַ משוגע־נער! אַ משוגענער! אַ קריינק! מען האָט געשיקט נאָך פּראָמינענטע דאָקטוירים, וועלכע האָבען איהם בעטראַכט און האָבען בעשלאָסען, דאָס דער מענש ליידעט פון אַ שרעקליכע משוגעת, וועלכע רופט זיך „מאַניא רעליגיאָזא"... עס איז זעהר אַ געפעהרליכע קראַנקהייט און זיי האָבען געראַטהען אָנצוטאָן אויף איהם אַן אייזערנע העמד און אוועקשיקען איהם אויפ'ן „שווארצען אינזעל" אין דול הויז. און כך הוה.

---

זינדיגען — האק אָפּ דיין האנד... מיינע אָרעמע ברידער, וויפיעל אויגען רייסען זיי און האקען יעדען טאָג?... ווי ער האָט אזוי גע־טראכט, זעהט ער עס געהט אן איירישער קאטאָליק מיט א צלם אויפ׳ן ברוסט און מיט אן אויסגעלאָשענע אויג...

— מיין ברודער, דו האָסט נעבעך אויסגעריסען דיין אויג, אום ניט נאָכצוגעבען דעם יצר הרע?...

— אָה! יו פול!.. איך האָב זיך געשלאָגען אויף קולאטשקעס... האָב איך דזשאָהנען אויסגעזעצט פיער ציין און ער האָט מיר אויסגע־טראסקעט אן אויג... אָה! דזשיזשום קרייסט! האָב איהם גענגע־בען א טראסק!

יעזוס האָט ניט געוואָלט הערען זיינע זינדיגע רעד און איז ארויפ־געשפרונגען אויף א קייבעל־קאר... ער האָט נאָך קיין צייט ניט געהאט צו זעצען זיך — די קאר האָט געגעבן א שפרונג און האָט זיך אָבגעשטעלט... עס איז געוואָרען א ליארעם, א געשריי... צוויי קינדער איבערגעפאָהרען...

— וואָס הייסט מאָרדען קינדער?... וואו איז אייער ליעבע? פייער אין הימעל.

— די קאָמפּאניע, האָט געענטפערט דער קאָנדוקטאָר, דארף ניט קיין ליעבע. זי וויל וואָס מעהר פּראָפיט...

יעזוס האָט ניט געוואָלט פאָהרען אויף א קאר, וועלכע איז בע־שפריצט מיט מענשען־בלוט און איז אוועקגעגאנגען צו פוס. בעגע־גענט ער א מענשען, וועלכער האָט נור איין האנד.

— מיין ברודער, זאָגט ער, דיין בלאס גוט געזיכט צייגט, דאָס דו ביסט א פרומער... דו האָסט אָבגעהאקט דיין האנד כדי זי זאָל ניט זינדיגען?

— מיין האנד האָט אָבגעריסען א מאשין אין א פעקטאָרי... דער באָס האָט מיך ארויסגעטריבען און איך בין בלאס, ווייל איך האָב ניט וואָס צום עסען... מיין לאָיער פיהרט מיט איהם א פּראָצעס, אפשר וועט איהם געלינגען עטוואָס אויסצורייסען...

— אויסרייסען? וועה איז מיר, און וואו איז די ליעבע, וועלכע איך האָב איבערגעלאָזט בירושה?

איהר פריהער ענטפערען אויף עטליכע פראגען פון וויסענשאפטליכען סאציאליזמוס.

דער אלטער לערער האט א גוטען שמייכעל געטאן און האט מיט עניות געענטפערט: וואס איך ווייס, וועל איך זאגען...

— האט איהר קיין מאל ניט א קרים געטאן מיט'ן נאז, ווען איהר האט געהערט דעם נאמען פון דע־ליאן?

— אויב דער נאמען האט עטוואס אין זיך, וואס דער נאז קען ניט פערטראגען, וועט ער זיך געוויס קרימען. אבער ער איז מיר גאנץ פרעמד. דעם נאמען הערט מען נור דא ביי אייך.

— האט איהר קיין מאל ניט, אפילו אונגערן, א לאך געטאן, ווען מיר האבען געטראכט פון אונזערע סאציאליסטישע פעלדפעבעלס פון פארטיי דיסציפלין?

— איך ווייס ניט, וואס איהר מיינט און פערשטעה ניט, וואס האט עס צו טאן מיט וויסענשאפטליכען סאציאליזמוס.

— איהר הערט? ער ווייס ניט און פערשטעהט ניט, בראווא! ער איז שוין כמעט אונזערער... קומט. איהר מעגט האבען די זכיה צו בעזוכען אונזער איסט סייד אפיציעלען האלסייל און ריטייל געשעפט פון וויסענשאפטליכען סאציאליזמוס, אדווערטייזמענטס, דיסציפלין און טאקטיק"...

דער אלטער קארל מארקס האט זיך זעהר דערפרייט, ווען מע האט איהם אריין געפיהרט אין צימער, וואו עטליכע מענשען זיינען געזעסען און געשריעבען... אונטען האט געראוישט א פרעס מאשין... פיעלע ארבייטער זיינען אומגעלאפען צוטראגענע, פערהארעוועטע... דאס איז געשאפען געווארען פון אידישע ארבייטער פאר אידישע ארבייטער...

— נו, קינדער, האט פריילעך א געשריי געטאן קארל מארקס, ווי גייט די הייליגע ארבייט?

— די הייליגע ארבייט! חא! חא! וואס זאגט איהר צום אלטען יאלד. טס'אלטער, האסט געלעזען פון מ[illegible] א וויסענשאפטליכען ארטיקעל, ווי אזוי די חינעזער האבען חתונה?... עס איז די פינגער צו לעקען... איך שרייב נור אדער פון חתונה האבען, אדער פון מיקראבען, אדער פון זיך אליין. דער סאציאליזמוס וועט זעהר פיעל געווינען, ווען די ארבייטער וועלען לעזען, ווי אזוי איך האב צום

## 4. קאַרל מאַרקס.

ווען יעזוס איז געקומען צוריק אין פּאַראַדיז קוים אַ לעבעדיגער, אין אַ חאַלאַט און אַ מיצעל פון אַ משוגענעם, האָט קיינער איהם ניט געדאַרפט פרעגען די רעזולטאַטען פון זיין רייזע...

— איצט, האָט געזאָגט קאַרל מאַרקס וועל איך געהן זעהן, וואָס הערט זיך דאָרטען מכח סאָציאַליזמוס. מטטרון, לאָז מיך אַראָפּ אין דעם טהייל פון שטאָט, וואו עס וואָהנען מיינע געליעבטע קבצנים'־לעך.

איהר קענט אייך פאָרשטעלען, ווי ניעדריג קאַרל מאַרקס איז נעבעך אַראָפּגעפאַלען, ווען ער האָט זיך דערזעהן לעבען ראָטגער סטריט, ער האָט נאָך קיין צייט ניט געהאַט אָפּצוכאַפּען דעם אטהעם, ווי ער האָט שוין דערהערט ווי מענשען, וועלכע האָבען פולע מיילער מיט קייק און מיט פלייש, שרייען מיט בעגייסטערונג: „דער וויסענ־שאַפטליכער סאָציאַליזמוס! צוואַנציג סענט אַ האַמבורגער סטייק!..." אַנדערע האָבען געשריען: „אַרבייטער פון אַלע לענדער... איך האָב אייך אין דער ערד!" „די בעפרייאונג פון דעם פּראָלעטאַריאַט, און וואו זיינען די דאָמינאָ שטיינער".

קאַרל מאַרקס איז אריינגעגאַנגען אין אַ שמאַל קלייזיל און האָט זיך אַרומגעקוקט. ער האָט געהאָפט צו דערזעהן פּנימער, וועלכע זיי־נען בעשיינט מיט שטראַהלען פון געדאַנק און זעלבסט בעוואוסטהייט, אינטעליגענטע פּנימער פון דענקענדע פּראָלעטאַריער, עהרליכע פּנים'ער פון אויפריכטיגע סאָציאַליסטען ווען ער האָט אָבער דאָ דערזעהן סוביעקטען מיט אַן אויפשריפט אויפ'ן שטערן: „אונזער פּאַרטיי איז די באַנדע און נור אונזער באַנדע איז די פּאַרטיי", — האָט ער אַ שווערען זיפץ געטאָן און האָט שטיל געפרעגט: פריינדע, וואו קען איך דאָ קריגען ריכטיגע נאַכריכטען וועגען דעם סאָציאַליז־מוס אין ניו יאָרק?...

— ריכטיגע?... דאָס איז ניט קיין פּאַסענדעס וואָרט. איהר ווילט געוויס זאָגען: „אָפּיציעלע נאַכריכטען..." צוויי טריט פון דאַ־נען קענט איהר עס האָבען... דאָ עסען מיר און דאָרט איז דער פּלאַץ פון טעטיגקייט... אויב איהר ווילט אַהין אריינטרעטען, דאַרפט

— מיט קארל מארקס — דאָס איז וועניג... ווער עס איז ניט מיט מיר דער איז געגען דעם וויסענשאפטליכען סאָציאַליזמוס...

— איך בין מיט קארל מארקס און איך וויל וויסען, וואָס טוט איהר מיט דעם סאָציאליזמוס, וועלכען...

— איהר הערט? ער איז מיט קארל מארקס! ער וויל וויסען!... איך מאַך אַ פאָרשלאג ער זאָל ארויסגעשטויסען ווערען...

— אונטערשטיצט, האָבען געענטפערט עטליכע דערשראָקענע שטימען... און קארל מארקס איז ארויסגעשטויסען געוואָרען.

און ווען מע האָט קארל מארקס ארויסגעפיהרט פון וויליאם סטריט און ווען ער האָט ארומגעבלאָנזעט אַן עלענדער איבער די גאַסען ווען ער האָט דערזעהן, ווי וועניג אין ניו יאָרק איז געטאָן געוואָרען פאַר זיינע גרויסע אידעען, ווען ער האָט פערשטאַנען, וועלכע ניעדריגע און געמיינע אונטערנעהמונגען ווערען דאָ אויפגעפיהרט אויף דעם באָדען פון סאָציאַליזמוס, איז צוגעפאלען צו אַ קאלטען שטיין פון אַ קאַפּיטאַליסטישע געביידע און האָט זיך ביטער צו־וויינט.

דאָ האָט איהם דער הימלישער גייסט אויפגעהויבען צו די וואָל־קענס און האָט איהם געזאָגט: וויש אָב דיינע טרערען און זעה און הער!... און דער אַלטער לערער האָט דערזעהען ווי איבער׳ן גאַנצען לאַנד פאַנגען זיך אָן צו בעוועגען גאַנצע לעגיאָנען מיט ארבייטער, ער האָט דערזעהן אָרגאַניזירטע אַרמעען מאַרשירען איבער פעלדער און בערג; ער האָט דערהערט מעכטיגע, ניט געדונגענע און ניט גע־קויפטע שטימען, וועלכע רופען צום קאַמפּף און פיהרען צום זיעג.

— אה! האָט דער גרויסער לערער געזאָגט מיט פרייד, דאָס וואָהרע פאַנגט זיך ערשט אָן!... עס געהט! עס קומט און עס זיעגט!...



ביישפּיל געררייזט אהין. אז מען וועט מיר בעצאָהלען, וועל איך אויך בעשרייבען ווי אזוי איך האָב געררייזט צוריק. וואָס דען, איך בין אלעם בערייט צו טאָן צוליעב דעם וויסענשאפטליכען סאָציאליזמוס. איצט שרייב איך מכח די מיקראָבען... „מיקראָב דאָס איז אזא חיה'לע, וועלכע וואַרפט זיך אויף אַן אנדער מיקראָב, וועלכע איז אויך אַ חיה'לע... און די אלע מיקראָבען, וועלכע זיינען חיה'לעך, וואַרפען זיך אויף די אלע חיה'לעך, וועלכע זיינען אייגענטליך מיקראָבען... אלטער, דו ווייסט איך בין אַ סאָציאליסט, איך שטעה אויף דער פּלאַטפאָרם פון דער סעקציע, אָבער איך בין געגען דעם מאַטעריאליסטישען גייסט פון קאַרל מאַרקס טהעאָריע... איבערהויפּט, האַלט איך זעהר ווענינ פון קאַלר מאַרקס... געוויס, איך בין ניט קיין גוטער פריינד פון באַראָן הירש. אָבער מיט קאַרל מאַרקס בין איך אויך קידער ווידער..."

קאַרל מאַרקס האָט זיך צוגעהערט און געשוויגען. ער האָט געהערט, ווי מע האָט דאָ אָפען גערעדט, אז צוליעב טאַקטיק מעג מען פערקנייטשען די וואַרהייט... אז צוליעב טאַקטיק, מעג מען זיך בענוצען מיט אזעלכע מיטלען, ווי שאַנטאַזש, רכילות ליגען, פאַלשקייט... ער האָט געהערט ציניש בעמערקונגען, וועגען דזשאַבס, וועגען ביזנעס, וועגען „פּאָליטיקע"... ער האָט געזעהן, אז דאָ האָט מען אלעם אין דער ערד און געהערט פון מחלוקות, קריגערייי, צושפּאַלטונגען און מיט אַ ביטער הארץ און צובראָכען געמיטה איז ער ארויסגעגאַנגען אויף דער פרישער לופט...

אַ ווײַלע שפּעטער איז ער געווען אין וויליאַם סטריט דער וואָרט מיט וועלכען מע האָט דאָ דעם אלטער קאַרל מאַרקס באַגעגענט, איז געווען: „פּייקער!"

— קען איך פרעגען, וועלכע פאַרשירטע מאַכט די סאָציאליסטישע ארבייטער פּאַרטיי?

— יאַ... מיר האָבען גרויסע פאַרשריטע געמאַכט... מיר האָבען ארויסגעטריבען און אָבגעשטויסען פון זיך אלע און אונז וועט שוין באַלד ניט בלייבען מיט וועמען צו קעמפּפען.. אָבער, אלטער פּעיקער, איך זעה, דו ביסט אַ „דזשו" און איך פרעג דיך: מיט וועמען ביסט דו — מיט אונז אָדער מיט „זיי"?

— איך בין מיט קאַרל מאַרקס.

לעבענס געשיכטע, וועט מען דאָרט געפינען חותם יד כל אדם, — וועט מען דאָרט געפינען דעם זיעגעל פון יעדען מענשענס האַנד, — פון יעדע האַנד, וואָס האָט געבויט דיין וועלט, געאַרבייט שווער, גע־זאַמעלט אַלעס, וואָס דו, מלך עליון, פערמאָגסט.

ובשופר גדול יתקע, און ווען דער גרויסער שופר פון פרייהייט ערשאַלט, דאַן הויבט איהר אָן דאָרטען אין הימעל צו ציטערען, דער טראָהן הויבט אָן צו וואַנקען און מיט שרעק זאָגט איהר: הנה יום הדין, עס איז געקומען דער אונערבאַרמליכער יום הדין, לפקוד על צבא מרום בדין, — צו משפּט'ן אַלע הערשער, וואָס זיצען אין דער הויך מיט'ן דין.

אָבער כבקרת רועה, אַזוי ווי דער פּאַסטוך שמייסט זיין סטאַדע שאָף מיט'ן רוט, אַזוי בעהאַנדעלסט דו און בעהערשסט יעדע לעבע־דיגע זעעלע, דו שניידסט אָבער זייער קצבה און דו גיסט אַרויס זייער גזר דין... עס ווערט פערשריבען ביי דיר און פער'חתמעט: כמה יעברון, וויפיעל זאָלען אומקוקען ביי דיר אין דעם יאָהר און וויפיעל נייע שקלאַפען און קנעכט זאָלען בעשאַפען ווערען. ווער זאָל לעבען, ער זאָל קענען אַרבייטען און ווער זאָל שטאַרבען פון צרות. ווער זאָל אַרויסגעהן מיט זיין נאַטירליכען טויט און ווער זאָל אומ־קוקען פאַר דער צייט. מי במים, ווער זאָל דערטרונקען ווערען אין די וואַסערען אַלס מאַטראָס, אַלס פישער, אַלס אַרבייטער אויף דיינע גרויסע שיפען. אַלס ערד־גראָבער אין דיינע קאַנאַלען. ומי באש, און ווער זאָל אומקומען מיט פייער אין דיינע גיהנם פאַבריקען, ביי די עקספּלאָזיאָנען און שרפות. מי בחרב, ווער זאָל געשטאָכען ווערען מיט די שווערדען פון דיינע מלאכי חבלה, זאָל געשאָסען ווערען מיט די ביקסלעך פון דיינע סאָלדאַטלעך, צובראָכען ווערען מיט די דובינעס פון דיינע בעשיצער. מי ברעב, ווער זאָל אויסגעהן פון הונגער און פון נויט. מי ברעש, ווער זאָל צוריבען און צומאָלען ווערען אין דעם רעש און שטורם פון דיין אונמענשליכע סיסטעם, ווער זאָל שטאַר־בען אין דער מגפה. פון אַלע עפּידעמיען און קראַנקהייטען, וועלכע קומען פון אַרמוטה און נויטה. מי בחניקה, ווער זאָל דערוואָרגען און דערשטיקט ווערען אין די טיעפע מינעס, אין די ענגע טענעמענט הייזער אין די פינסטערע שאָפּס.

און אַז מע פרעגט ביי דיר, גוטער מלך עליון, מיט וואָס קען מען

# מוסף של ראש השנה.

(מיט עברי טייטש־פּירוש.)

ובכן ויהי בישורון מלך!

און דער פאר טאקי האָט דאָס פאָלק ישורון, דאָס אויסערוועהל־טע „אתה־בחרתנו" פאָלק האָט אויף דעם זעלביגען מלך. אָה! דער מלך עליון. ער וואָהנט אין דער הויך ער רעגיערט מיט זיין אומץ ידו, ער הערשט מיט געוואַלד — מלך עליון! זיין שטאַרקייט דויערט אָן עוויגקייט, זיין רוהם, מיינט ער, שטעהט זעהר פעסט... וועט ער אייביג באַלעבאַטעווען, דער מלך עליון?

סוגרין הארון. מען מאַכט צו דעם אָרון, כדי די טרערען און די ביטערע קרעכצען זאָלען אהין ניט אריינדרינגען, און מען זאָגט שטיל: מלך אביון, דער אביונישער מלך, דער אָרעם מענשעלע פוילט און ליגט אין דער ערד. בשאול ובתחת, אין דער העלע און אין גרוב, האָט ניט קיין פרייד און האָט ניט קיין נחת, ער ליגט ווי אין א לע־טאַרגישען שלאָף, פערזונקען אין דונקעלהייט און פרעגט א'ן ערשראָ־קענער: עד מתי ימלוך?... ווי לאַנג נאָך וועט הערשען דער מלך עליון?

ונתנה תוקף. — נו — מיר דערצעהלען די שטאַרקייט פון דיין היילינגען טאָג, אָה, דו אַלמעכטיגער מלך עליון! פירכטערליך און שרעקליך איז דיין טאָג און מיט דיעזען שרעק און פורכט ווערט ער־הויבען דיין מלוכה. דו זיצט אליין אויף דיין טראָהן און דו ביסט אליין דער דין און ריכטער, דער לערער און שטראפער, דער קעניג און דער בעל הבית, דער פּאַלאַטש און דער עדות, דער שרייבער און דער חותם, דער צעהלער און דער צאָהלער און דו פארגעסט, אז מען וועט עפענען דעם גרויסען ספר הזכרונות, דאָס בוך וואו אַלעס איז דערמאָנט און פערשריבען, דעם גרויסען ספר פון דעם מענשענס

# די גרויסע, משוגע׳נע וועלט.

(פון א וואהנזיניגענס טאָגע־בוך).

די וועלט איז גרויס. איך האָב א מאָל געררייזט איבער ימים און לענדער, געזעהן פיעל מענשען, געלערנט זייער לעבען. איצט זיץ איך אויף איין אָרט. מיין וואָהנונג איז א גרויסע, דונקעלע הויז, צוטהיילט אויף א סך חדרים... די הויז שטעהט אויף א קליינעם אינזעל, וועל־כער איז ארומגערינגעלט מיט עטליכע אַלטע בוימער און ווייטער איז וואסער, וואסער און וואסער.

פון מיין קליין פענסטערעל זעה איך אָפט ווי אויף׳ן וואסער שווימען אונ מענשען און שיפען... פון יענער זייט וואסער — גרויסע שטעדט, וואו עס קאָכט און זידט... און ווייטער אין נעבעל פיעל שטעט פיעל דערפער, פיעל מענשען, פיעל טהעטיגקייט, פיעל ליא־רעם און געפילדער, אזוי פיעל משוגעים, וועה איז מיר!

אָפט טוט מיר זעהר וועה דאָס הארץ, ווען איך בערעכען, אז אין אזא גרויסער וועלט געפינט זיך נור איין הייפעלע קלאָרע מענ־שען, וועלכע זיינען געצוואונגען צו לעבען אָבגעזונדערט אויף א׳ן איינזאַמען אינזעל, אום זיך ניט צונויף צו מישען מיט די משוגעים... א גרויסע משוגענע וועלט מיט אזא ביסעלע קלאָרע און געזונטע מענ־שען!.. מיר זיינען וועניג און משוגעים זיינען שרעקליך פיעל. זיי אונטערדריקען אונז, אפילו אויף אונזער איינזאַמען אינזעל... עס איז א שאנדע צו זיין איינער פון זיי, פע! זיי זיינען אזוי עהנליך צו אונז, אז דאָס אונזער גליק איז וואָס מיר טראָגען אַלע גאָר אנדערע קליידער און מען קען אונז דערקענען...

מערקווירדיג, פיעלע פון זיי האָבען די זעלבע אייגענשאפטען, וואָס מיר האָבען. א פנים אמאָל זיינען זיי געווען מיט אונז פון איין ראסע און זיינען אויך געווען קלאָר, נור דאָס ביטערע לעבען האָט זיי

מעביר זיין די שלעכטע גזרה, הייסט דו שרייען:

ותשובה ותפלה וצדקה!

תשובה זאָגסט דו, דאָס איז צום... מע דאַרף פאַסטען, הונגערען. תפלה — הייסט קול... מע דאַרף האָבען אַ שטימע נור צו בעטען און צו זאָגען תפילות, און צדקה דאָס איז ממון צדקה איז געלד. ווער עס האָט געלד, דער זאָל זיין אַ בעל צדקה, אַ פילאַנטראָפּ, אַ קהל'שער בעל טובה...

אתה יודע יצרם, דו ווייסט די נאַטור פון דיינע שקלאַפען, זייער יסוד איז פון אַש און צום שטויב קעהרען זיי זיך אום, מיט סכנת נפשות דאַרף ער קריגען זיין שטיקעל ברויט, ווי אַ צובראָכענער שאַרבען איז ער געשעצט, אַזוי ווי אַ פערוועלקטע גראָז, אַקוראַט ווי אַ שטן וואָס געהט פערביי און ווי אַ רויך, וואָס ווערט פערשוואונדען און נור דו אליין ביסט דער מלך אל חי וקים.

וכל מאמינים, אַלע וואָס גלויבען אין אל אמונה, האַלטען נור פון האוחז ביד, דערפאַר דו מלך אביון זאָג „אנא בכח”... דער יום הדין קומט און ובכן תן פחדך!...



כען!... ניין! ניין! — וואָס קען מען פון זיי פאָדערען? זיי זיינען דאָך נעבעך משוגע! משוגענע מענשען, נאַרישע מענשען, אונגליק־ליכע, קליינינקע מענשעלעך און האָב נאָך אין זיך אזוי פיעל גאוה מיט חוצפה!... א רחמנות, זיי זיינען נעבעך קראַנק...

איך לעג אנידער מיין פעדער און געה צו מיין קליין פענסטערעל און קוק אין דער וויטקייט. עס איז נאַכט... דער הימעל שלאָפט, די שטערען דרעמלען, די בוימער שטעהען ווי פערטראַכטע... און דאָרט אין דער משוגענער גרויסער וועלט קאָכט עס, עס זידט און עס רוישט... דער פיבער פון משוגעת ברענט אין זיי און זיי קענען זיך ניט בערוהיגען... איז עס ניט א ריס פונ׳ם האַרצען, ווען מען זעהט, ווי זיי האָבען פון דער שעהנער וועלט געמאַכט א גרויסען דולל הויז?... און דאָס א קלאָרער מענש דאַרף זיך בעהאַלטען פון זיי אויף א אינזעל אין א דונקעלע הויז וואָס זעהט אויס ווי א טורמע?... חא! חא! חא! וואָס זאָגט איהר פאַרט צו די משוגענע? זיי גלויבען דאָך ניט, אז איך בין גבריאל דער מלאך!...



נעבעך משוגע געמאַכט... צווישען מיינע חברים איז דאָ איינער, וואָס רעכענט זיך פאַר אַ גאָט, עס איז דאָ איינער וואָס טענה'ט אַ גאַנ־צען טאָג מיט גאָט און פאַר גאָט, עס איז דאָ איינער וואָס מאַכט גאָלד פון רויך, עס איז דאָ איינער, וואָס גלויבט,, אַז זיין הארץ ליגט ביי איהם אין מאָגען... זיי אין דער משוגענער גרויסער וועלט, זיי־נען אויך פונקט אַזוי און ווען זיי זאָלען ניט זיין אַזוי געמיין און שלעכט, וואָלטען מיר זיך ניט געשעמט זיי צו רעכענען פאַר אינגלעך... ביי אונז זאָגט איינער, אַז ער איז גאָט, — זיי רעכענען זיך אַלע פאַר געטער, ביי אונז טענה'ט איינער פאַר גאָט, זיי האָבען אַלע פער־שיעדענע געטער און געצקעס טענה'ן פאַר זיי, קריכען אויף די ווענט, פערגיסען בלוט, פערפאָלגען איינער דעם צווייטען. זיי קוסען האָלץ און טאַנצען נעגען דער לבנה... משוגעים, נעבעך.

ביי אונז מיינט איינער אַז ער קען מאַכען גאָלד פון רויך, ביי די משוגענע דאָרט אין דער גרויסער וועלט מאַכען מיליאָנען מענשען גאָלד פון שווינדעל און פון רויך... ביי אונז מיינט איינער, אַז זיין הארץ ליגט אין מאָגען... ער זאָגט עס אָפען פאַר אַלע, וויל אַ קלאָ־רער מענש פערבאָרגט ניט זיינע מיינונגען. זיי אָבער, די משוגענע, זיי פערמאַסקירען און בעהאַלטען די ווארהייט... זיי זאָגען דאָס ניט, אָבער דאָס איז אַ פאַקט: ביי מיליאָנען פון זיי ליגען די הערצער אין מאָגען... איך וויים ניט ווי איהר, איך האָב רחמנות אויף די משוגענע... זיי זיינען נעביך אַזעלכע אונגליקליכע...

דער אונגליק מיט די משוגענע איז, וואָס וואו מען דאַרף זיי ניט, דאָרט זיינען זיי דאָ... ביי אונז זיינען אויך דאָ איניגע פון זיי. איינער רופט זיך דאָקטאָר... ער האָט געשטודירט דאַרויף, ער זאָל געזונטע מענשען קראַנק מאַכען, קלאָרע מאַכען משוגע. אָ! ער וויל מיך מאַכען משוגע! ער פּלאַגט מיך, ער הייסט מיך אָפט בינדען מיט שטריק, ער טוט מיר אָן אַן אייזערנע העמד, ער וויל מיך מיט געוואַלד מאַכען פאַר איינעם פון זייער גרויסע משוגענע וועלט... ניין! עס וועט איהם ניט געלינגען! בעסער שטאַרבען, איידער צו דענקען, פיהלען און לעבען ווי זיי! שלעכטע, גרויזאַמע מענשען! אָפט מאָל קלער איך, דאַכט זיך איך וועל זיך אַ וואָרף טאָן אויף איי־נעם פון זיי און וועל איהם דערשטיקען. געמיינער מענש, פאַלשער מענש, נידריגע בריאה, חיה רעה דו! איך וועל פון דיר אַ תל מאַ־

צעט, עס סקריפּעט, עס פּליאַסקעט, עס חליופּעט, עס טאַלאַמאַטשעט...
ניין, איך קען ניט שרייבען.

און איך האָב געוואָלט מאַכען היינט פאַר זיך אליין א שמחה...
איך האָב געוואָלט דעם פיערטען דזשוליי דערצעהלען פון מיין ערש־טען יום טוב אין אַמעריקאַ. פערשטעהט איהר מיך, איך האָב ערהאַל־טען פאַריגע וואָך צוויי בריעף, פון מיינע אונבעקאַנטע לעזער...
ביידע זיינען פול מיט דאַנקבאַרקייט, מיט פריינדשאַפט, מיט גוטע וואַרעמע געפיהלע, מיט אמת'ע אויפריכטיגקייט. אין אַן אַנדער לאַנד ביי אַנדערע אומשטענדען האָב איך אָפט געהאַט אַזעלכע יום טובים, אָבער דאָ אין אייער פרייער, עגאָאיסטישער, קאַלטבלוטיגער, גלייכ־גילטיגער אַמעריקאַ, — דאָ, וואו דאָס שרייבען רוהט אויף דעם „דזשאָבינג" באָדען פרייז, — דאָ... איך בין געוועזען אַזוי געריהרט און ערפרייט. דעם פיערטען דזשוליי אין דעם יום טוב פון פרייהייט, ויעל איך... הא? טיק! טיק! טוק! טאַק!... באַץ! באַץ! פּרראַה!.. ניין! איך קען ניט שרייבען!

קנאַק! קנאַק!... מיט קנאַקערייען בעעהרט מען די פרייהייט... וואָס זיינען די אַלע גלענצענדע פראַזען פון פרייהייט, די אַלע הימנען צו דער פרייהייט, די אַלע שבחים פון דער פרייהייט, ווען ניט קנאַקערייען?... וואָס גרעסער עס איז די קנאַקעריי, מיט וועל־כע מען שפּרעכט אויס אַ געפיהל, דאָס ווייניגער פיהלט מען דאָס, וואָס מען שפּרעכט. וואָס בלייבט פון די קנאַקערייען? אַ דולעניש אין קאָפּ, אַ רויך אין גאַס, אַ „סמעלינג" אין נאָז, אַ פוסטער אָרט אין קעשענע און פיעל מיסט אויף די טראָטואַרען... אוי! די קנאַ־קערס! די קנאַקערס! ניין! איך קען ניט שרייבען!

אַ גאַנץ יאָהר זעהט מען אַרום זיך קנאַקעריי מאַנופעקטשירער. אַנשטאָט אמת'ע ענערגיע, נערוועז־פייער־קרעקערס; אַנשטאָט וואַהרע התלהבות, געמאַכטע פייער ווערקס; אַנשטאָט ריכטיגען ענטוזיאַזם, געקויפטע פולווער טראַסקעריי... ענדליך קומט דער פרייהייטס יום טוב און די געטין „ליבערטי" גיט אייך אַנשטאָט געמאַכטע התלהבות, אמת'ע פייער־קרעקערס, אַנשטאָט פאַלשען ענטוזיאַזם אמת'ע באָמבעס... וויפיעל געדאַנקען קענט איהר... בום! בום! טרראַך! פּ... פּ...! קנאַק!.. ניין! איך קען ניט שרייבען.

דאַכט זיך ציוויליזירטע מענשען אין אַ ציוויליזירטעס לאַנד,

# ניין! איך קען ניט שרייבען!

ער זאָגט אליין, אז ער קען ניט שרייבען? איהר זייט איבער־ראשט. איצט אין אזא צייט ווען קיין שלימזלניקעס זיינען שוין ניטאָ אויף דער וועלט, זאָל זיך געפינען איינער, וועלכער זאָל וועגען זיך אליין זאָגען די וואהרהייט? וואָס זשע, טראַכט איהר, דאַרף ער שוין דעם „דזשאָב" ניט, אָדער אפשר די הייץ חלילה?...

ניין! איך מיין דוקא פערקעהרט. נור הייגט, הייגט, דעם פיער־טען דזשולייי, הייגט פערשעלט איך די שרייבערייען, אַלע פייער־ווערקס, אַלע רעדאַקטאָרען, אַלע פּולווער־פאַבריקען... מע קען משוגע ווערען! איך זיץ ווי אויף שפּילקעס, מיינע נערוועז זיינען צו רודערט, מיינע ליפּען צו ביסען ביז בלוט, מיין קאָפּ פערהילכט, מיי־נע אויערען פערטויבט, מיינע געדאַנקען צו קאַליעטשעט... איך שפּרינג אויף יעדען אויגענבליק פון שטוהל, איך כאַפּ זיך אויף ווי אַן אָבגעבריהטער... איך לויף אום... איך קען זיך קיין אָרט ניט געפינען... ניין! איך קען ניט שרייבען!

מען זאָגט, ווען אַ מענש לאַכט און רעדט מיט אַ הויכע שניידענ־דיגע און צו שטאַרק קלינגענדע שטימע, איז אַ סימן, אַז ער איז ניט איבריג קלוג און ניט גענוג ענטוויקעלט. דער אופן מיט וועלכען ער דריקט אויס זיינע געדאַנקען און זיין פרייד זאָגט שוין אליין, וואָס פאַר אַן „אינהאַלט" זיין דענקען קען האָבען און וואָס פאַר אַ זינן קען האָבען זיין פרייד... בעטראַכט נור ווי אַזוי זיי דענקען פון דער פרייהייט און אויף ווְעלכען אופן זיי דריקען אויס זייער פרייד... זיי... האַך! טראַך! הואואו!... ניין! איך קען ניט, עס שיסט, עס קלאַפּט! עס קראַכט, עס קנאַקט, עס האַקט, עס טראַשקעט, עס קנאַרט, עס טראַסקעט, עס ברוייזט, עס ברעכט, עס רייסט, עס טרעס־

# וואָרום ער האָט זיך גע׳שמד׳ט.

(אַ פאַקט.)

---

ווען חיים משה סימאָנאָווסקי איז אַרונטערגעקומען נאָך ניו־יאָרק פון רוסלאַנד, האָט ער זיך באַלד אָנגעפרעגט צו זיינע בעקאַנטע וועלכע קענען ענגליש, און זיי האָבען איהם קודם־כל געזאָגט, אַז ער זאָל זיך משנה השם זיין. זיין נאָמען איז געוואָרען: היימאַן סיימאָן.

סיימאָן איז אַהער געקומען אָהן זיין פרוי מיט צוויי קינדער, און עס האָט איהם ניט פיעל צייט גענומען ער זאָל זיך אַמעריקאַניזירען. ער האָט זיך אָבגעשוירען ביים באַרבער, פערביטען דעם לאַנגען אויבערציהער אויף אַ קורצען רעקעל, זיך אויסגעלערענט זאָגען „נעווער מאַין" און „אַי בעטש יו". איינגעקויפט פלייטעד דזשולערי, קאָלאַר־באָטאָנס און הענדקערטשיעפס, און איז אַרוים פעדלען.

סיימאָן האָט שטאַרק געהאַלטען פון דעם אַמעריקאַנישען ווערטעל: „ווען דו נעהמסט זיך צו אַ זאַך, דאַן האַלט זיך דערביי", — און פעדלען איז ניט נור געוואָרען זיין אַרבייט, זאָנדערן אויך אַ טהייל פון זיין פערגניגען. פון זונען אויפגאַנג ביז אום צעהן אָדער עלף אַ זייגער ביי נאַכט, האָט ער געפעדעלט. אין זעקס מאָנאַט צייט האָט ער אַהיים געשיקט אַכציג רובעל פאַר זיין פרוי און דאַן אויך געקויפט שיפס־קאַרטען אויף אויסצוצאָהלען. קורץ, אַכט מאָנאַט נאָך זיין אַנקונפט, איז סיימאָנ׳ס פאַמיליע געווען אין ניו יאָרק.

סיימאָן האָט זיך מיט דער צייט אַרויפגעאַרבייט און איז געוואָרען אַ קאָסטאָמער פעדלער, פון וואַנען ער האָט ערשפּאַרט עטליכע הונדערט דאָלאַר. אָבער פעדלעריי איז איהם נמאס געוואָרען, און ער האָט בעשלאָסען צו ווערען אַ סוחר.

וואו זאָל ער ווערען אַ סוחר מיט אַ סטאָר? סיימאָן האָט גע־

וואו עס איז דאָ אזוי פיעל מוזיק און אזוי פיעל בלומען, אזוי פיעל טעמפלען דער קונסט און אזוי פיעל שעהנע פארקען, אזוי פיעל טרויער און אזוי ווייניג פרייד, אזוי פיעל „וואָכעדיגע” טעג און אזוי ווייניג ווירקליכע ימים טובים, אזוי פיעל שווערע לאסט און אזוי ווייניג וואה־רעס, ריינעס פערגניגען... דאכט זיך, ווען עס קומט דער פיערטער דזשולאי... עס שיסט, עס קנאקט, עס טראסקעט, עס טראכקעט... עס ברעכט, עס רייסט, עס צופט... ניין! איך קען ניט שרייבען...



זיין אַ אידען אונטער די פליגלען פון דער קאַטאָלישער שכינה! קען נאָך זיין אַ גרעסער גליק? די נאַכריכט האָט זיך פערברייטעט איבער דעם גאַנצען שטעטעל און ביי דער טויפע, איז יעדער פרומער קאַטאָליק מיט זיין פרוי און קינדער געווען אנוועזענד.

דער גלח האָט דורכגעמאַכט זיין צערעמאָניע, און צום שלום האָט ער אויפגעהויבען ביידע הענד איבער דעם אידען און געזאָגט:

„דו ביסט אַ קאַטאָליק! דו ביסט אַ קאַטאָליק! דו ביסט אַ קאַ־טאָליק!"

סיימאָן האָט געשמייכעלט. קיינער פיעלייכט, אויסער איהם זעלבסט, האָט ניט פערשטאַנען דיעזען שמייכעל.

דאַן האָט אָנגעפאַנגען אַ שפע, יעדער קאַטאָליק האָט עס גע־רעכענט אַלס זיין הייליגסטע פליכט צו געהן קויפען ביי זיין „נייעם ברודער" און „בעקעהרטען צום קאַטאָליציזמוס". און סיימאָן האָט געמוזט ניט נור פערגרעסערן זיין געשעפט, זאָנדערן אויך צו נעהמען פינף מענשען אום איהם צו העלפען צום פערקויפען.

סיימאָנ'ס פערמעגען האָט געוואַקסען פון טאָג צו טאָג, און זיין באַנק־בוך האָט יעדעס מאָל געקראָגען אַ גרעסערע סומע.

געגויע דריי יאָהר זיינען פאַראיבער און די קאַטאָליקען האָבען פאַטראָניזירט דעם אידען מיט אַלע מעגליכקייטען. דאַן האָט זיך פּלוצלונג פערברייטעט די נאַכריכט, אַז סיימאָן איז ניט זעהר פרום. איבערהיופּט האָט מען אויף איהם געזאָגט, אַז ער ערלויבט זיך צו בעגעהן דעם „שרעקליכען פערברעכען" צו עסען פלייש אַם פריי־טאָג.

„מיין ברודער", האָט דער גלח אָנגעפאַנגען. „עס איז מיין פליכט, נאָכדעם ווי איך בין געווען אייער טויפער, אייך צו זאָגען, אַז איהר בעגעהט אַ גרויסע עבירה דערמיט וואָס איהר עסט פלייש אין אַזעלכע טעג ווען עס איז ניט ערלויבט לויט אונזער רעליגיאָן".

„ווער האָט דאָס אייך געזאָגט"? האָט דער איד געפרעגט זעהר לעבהאַפט.

„איך בין נאַטירליך ניט קיין רכילות'ניק", האָט דער גלח גע־ענטפערט זעהר ערנסט, „אָבער דאָס וואָס מענשען זאָגען, בעווייזט זיך יעצט אַלס וואַרהייט. איך פיהל דעם גערוך פון פלייש וואָס בראָט זיך".

וואוסט, אַז מעהרערע פון זיינע בעקאַנטע האָבן מצליח געווען, נאָכ־דעם ווי זיי האָבן זיך בעזעצט אין קלענערע שטעטלעך, און ער האָט בעשלאָסען אויך צו טאָן דאָס זעלבע אייך רובין, זיינען אַ לאַנדסמאַן, וועלכער וואָהנט אין ק. פון דעם שטאַאט מיסס., האָט איהם געשרי־בען, אַז אין ב., פון דעם זעלבען שטאַאט, וואָהנט קיין איינציגער איד ניט, און עס איז ראַטהזאַם דאָרט צו עפענען אַ סטאָר. סיימאָן האָט די עצה אָנגענומען און געעפענט אַ סטאָר אין ב. פון העמדער, קליידער, קנעפּלעך, געפּלייטעטע דזשולערי, א. ז. וו.

עס האָט איהם אָבער ניט פיעל גענומען ביז ער האָט אויסגעפונען, אַז זיינע חלומות וועלען ניט פערווירקליכט ווערען. סיימאָן האָט אַלץ געטרוימט פון אָבשפּאָרען עטליכע טויזענד דאָלאַר, צוריק קעה־רען נאָך ניו יאָרק און עפענען אַ האָלסייל געשעפט, גראַדע ווי רחמיאל'קע שרה זעליג'ס (אין אמעריקאַ: רעלף ראָזען) האָט געטאָן. ב. איז ניט געווען דער פּלאַץ דאַפיר דורך פאָלגענדער אורזאַכע: די עטליכע טויזענד איינוואָהנער, האָבן געצעהלט גענויע ניינציג פּראָצענט קאַטאָליקען און דיעזע, מיט זייער גאַנצער אַמעריקאַניזי־רונג, האָבן געהאַסט דעם אידען היימאַן סיימאָן, אַלס אַן איינציקעל פון יענע אידען, וועלכע האָבן געקרייציגט זייער גאָט.

סיימאָן האָט מיט שווערער מיה געמאַכט אַ לעבען, און ער האָט אויסגעאַרבייט פערשיעדענע פּלענער ווי אַזוי פּטור צו ווערען פון די פאַנאַטישע קאַטאָליקען, אָבער ער האָט איינגעזעהן, אַז פערקויפען די סחורה און זוכען ווידער אַן אַנדער פּלאַטץ, בעדייטעט, אַז ער מוז רואינירט ווערען. עס זיינען אַזוי פּאָראיבער אַ פּאָאָר יאָהר און סיי־מאָן איז געווען פערצווייפעלט.

ויהי היום, האָט ער געהאַט אַן אונטעררעדונג מיט זיינעם אַ שכן, פאַר וועלכען ער האָט זיך בעקלאָגט אַז עס געהט איהם זעהר שלעכט.

„הערט מיך אויס, מר. סיימאָן", האָט זיין שכן געזאָגט. „איהר וואָלט געמאַכט די בעסטע געשעפטען, איהר וואָלט רייך געוואָרען, נור — איהר מוזט ווערען אַ קאַטאָליק".

סיימאָן האָט פיעל נאָכגעדענקט דאַריבער, און איין טאָג, איז ער אריין צו דעם גלח, וועלכען ער האָט ערקלערט, אַז ער איז ענטשלאָ־סען צו ווערען אַ קאַטאָליק.

דער גלח האָט געטאַנצט פאַר שמחה. סטייטש, ער וועט מכנים

מיט א קורצער צייט שפּעטער, האָט זיך סיימאָן ארויסגעצויגען נאָך ניו יאָרק, און זיין טרוים צו ערעפענען א האָלסייל געשעפט, איז פערווירקליכט געוואָרען. ער האָט מיטגעבראַכט איבער צעהן טויזענד דאָלאַר מזומנים.



„פון פלייש? איהר האָט אַ טעות. עס איז פיש — ווירקליך פיש, אזוי זאָג איך".

„מיין ברודער", האָט דער גלח ווייטער געזאָגט, אויפהויבענ־דיג זיינע אויגען מיט אַ פרומער מינע צום הימעל. „מיין נאָז פיהלט פלייש, נור אום מיך צו בערוהיגען, וויל איך איהר זאָלט מיר ווייזען אום איך זאָל מיך איבערצייגען".

„מיט פערגניגען", האָט סיימאָן געענטפערט. „קומט".

סיימאָן האָט אריינגעפיהרט דעם גלח אין קיך, און אויף דעם אויוועז האָט זיך געבראָטען אַ גרויסע און פעטע הוהן.

דעם גלח'ס געזיכט האָט זיך פערפינסטערט.

„רופט איהר דאָס פיש"? האָט ער געפרעגט ציינענדיג אויף דער הוהן.

„געוויס רוף איך דאָס פיש", האָט דער איד געזאָגט, וועהרענד דער גלח האָט איהם אָנגעקוקט ערשטוינט.

„געדענקט איהר ווען איהר האָט מיך געטויפט?" האָט דער איד געפרעגט נאָך אַ פויזע.

„געוויס געדענק איך".

„איהר געדענקט אויך, ווען איהר האָט אויפגעהויבען אייערע הענד און געזאָגט צו מיר דריי מאָל: „דו ביסט אַ קאַטאָליק"?

„אקוראט געדענק איך".

„אלזאָ, היינט, ווען איך האָב געהייסען מען זאָל פאַר מיר אָפּ־בראָטען דיעזע הוהן, האָב איך אויפגעהויבען מיינע הענד און געזאָגט דריי מאָל: „דו ביסט פיש".

„אָבער עס איז דאָך אַלץ געבליבען פלייש"! האָט דער גלח אויסגעשריען שוין אויפגערעגט.

„וואָס איז דער אונטערשיעד"? האָט סיימאָן געזאָגט גלייכגיל־טיג. „אזוי ווי עס קען ווערען פון אַ אידען אַ קאַטאָליק אזוי קען אויך ווערען פון פלייש — פיש".

סיימאָן האָט דאַן הערצליך געלאַכט און דער גלח איז אַוועק אָהנע צו מאַכען אַ ווייטערע בעמערקונג.

ער איז פערליעבט, ער איז גליקליך, ער צוויפעלט ניט, ער גלויבט... זי זאָגט איהם: „אדיע, ליעבער! — איך קום באַלד"... דריי יאָהר זיצט ער נעביך ביים פענסטער און ערוואַרטעט זיין גע־ליעבטע דולצינע זיין געזעצליכע פרוי, דריי יאָהר — זי קומט ניט.

## צווייטער קאַפּיטעל.

### (די סיטואַציאָן.)

עס איז אַמעריקאַ: אַדוועַרטייזמענטס, רעקלאַמען, מיליאָנען, טשו־טאָבעקאָ, פּאַטענטירטע ערפינדונגען, צייטונגען, ווי לייליכער די גרוים; סענסאַציאָנעלע נייעס, ווי ראָזינקעס אין אַ פלאָמען צי־מעס. מאָרדען, גנבות, רציחות, עלעקשען קאַמפּיין, פּאָליטיק, בודעל, האַנדעל, שאַכער־מאַכער, באַנקען־קראַך, באַנקראָטסטוועס, דיוואָר־סען, בריטש אָף פּראָמיסעס, בייסיקלעך, פּייטס, ביים באָלל, רייסעס, בלעק אייעס, גרויסע פּראָיעקטען, זעלבסטמאָרד, ניקעל מוזעאומס, רעפאָרמירטע יהודים, פּיקעלס, פּאַון שאָפּס, פילאַנטראָפּי, עקספּלאָ־זיאָנען, אייזענבאַהן־אונגליקען און פריידענקער.

## דריטער קאַפּיטעל.

### (ירושה און דעגענעראַציאָן)

די עלטערען פון אונזערע העלדען: „איהר" פאָטער איז אַ רויי־טער, געזונטער, גראָבער, אָנגעשטאָפּטער גראָסער... ער דאַווענט און מאַכט ביזנעס. ער איז אַ קהלשער מענש און מאַכט ביזנעס. ער איז אַ גבאי, אין אַ שוהל, אַ פּרעזידענט אין פערשיעדענע לאָדזשען און מאַכט ביזנעס. ער האָט זעהר אַ שעהנע טאָכטער און האָט ליעב ביזנעס. אז מע האָט איהם צום ערשטען מאָל דערצעהלט, אז עס איז דאָ אויף דער וועלט ליעבע און פּאָעזי, האָט ער געפרעגט: צו וועל־כען „טרייד" געהערען די זאַכען און אויב מע קען מיט זיי מאַכען גוטע ביזנעס?

„זיין" פאָטער איז אַ זייגער מאַכער. ער האָט ליעב שטונדען

# ליעבע, פּאָעזיע און ביזנעס.

(א טראגי־קאָמישע געשיכטע).

---

איך האָב א גוטען מאַטעריאַל, פון וועלכען מען קען מאַכען זעהר אַן אינטערעסאַנטען ראָמאַן — מען דאַרף עס נור גוט בעאַרביי־טען. דער קוואַל, פון וואַנען דיעזער מאַטעריאַל איז גענומען געוואָרען, איז א דאַון טאַון'ער געשיכטע. און דעם פּלאַן נעהם איך פון דער מאָ־דערנער ליטעראַטור.

---

## ערשטער קאַפּיטעל.

(די אינטריגע).

אין דעם קאַפּיטעל דאַרף מען פעראינטערעסירען דעם לעזער. זי און ער זיינען ערשט געקומען פון סיטי האָל, וואו זייער ליעבע איז פערקניפּעלט געוואָרען מיט'ן קניפּעל פון געזעצליכקייט און זייערע הייליגע געפיהלען האָבען געקראָגען די געהעריגע „לייסענס"... ער פיהלט ניט די ערד אונטער די פיס; זיינע אויגען ברענען מיט א פייער פון ליעבע און ליידענשאַפט. ענדליך זיינען זיי אליין!... זי איז אויך פערליעבט, זיין וואַהרע פרייד, זיינע גליקליכע אויסגע־שרייען ריהרען זי... אָבער דאָך איז זי אונרוהיג... זי ווייס, דאָס ליעבע און פּאָעזיע זיינען זעהר פיינע זאַכען אָבער ביזנעס?... עס איז נאָך ניט שפּעט... זי קען זיך נאָך איבערלעגען!... מיין געליעבטער! זאָגט זי, ערלויב מיר יעצט געהן צו מיין פאָטער!.. יעצט, ווען איך בין דיין געזעצליכע פרוי דאַרפסט דו פאַר איהם קיין מורא ניט האָבען...

## פיערטער קאַפּיטעל.

(די „ענטבינדונג".)

זי שטעהט אין גראָסערי סטאָר מיט פערקאַטשעטע ארבעל און פערקויפט גרינע ארבעס און געקוילעטע הערינג און ער זיצט אין דול־דען־הויז און וויספערט שטיל: „געה אויף דו שעהנער שטערען פון מיין דונקעלע נאכט..." ער רופט זי, ער ערוואַרטעט זי... דריי יאָהר זיינען שוין פערביי און זיינע האָפנונגען לעבען נאָך... די גאַנצע וועלט איז שוין פאַר איהם טויט, אָבער זיין ריינע אמת'ע ליעבע איז נאָך ניט געשטאָרבען... זי בליהט נאָך אין זיין קראַנקען צו־וויטאָגטען הארצען... ער רופט זי און זי האָפט, דאָס איהר לאַיער וועט גיך קריגען פון קאָורט א דיוואָרס... איהר מאַכט זיך א שידוך מיט זעהר א גוטער ביזנעס.



ווייז לאַנג רויכערען זיין פּיפּקע און טראַכטען, — טראַכטען פון גרינע בוימער, טראַכטען פון אַ טייכעלע, פון אַ בערגעלע... ער זיצט, ציהט זיין פּיפּקעלע און מורמעלט אַ ליעדעלע... ער האָט ליעב מעשה'לעך, אַנעקדאָטען, געשיכטען... לעזט דורך אַלע שבת אַ גאַנצען שונד ראָמאַן און איז אַ גרויסער קבצן.

זי האָט ליעב געלד; זי האָט אַ נייגונג צו ביזנעס; זי פערשטעהט, אַז לעבען איז ביזנעס. זי האָט ליעב שעהנע קליידער, זי האָט ליעב דזשולערי, זי האָט ליעב ליעבען און האָט ליעב ביזנעס. איהר געליעבטער האָט בירושה פון זיין טאַטען אַנדערע אייגענשאַפטען. ער לעזט די פּאָעזי פון היינע, ער שפּיעלט אויף אַ גיטאַרע, ער האָט פיינט ביזנעס און האָט ליעב זיין שעהנע געליעבטע... ער פּאָעטיזירט, ער פאַנטאַזירט און זי נעהמט ביי איהם אַ בריליאַנטענעם רינג, אַ גאָלדענעם מעדאַליאָן, דיאַמאַנטענע אוירינגלעך און פּאָעטישע ליעבע... זיין בעגייסטערונג, זיין ענטוזיאַזמוס, זיין אויפריכטיגקייט געפעלט איהר, אָבער דאָך דענקט זי אָפט: און וואָס הערט זיך מכוח ביזנעס?... אַנדערע מיידלעך האָבען חתונה אָהן ליעבע, אָהן פּאָעזי, אָבער וויפיעל זיינען אַזעלכע זאַכען ווערט? ער פערגעטערט זי, ער ליעבט זי מיט'ן גאַנצען הארצען, ער אַכטעט זי ווי אַ פערליעבטער פּאָעט, אָבער קען מען דערפון מאַכען ביזנעס? און ער קוקט איהר אין די אויגען מיט איבערגעבענהייט און טרייע ליעבע און דעקלאַמירט פון היינע:

„איין שעהנער שטערען געהט אויף אין מיינער נאַכט,
איין שטערען, דער זיסען טראָסט הערנידער לאַכט
אונד נייעס לעבען מיר פערשפּריכט —
אָ, ליגע ניכט!
גלייך ווי דאָס מעער דעם מאָנד ענטגעגענשווילט,
זאָ פלוטעט מיינע זעעלע, פראָה אונד ווילד.
עמפּאָר צו דיינעם האָלדען ליכט —
אָ, ליגע ניכט!...“

גאָפּלען און נעגט זיך צום פּובליקום... אַלע שרייען: „אַך!" דער כאָר פאלט אויף די קניע און זאָגט „ויהי נועם". פאָרהאַנג פאלט.

---

## צווייטער אַקט.

א קליין שטיבעלע. דער ליעבהאָבער, וועלכער שפּיעלט די ראָליע פון דעם א י נ ט ר י ג א נ ט, און די אַקושערקע, וועלכע שפּיעלט די ראָליע פון דעם געליעבטענ'ס געליעבטע טרויבערןביידע מיט צוויי גרויסע, לאַנגע מעסערס דעם טויטען קערפּער פון דעם ערמאָר־דעטען טויטען (אין דער צייט דארף דאָס פּובליקום מאַכען: אי! פּטסאַ! טסע!) דער ערמאָרדעטער טויטער, ווייל ער איז א קאָמיקער, זאָגט אין דער צייט א פּאָאַר וויצען. (דאָ איז דאָס פּובליקום העפ־ליכסט ערזוכט צו לאַכען.) נאָכדעם נעהמט דער געליעבטער איין אָב־געשניטענע פוס אויפ'ן פּלייצע, די געליעבטע נעהמט די צווייטע פוס אויפ'ן פּלייצע און זיי זינגען דעם דועט: „די נאַסע וואַסערן זאָלען פּערדעקען, זאָלען פּערדעקען... פּערד... פּערד... פּערד... עקען... עקען ... עקען... עקען (מיט א קוויטש ארויף) פּערדע־קען!... דאָס פּובליקום שרייט בראַוואָ, דער פאָרהאַנג פאלט.

---

## דריטער אַקט.

דער קערפּער פון ערמאָרדעטען טויטען אָהן א קאָפּ ליגט אין מאָרג, דער אינטריגאַנט קריכט אריין דורך א פּענסטער און כדי מען זאָל איהם ניט דערהערען, זאָגט ער: „שרייט ניט! זאָל זיין שטיל!" ער גנב'עט ביידע פיס פון דעם ערמאָרדעטען טויטען און לויפט ארויס. דער ערמאָרדעטער טויטער לויפט נאָך און זאָגט אָפּ לויפענדיג עט־ליכע וויצען. דאָ הויבט זיך אויף דאָס צווייטע בילד, די אַקושערקע זיצט מיט געסט: דאָ געפינט זיך: עוג מלך הבשן, אחשורוש מיט ושתי המלכה, כדרלעמר און נאָך מלכים מיט מלכות (א פּנים עס איז א מאַסקען באָל.) דער געליעבטער זינגט א שעהנעם „התעררו" מיט א ניגון פון „דאָן יואַן"... מיידלעך טאַנצען א באַלעט. פּלוצלינג

# דער ערמאָרדעטער טויטער אָהן אַ קאָפּ.

—— אָדער ——

## די אַקושערקע אויפ'ן עלעקטרישען ברעך־שטוהל.

א נייעסטע, מאָדערנע, סענסאציאָנעלע, לעבענס־בילדיגע, מעלאָ־דראמאטיש־טראגיש־קאָמישע דראמא, אין 5 אקטען, 17 בילדער מיט ניט געזונגענע געזאנג און ניט געטאנצטע טענץ פון אונזער בעליעב־טען פּערפאסער אלפּיי. (מיר אליין געבען איהר אינהאלטס־רייכען אינהאלט פון אונזער נאָך ניט דאָ געוועזענעם מייסטערווערקען, אום מיר זאָלען ניט דארפען דרוקען קיינע הענדבילס.)

## ערשטער אקט.

א טייך. א צושניטענער קערפּער שווימט אָהן א קאָפּ. (דיעזע ראָליע דארף שפּיעלען א בענאבטער קאָמיקער, וועלכער דארף זיין אויך א בויך רעדנער) עס איז דונקעל. וויט ערגיץ אויף א בוידים זינגט די אַקושערקע וועלכע איז פּרימאדאָנא. דער ערמאָרדעטער טוי־טער קערפּער אָהן א קאָפּ, וועלכער האָט פּיס (וואָס נאָך דארף א קאָ־מיקער?) טאנצט אויפ'ן וואסער א הוטשו קוטשו... די דעטעקטיוום בעמערקען איהם. עס ווערט א גרויסען ליארעם... מען זוכט דעם מערדער פון דעם ערמאָרדעטען טויטען... דאָ הויבט זיך אויף דאָס צווייטע בילד און עס ערשיינט דער גייסט פון אברהם אבינו, וועלכער זינגט א קופּלעט פון אן אלטען מאן אברעמיל וואָס האָט חתונה גע־האט מיט א יונגע מיידעל הגר... און דאן גיט עס א בליץ און די טויטע קאָפּ פון דעם ערמאָרדעטען טויטען געהט ארויס אויף צוויי

שטאַרבען, בעפאָר מען װעט פון זײ ראַכע נעהמען — מען זעצט זײ בײדען אױף א „היסטאָרישען" טשער, צו װעלכען מע האָט צוגעבונ־דען עטליכע שטריקלעך, כדי ער זאָל זײן אַן עלעקטרישער... גאָט בעגנאַדיגט דעם ערמאָרדעטען טויטען פאַר זײנע אומזיסטע יסורים און ער האָט חתונה מיט א פרינצעסין מיט דעם מלך כדרלעמר'ס א „גליטש"־שװערטער קינד. פונקט װען מען פיהרט זײ צו דער חופה הויבט זיך אויף דאָס צװײטע בילד. ער און זי קומען אויף א װאָלקען פון הימעל און ברענגען דעם ערמאָרדעטען טויטען אלס א דרשה געשאַנק זײן פערלאָרענע קאָפּ. . און „ער" זאָגט צום חתן: ענטשולדיגט, װאָס איך האָב אייך אביסעל ניט שעהן בעהאַנדעלט און צוטרויבערט אויף שטיקלעך... נאָט אייך אייער קאָפּ... אָהן א קאָפּ װעט איהר צײט האָבען צו געהן נאָך דער „חתונה..." דאָ זינגט מען א „אַנסאַמבעל" נומער, דאָס הײסט א קװינטעט, דאָס הײסט אַלע פינף סאָליסטען זינגען און דער זינגט... אלע זינגען. דער כאָר זינגט „אָי! מײן זאָקענבענדכען..." ער און זי זינגען דאָס פריערינע דועט „זאָלען פער... פערדעקען" דער ערמאָרדעטער טויטער מיט פרינצעסין כדרלעומר זאָגען: מיט מזל! מיט מזל! טאם! טאראראם!... זײער פאָטער זאָגט „אמן, װי איך בין א איד!" די סופערם שרײען: „הידד! יחי המלך!..." רויטער פײער ברענט, דער אָרקעסטער טראַסקעט. דער ערפאָלג איז געזיכערט. דער פאָרהאַנג פאַלט.



עפענט זיך די טהיר און דער ערמאָרדעטער אָהן א קאָפּ ערשיינט. די אקושערקע פערכליפּעט זיך, עוג מלך הבשן פערטשעפּעט זיך פאר אחשורוש און ביידע פאַלען, כדרלעמר דערוואַרגט זיך מיט א שטיק עפּעל־פּאַי און ושתי הויבט אָן צו ברעכען אַלע טעלער... א גרויסער גערודער, דעם פּובליקום געפעלט עס. מע שרייט בראַוואָ, דער פאָרהאַנג פאַלט.

---

## פיערטער אקט.

זיי זיצען ביידע אין געפענגניס און זינגען א טרויעריגען וואַלצער, וועלכער איז געמאַכט געוואָרען פון א „מה טובו", וועלכע איז געלאַטכענט געוואָרען פון קאַוואַלעריא רוסטיקאַנאַ — דער גייסט פון אליהו הנביא ערשיינט אונטער א דינעם לייוועגט, וואָס לייכט זיך דורך, און וואו דאָס פּובליקום זעהט אויף דעם סטיידזש קאָרפּענטער און עטליכע סופּערס, וואָס ווילען זעהן וואָס טוט זיך אין געפענגניס. זיי ביידע הויבען אָן יאָמערן, שלאָגען זיך מיט די קולאַקעס אין הארצען און בעטען גאָט זאָל אויף זיי קיין פעראיבעל ניט האָבען, ווייל פּונקט איצט דאַרף מען זינגען א קופּלעט, קומט ספּעציעל צוליעב דעם דער ערמאָרדעטער טויטער פון מאָרג... און אום דער אקט זאָל ניט פאַלען אָהן א כאָר — קומען אויך צו געהן די כאָריסטען. ער פאַלט און שטאַרבט. זי ווערט משוגע, צופּאַטעלט איהרע האָאָר און שרייט: „שמע ישראל". דער ערמאָרדעטער טויטער זינגט: „אהא!" איידירידי בורסדירידי בומדירי סא! סא!" דער כאָר זינגט א „אל מלא רחמים" מיט'ן ניגון פון „אָי, האָפּ מאָי וואָרעניקי"... אלע אין טהעאַטער וויינען. פאָרהאַנג פאַלט.

---

## עפּילאָג.

עס לאָזט זיך אויס, אז ער איז גאָר ניט געשטאָרבען און זי איז ניט משוגע געוואָרען. זיי האָבען געזינדיגט און זיי טאָרען ניט

קנישיק אַ פּאַטש געטאָן איבער'ן קעשענע און האָט געזאָגט אין ריין מאַמע לשון: איך האָב מאָנעי... חע! חע! מאָנעי... אַ מנין זעקלעך.

— הי גאַט אַ מיליאָן, האָבען בעמערקט די רעפּאָרטערס און האָבען דאָס באַלד פערשריבען. אויף דעם אַנדער'ן טאָג איז אין אַלע צייטונגען געווען בעריכטעט פון דעם רוסישען קאָונט (גראַף) קנישיק, וועלכער האָט זיך צוקריעגט מיט'ן צאַר און האָט געבראַכט מיט זיך אַ מיליאָן דאָלארס און פּייוועל קנישיק, איז געבליבען גראַף אָדער קאָונט קנישיק.

.2

אַלזאָ גראַף פּייוועל קנישיק געהט צו דער בויערי, קוקט מיט אויגען אויף די פערבייגעהענדע שעהנע ווייבלעך און גלעט מיט פערגעניגען זיין קיילעכדיגען בייכעלע. ער לעבט אין אַמעריקאַ אַ גוטען טאָג, עסט פעטע ראָסעל פלייִשען אין די אידישע רעסטאָראַנטען און זוכט פאָרזיכטיג אַ גוטע ביזנעס, ער איז אַ סמאַרט פעלאָאָו און וויל ניט ברענגען זיין פאַמיליע ביז ער וועט ניט קענען ווי אַ וואַהרער יענקי „מייק מאָנעי" און אַ „נייס ליווינג"...

אויף דער בויערי נעהמט ער אָן אַפּענע „קאַר" און פאָרט אָפּטאַון. ער פעררויכערט אַ גוטען סיגאַר, מאַכט צו רעכט זיין דיאַמאַנטענע „פּין" אויף דער ווייסער מאַנישקע, גיט אַ גלאַנץ מיט זיין בריליאַנטענעם רינג אויף דעם „מיזיניניק", נעהמט ארויס אַלע ווייַלע זיין גרויסען גאָלדענעם זייגער און וואַרפט אייגלעך אויף די „ליידיעס" וועלכע געהען אריין און ארויס פון דער קאַר. זיין געהיימער וואונש ווערט ענדליך ערפילט אין אַ שעהנע יונגע „ליידי" מיט אַ צוויי יעהריגער „בייבי", זעצט זיך אַנידער נאָהענט, נאָהענט לעבען איהם.

פריהער ריהרט ער זיך אָן מיט זיין קניע צו איהר קניע, זי שווייגט און ער שמייכעלט. דאַן רוקט ער זיך אַראָב נידריגער און דריקט זי מיט זיין גאַנצען קערפּער, זי לאָזט אַראָב די אויגען און שווייגט און ער קוועלט... דאַן ציהט ער אויס זיין „מיזיניקעל" מיט דעם דיאַמאַנטענעם רינג צו דער „בייבי". און די „בייבי", לאַכט און כאַפּט מיט זיין הענטעלע דעם גראָבען פינגער, און די מאַמע זעהט אויס אַזוי גליקליך און קאָונט קנישיק איז אַזוי צופריעדען, זיינע אוי־

# גראַף קנישיק.

.1

גראף קנישיק איז געגאנגען מיט שווערע לאנגזאמע טריט פון גרענד סטריט צו בויערי. זיין שווארצער „סטאָוועפייפ" האָט געגלאנצט, זיין ווייסע וועסט האָט געלויכטען און זיין גרויסער פּנים האָט געשיינט ווי אַן ערשט אויסגעפּוצטע שטיוועל. זיינע צוויי לאנגע און גרויליכע באקען־בארדען האָבען זיך געוויעגט פון ווינד, זיינע גראָבע ליפּען האָבען געפייפט אַ לידעלע און זיינע שיך האָבען געקלאפּט אין טאקט. ער איז געווען צופריעדען און איז געגאנגען נעהמען אַן אָפענע „קאר" אום צו כאפּען פרישע לופט.

איך קען אייך די עהרע מאכען און בעקענען אייך מיט גראף קנישיק. זיין וואהרער אידישער נאָמען איז פייוועל קנישיק. אַ מאָל, אין די יונגע יאָהרען איז ער געווען במחילה אַ שניידער. נאָך דעם האָט ער געמאכט אַ קליידער געשעפט, נאָך דעם האָט ער אָנגעזעצט, נאָך דעם איז ער געוואָרען רייך, נאָך דעם האָט ער פערגרעסערט זיין געשעפט, נאָך דעם האָט ער ווידער אָנגעזעצט, נאָך דעם איז ער געוואָרען ברוגז אויף פאָני־גנב און איז אוועק קיין אמעריקא מיט אַ צעהן טויזענד דאָלאר אין קעשינע

אַ גראף איז ער געוואָרען אין ניו יאָרק. ווען די רעפּאָרטערס האָבען איהם דערזעהן אויפ'ן דאָק מיט אַ צילינדער, מיט באקען־בארדען און מיט אַ בייכעל, האָבען זיי באלד דערקענט אַז ער איז אַ וויכטיגע פּערזאָן. אויף דער ערשטער פראגע פון אַ רעפּאָרטער, האָט ער אַ גלעט געטאָן זיין באקען־בארד און האָט גאנץ שטאָלץ געזאָגט, אי... אי קאָן ניט...

— הי איז אַ קאָונט, האָבען בעשלאָסען די רעפּאָרטערס און האָבען דאָס באלד פערשריבען. אויף דער אנדערער פראגע האָט זיך

אַ צווייי יעהריגע בייבי? וועה איז מיר! וואָס וועט זאָגען די קאונ־טעסע, מאַדאַם פייוועל קנישיק? ער זיפּצט שווער, די קאַר בלייבט שטעהן. אַלע פּאַסאַזשירען שטייגען אַרויס און פייוועל קנישיק קריכט לאַנגזאַם מיט זיין כשרה מציאה אויף די הענד...



געלעך גלאַנצען און דאָס הערצעלע פּאָכט און קלאַפּט זיך ווי אַ פויגע־לע אין שטייגעלע. אויף דער 125טע סטריט נעהמט די שעהנע דאַ־מע אַ טראַנספער און גראַף קנישיק נעהמט אויך אַ טראַנספער. ער העלפט זיין שעהנע נאָכבארין אריינשטייגען אין קאַר, זעצט זיך נעבען איהר, רעדט מיט'ן קינד אויף שטום לשון און זינגט איהם „אגו אגו"! און אַלע נייע פּאַסאַזשירען מיינען, דאָס דער גליקליכער גראַף קנישיק פאָהרט מיט זיין אייגענער משפחה און זיינען איהם מקנא און דענקען פון דעם גרויסען שפּריכוואָרט: „דעם הונד קומט אָן דער בעסטער ביסען".

ווייט ערגיץ אויף אַמסטערדאַם עוועניו ווענדעט זיך די יונגע פרוי ליעבליך צום גראַף און זאָגט עפּעס. ער פערשטעהט ניט און שמייכעלט, זי גיט אַ צייכען דעם קאָנדוקטאָר און זאָגט: פּליס, וואָן מינוט... טייק דהי „בייבי"...

און ער זאָגט מיט אַ טאָן וועלכער פּאַסט נור פאַר אַ גראַף: אָ! יעס! יעס!... און נעהמט דאָס קינד מיט זיינע ווייסע דיקע פינגער און גלאַנצט מיט זיינע אויגעלעך און קוקט אויף אַלע פּאַסאַ־זשירען מיט שטאָלץ און פרייד. און די „ליידי" שטייגט ארויס דער־ווייל פון קאַר און ווערט פערשוואונדען.

די „קאַר" לויפט פאָראויס, אַ פרישער ווינטעלע בלאָזט דעם גראַף גלייך אין די באַקענבאַרדען, דאָס קינד קוקט זיך ארום און פאַנגט אָן וויינען ביים גראַף אויף די הענד, און דער גראַף ווענדעט זיך אין אַלע זייטען און געפינט ניט מעהר די שעהנע שכנה, די מו־טער פון קינד. אַ קדחת הויבט איהם אָן צו וואַרפען, ער וואַרפט זיין קעפּיל אהין און אהער, וויל עפּעס זאָגען און קען ניט, וויל שרייען און שעמט זיך, וויל רופען די פּאָליציי און האָט מורא און די קאַר לויפט פאָראויס ווייטער און ווייטער און דאָס דערשראָקענע קינד שרייט העכער און העכער און די פּאַסאַזשירען בעטראַכטען דעם גראַף מיט פערוואונדערונג און נייגעריגקייט...

אַ קאַלטער שווייס בעדעקט דעם גראַפ'ס פּנים, ער קנייטשט זיין שטערען און דענקט וואָס צו טאָן און זיינע בלאַסע ליפען שעפּ־טשען שטיל: אַז מען קען אין ניו יאָרק גאַנץ גרינג ווערען אַ גראַף, דאָס פערשטעה איך, אָבער אַזוי אונערוואַרטעט ווערען אַ טאַטע פון

ביידע גאָלען זיך די בערד ביי איין באַרבער און גלויבען אין דעם אי־דישען גאָט און אין דער גויעשער פּאָליציע. פאַר וואָס זשע זיינען זיי זיך שונאים? גלאַט דערפאַר, ווייל זיי זיינען אידען. און דאָס ווייס מען דאָך שוין, אַז כל ישראל חברים, דאָס הייסט: אַז איין איד האָט פיינט דעם אַנדערען און וואָלט איהם גערן דערטרונקען אין אַ לעפעל וואַסער...

ויהי היום, און עס איז געוועזען דער טאָג ערב יום כפור, ווען זיי האָבען זיך ביידע בעגעגענט אין פּאָלעש פון שוהל „אנשי פצע וחבורה ומכה טריה” קאָנגרעגיישאָן. צו כל נדרי איז געבליבען ניט מעהר פון אַ שטונדע און, אי ביי מיסטער שטופּענפּליער, אי ביי מיסטער צאַפּענפּלעכטען האָט געציטערט דער פּופּיק. יעדערען פון זיי האָבען געשראָקען די ווערטער: „מי במים ומי באש”... אין דער אמת׳ן, ווער קען וויסען וואָס עס וועט אין דער קאַנצעליאַריע פון דעם אויבער־שטען נכתב ונחתם ווערען? מי במים — ווער וועט פאַרען איבער׳ן וואַסער קיין סינג־סינג? ומי באש? און ווער וועט אונטערצינדען זיין שאַפּ, כדי צו פערדיענען אַ כשרע פּאָר דאָלאַר.

און מיסטער צאַפּענפּלעכטער איז צוגעגאַנגען צום מיסטער שטופּעלפּליער — ויאמר, און ער האָט געזאָגט: ר׳ אלקנן! אפילו די גוים להבדיל, אַ כפּרה זאָלען זיי איינגעהמען פאַר׳ן מינדעסטען אידי־שען נאָגעל, זאָגען, אַז איין מענש דאַרף ליעב האָבען דעם צווייטען, הייגט אַ פּשיטא שוין מיר אידען — האַ? נו, לאָמיר זיך איבערבעטען; טאָמער ווילט איהר ניט אויף שטענדיג, איז האָטש ביז איבער־מאָרגען, ביז מיר וועלען אַרויסכאַפּען ביי גאָט די כתיבה און חתימה טובה...

ווען שטופּעלפּליער ויאמר, און מיסטער שטופּעלפּליער האָט געענטפערט: וואָס דאַרפען מיר זיך קריגען? אומשטיינס געזאָגט, וואָס איז אַ איד און וואָס איז זיין לעבען? אַ בולבע אויפ׳ן וואַסער, עפר ואפר — אש און בלאָטע.

און זיי האָבען געדריקט איינער דעם אַנדערען די הענד און זיי־נען געוואָרען די בעסטע גוטע פריינד. אַ גאַנץ יום כפור האָבען זיי געקוקט איינער אויף דעם צווייטען מיט ליעבע. אַזוי ווי צוויי טייבע־לעך האָבען זיי ביידע געזאָגט פּיוט פון איין מחזור. זייערע מאַדאַמען, וועלכע האָבען ביז יום כפור געשיפּעט איינע אויף דער אַנדערע אַזוי

# אהער גיב דעם פּטום.

(אַ וואהרע היסטאָרישע ערצעהלונג פון דעם, ווי ר׳ אלקנן שטופּעלפּליער און ר׳ פּלטיאל צאַפּענפּלעכטער האָבען זיך, ניט פאר אייך געדאכט, צופּאטשט פאר אַ פּטום פון אַן אתרו.ג)

זיי האָבען זיך איבערגעבעטען ערב יום כפור אין פּאָלעש. פאר׳ן פערפאסטען האָבען זייביידע געבראַכט צו צוויי גראָבע, פעטע, דיקע, שווערע וואקסענע ליכט, צו שטעלען, ניט דעם סוויאַטאָי ניקאָלאָי, ווי דער גוי טוט, נור אַנצוצינדען זיי פאר גאָט אליין און לכבוד די הייליגע נשמות, וועלכע זיינען שוין אויסגעלייטערט געוואָרען אין גן־עדן.

מיסטער שטופּעלפּליער און מיסטער צאַפּענפּלעכטער זיינען ביי־דע אַלטע מעמבערס פון דער „אנשי פּצע וחבורה ומכה טריה" קאָנ־גרעגיישאָן. זיי זיינען שוין לאנגע יאָהרען שכנים. מיסטער שטופּעל־פּליהער האָט אין בייסמענט אַ שאָפּ פון סוספּענדערס, מיסטער צאַ־פּענפּלעכטער האָט אויפ׳ן סטופּ אַ פאבריקע פון שטעקענס און אָמ־ברעלעס. זיי זיינען ביידע לאנדסלייט פון דער שטאָט אלעדראָלעווע; זיי פערדיענען ביידע גאנץ שעהן און קענען זיך פערגינען לעבען בשלום — און דאָך איז קיין שלום און קיין פריעדען צווישען זיי ניטאָ. זיי רייסען זיך שטענדיג ווי די קעץ, בלאָזען זיך ווי די אינדיקעס און דערצעהלען איינער אויף דעם אנדערען וואָס אין קאָרט שטעהט. און פרעגט זיי בחרם פאר וואָס קריגען זיי זיך? ביידע זיינען זיי אויף אַזוי פיעל געבילדעט, אז זיי לעזען אַלע זונטאָג דעם דייטשען העראָלד, ביידע טראָגען שבת גרויסע צילינדער־היט אויף די קעפּ,

דעם אנדער טאָג — ר׳ פּלטיאל פּריהער. עה! אָבער אַז עס איז בע־שווערט פון גאָט עס זאָל זיין אַ מחלקה, וועט ניט העלפען קיין פריינד־שאַפט, קיין ליעבע, קיין חכמה. אונזערע צוויי גוטע פריינד האָבען זיך צוקריעגט, און איהר ווייסט פאַר וואָס? פאַר׳ן פּטום פון אתרוג. מסתמא איז אַזוי נגזר געוואָרען מן השמים.

ביז הושענא רבה איז אַלץ געגאַנגען ווי עס געהער צו זיין. דעם טאָג, פּונקט ביי די קרעפּלעך, איז עס ארוים געשפּרונגען, און עס האָט זיך אָנגעהויבען אַ שרעקליכע מלחמה. מאַדאַם שטופּעלפּליער האָט געוואָלט ארויסנעהמען פון דער צוקער פּושקע דעם אתרוג. אָבער קוים האָט זי אַראָפּגענומען פון אויבען די וואַטע, האָט זי אַ געשריי געטאָן ניט מיט איהר קול: „געוואַלד וועה איז מיר!״ ר׳ אלקנן האָט זיך שיר דערוואָרגען מיט אַ הייסען קרעפּעל און האָט זיך אויפ־געכאַפּט פון זיין אָרט ווי אַן אָבגעקאָכטער. וואָס איז מיט דיר, פרומע געליע?

— „געוואַלד, דער פּטום! זעה! זעה!״ ביי די ווערטער האָט מאַדאַם פרומע געליע אויפגעהויבען דעם אתרוג און ר׳ אלקנן האָט מיט זיינע אויגען דערזעהן, אַז דער אתרוג איז נעביך געבליבען אַ קורנאָסער — ער האָט שוין ניט געהאַט קיין פּטום... און זיין פרוי האָט געיאָמרט און געשריען: „זי! י! די פערדריפּעטע שלומפּערקע, די משוגענע צאַפּענפּלעכטערשע, זי האָט אָבגעביסען דעם פּטום!..״

איהר מיינט, אַז אַ פּטום פון אַן אתרוג האָט קיין ווערטה ניט און איהר לאַכט שוין פון אונזערע פריינד, ווי אַזוי האָבען זיי געקענט מאַכען פון אַ פּטום אַ גאַנצען טאַראַראַם? אוי! אוי! אַז אָך און וועה איז צו אייער געלעכטער! איהר ווייסט ניט, אַז עס זיינען דאָ אומ־שטענדען, ווען דער פּטום פון אַן אתרוג איז ביי אַן עהרליכער כשר׳ער אידענע טייערער פון גאָלד און פון זילבער?...

עס איז שוין אַ פאַקט, וואָס קיין מענש צווייפעלט ניט אין דעם, אַז ווען אַ שוואַנגערע אידענע בייסט אָפּ דעם פּטום פון אַן אתרוג, וועט זי שוין ניט מפּיל זיין איהר פערשטעהט? מאַדאַם שטופּעלפּליער איז געווען „אויף דער צייט״ און האָט זיך געוואָלט גאַראַנטירען פון אַ שלעכטען צופאַל, חלילה, מיט דער קראַפט פון דעם אתרוג׳ס פּטום. מאַדאַם צאַפּענפּלעכטער האָט אָבער אויך די לעצטע צייט געגעסען אַ סך זויערע אוגערקעס און האָט זיך אויך געוואָלט בעוואָרע־

ווי שלאַנגען, האָבען פריינדליך געשמועסט אין שול פון זייערע קינ־דערס חכמות, פון כפּרות, פון זייערע מענער און פון אנדערע נאַ־רישקייטען מוצאי יום כפּור האָבעןביידע פאַמיליעס גאַנץ פיין פער־בראַכט די צייט צוזאַמען, זיי האָבען גענומען צו ביסלעך, איבערגע־חזרט דעם חזן׳ס מכלכל חיים, געזונגען אַ פריילּיכען לעבעדיגען „חסיד״ און צוגעקנאַקט מיט די פינגער. די פּנים׳ער פון זייערע ווייבער האָבען געשיינט ווי די לבנה אין צווייטען קוואַרטעל, און זייערע קינדערלעך זיינען אומגעלאָפען מיט אונריינע נעזער איבער׳ן שטוב און האָבען זיך גע׳חכמה׳ט אַלע האָבען געקוואַלען און געפרייט זיך. וליהודים היתה...

וידבר ר׳ אלקנן לאמר: און האָט גערעדט מר. שטופּעלפּליער אַזוי צו זאָגען: טייערער פריינד, עס געהט באַלד סוכות — מיר וועלען מו־זען לולב בענשען. נאָך וואָס דאַרפען מיר וואַרטען ביז וואַנעט דער קאַלטענעוואַטער שמש פון דער שוהל של „אנשי פּצע והבורה ומכה טריה״ קאָנגרעגיישאָן וועט אונז ברענגען דעם לולב, וועלכען מיר וועלען מוזען שאָקלען שוין נאָך דעם ווי דער פּרעזידענט, דער וויים־פּרעזידענט, די טראַסטיעס, די טרעזשורערס און אנדערע מיוחסים וועלען שוין אָבשאָקלען? איז דען ניט בעסער מיר זאָלען בשותפות קויפען אַ לולב מיט אַן אתרוג פאַר זיך אליין און מיר זאָלען, במחילה, אויסשטעלען אונזער גאַנצע קהילה קדושה אַ פייג אונטער דער נאָז?

ויפתח ר׳ פלטיאל את פיו — האָט מיסטער צאַפּענפּלעכטער געעפענט זיין מויל און האָט געענטפערט: פאַר וואָס דען ניט? מה־דאָך אז אפילו אַזעלכע יונגלעך און שלעפּערס ווי די סאָציאַליסטען זאָגען, אַז מענשען זאָלען זיין פיינע מענשען, וואָלטען זיי זיך צו־טיילט מיט אַלץ וואָס זיי פערמאָגען — היינט אַ פשיטא שוין אַזעל־כע צוויי פיינע אידען און גוטע פריינד ווי מיר זיינען — פאַר וואָס זאָלען מיר זיך ניט קענען טהיילען מיט איין לולב און מיט איין אתרוג? בפרט אַז איך גיב אַזוי פיעל געלד צושטייער וויפיעל איהר גיט?... הא!

כך הוה — אַזוי איז דאָס טאַקי געוועזן. זיי האָבען פאַר סוכות געקויפט נור פאַר זיך אַ לולב אַ צאַצקע און אַן אתרוג מיט אַ גרוי־סען פּטום. און עס־זאָל ניט זיין קיין מחלוקות, האָבען זיי בעשלאָסען איין מאָל פאַר אַלע מאָל, אַז איין טאָג שאָקעלט ר׳ אלקנן פריהער,

# אַ שמחה אין שטעטיל.

(פון א גרינהאָרנס בריעף).

---

לאהובי ידידי החכם, המופלג, המפורסם המושלם בכל המעלות, המהולל והמשובח, אספקלריא המאריה, צנא מלא ספרא במוהר"ר ר' אברהם יוקעל בלינטשיק יחיה, אָלל רייט!...

איך שרייב דיר מיין פריינד פון אונזער אידישע שטעטיל ניו־יאָרק. ראשית, קען איך דיר מעלדען אז איך האָב געליטען פיעל צרות, הונגער און שלעק איידער גאָט ב"ה האָט מיך געבראכט בשלום א לעבעדיגען אין דער נייע אידישע גובערניע אמעריקא. געקומען בין איך א נאַקעטער, אַן אָבגעריסענער, אַן אָבגעשליסענער באַלד נאָך סוכות, און דאנקען לויבען השם יתברך איך האָב נאָך קיין געשעפט און געה אום פוסט און פּאַס, און שטאַרב נאָך א קאָפּיקע, גיב גאָט דאָס זעלבע צו הערען פון אייך אין נחת און פריידען, אמן סלה.

שנית, שרייב איך דיר אַז די גאַנצע צייט וואָס איך בין דאָ איז ביי אונז אין ניו יאָרק א שמחה אין שטעטיל! דו האָסט געדאַרפט זעהן ווי אַזוי מען רעכט זיך דאָ צום לאָקשען דעי! ביי אייך אין חאַ־לובסק אז מען קלייבט א גבאי, שרייט מען נור אין קהל שטיבעל, מען גיט זיך עטליכע פּעטש, מען דערמאָנט א פּאָר מאָל דעם טאַטען מיט דער מאַמען, מען נעהמט צו ביסלעך בראַנפען און שוין! האָדיע! ביי אונז אַז מען דאַרף אויסקלייבען די יקירי קרתא פון שטאָדט שרייט מען גאַנצע חדשים ווייז, מען פּאַטשט זיך וואָכען־ווייז און מען שכורט אויף וואָס די וועלט שטעהט, און עס איז אָלל־רייט!..

דו דאַרפסט וויסען אַז ביי אונז אין אמעריקא מאַכען די מענ־שען אליין א גובערנאַטאָר, א גאַלאַווא (א מאַיאָר), און אַלעס וואָס זיי דאַרפען. אַזוי ווי עס פיהרט זיך אויף דער וועלט, איז דאָ אויך דאָ

נען פון אַן אונגליק... אין קורצען, זי האָט אָבגעביסען דעם פּטום.

אין איין מינוט אַרום איז ר' אלקנן מיט זיין פלונית'טע שוין געוועזען ביי ר' פלטיאלן אין הויז...

— אַ הער גיב דעם פּטום! האָט געשריען מאַדאַם שטופּעל־פליער.

— מעגסט שרייען חי וקים! דעם פּטום האָב איך שוין אויפ־געגעסען!

— פאַר וואָס קומט ער דיר? דו האָסט מעהר בעצאָהלט?...

— און פאַר וואָס קומט ער דיר?...

— דעם פּטום אהער!

— אַ מכּה!...

— גנב! גנב! האָט געשריען ר' אלקנן, און די פּיענע האָט איהם געשלאָגען פון מויל...

— און דו ביזט אַ שייגעץ מיט אַ לאָקש! האָט געדונערט ר' פלטיאל; פאָרט פון מיין הויז!

— אָהן דעם פּטום געה איך ניט!...

— דו געהסט ניט? נאַ דיר!

— האַך! טראַך! פּיטש פּאַטש!

און ר' אלקנן שטופּעלפליער מיט ר' פלטיאל צאַפּענפלעכטער זיינען ווידער אויף מעסערם. ר' אלקנן האָט געוואָלט אָנלערנען זיין שונא און האָט אויף איהם דערלאַנגט אין קאָורט פאַר דעמעדזשעס; אָבער דער דזשאָדזש מיט זיין גויעשען קאָפּ האָט ניט געקענט פערשטעהן וואָס פאַר אַ שאַדען עס איז אַרויס פון דעם אתרוג'ס פּטום און האָט אַלץ געפרעגט:

„וואַט איז דהע מעטער וויטה דהע פּיטעם?„... געה גיב אַ גוי צו פערשטעהן דעם ענין פון אידישקייט.



הער ווייטער. אין רערזועלבער צייט געהען אום איבער'ן שטעד־טעל ברחנים, דרשנים, מגידים. דאָ שטעהט א מגיד אויפ'ן סטריט און זאָגט מוסר דעם עולם און דער עולם שאָקעלט מיט'ן קאָפּ און זאָגט אמן וכן יהי רצון! בדחנים קריכען ארויף אויף גרויסע וואָגענס און בדחן'ען... זיי זאָגען גראם, גלייך ווערטלעך, שעהנע מעשה'לעך — און דער עולם לאַכט, באַמקעט צו און זאָגט גראם שטראם מאך מיר א ליעטניק. (פערשטעהט זיך אין ענגליש) און די דרשנים קלייבען צונויף אין אלע בתי מדרשים און דרשן'ען על העצים ועל האבנים, אויף פּלאַנקעס און אויף שטיינער, מיט ביינער, און די אמעריקאנער קווילען ווי א באָקסער, פּאַטשען מיט די הענד און טאַפּען מיט די פיס און שרייען חי וקים!...

ענדליך קומט דער לאָקשען דעי, און דאָ ווערט גאָר אָלל־רייט! א גאַנצען טאָג געהען אום די אמעריקאנער ווי אָבגעשמיסענע. זיי געהען צו צו הילצערנע בודקעס, שושקען זיך, געבען זיך שלום עליכם און געהען שטילערהייד קידוש מאַכען... מסתמא איז אַזא מנהג, און ביי נאַכט הויבט זיך ערשט אָן די אמת'ע שמחה אין שטעדטעל. פּאָליסמענס לויפען אום ווי פער'סם'טע, שיכור'ע חסידים מיט מתנגדים שרייען, שלאָגען זיך אונטער די אויגען, פאַלען פון די פיס. מיליע מיליאָסען מענשען שטעהען מיט ארויסגעשטעלטע צינגער, שקצים'לעך לויפען אום מיט פּאַפּיערען און שרייען: אסטראָג! אסטראָג! *) אויף ווייסע לייליכער ווייזט מען חשבונות און מען שרייט הורראַ ביז די גאַל פּלאַצט. יא, אינגלעך שלעפּען ארוים אלע דייזשקעס, אלע פעסלעך, אלע לאָקשען ברעטלעך, קישענס, קאָלדרעס, מחזורים, פיסלעך פון טישלעך, ברעטלעך פון ביינקלעך, צינדען אָן אויף יעדער סטריט גרויסע פייערם... עס ברענט! עס טרישצעט! עס שיינט! עס באַקט! פינסטערע וואָלקענס מיט רויך בעדעקען די גאַנ־

*) עקסטרא, עקסטרא!

חסידים מיט מתנגדים, אז די חסידים ווילען ר' חיים טרייטעל זאָל זיין א ממונא, ווילען די מתנגדים אז ר' גימפעל מלאך זאָל זיצען אויפ'ן כסא המלוכה. דאָ ביי אונז האָט איין צד געוואָלט אז מיסטער טאמאני האָל זאָל זיין דער גאנצער מאכער, אָבער ווייל ער איז א גוי להבדיל און זיין גאָט איז עפעס גאָר א גרויסע קאץ מיט גרויסע וואָנצעס און לאנגען עק, *) האָבען אונזערע זיך מישב געווען און האָבען געזאָגט דוקא אויף צו להכעים ווילען זיי א אידען ר' נתן שטרובעס. נו! נו! האָט זיך אָנגעהויבען א חתונה!

אַלע נאכט האָבען גאנצע פאָלקען מיט חיל געמארשירט איבער די גאסען. ביי אייך רופט זיך דאָס ווילענסקי פאָלק, בריאנסקי פאָלק — ביי אונז רופט זיך דאָס דעמאָקראטען, רעפובליקאטען וכדומה למשל... ביי אייך מאכט מען נור לימונאציעס ווען די קיי־סערטע איז געלעגען געוואָרען און דאָ אַלע נאכט הקפות מיט מפות, שטערען פליהען רויטע, גרינע, בלויע, קארטאָפלעס שפרינגען אין דער לופטען, מען שיסט פון הארמאטען, מען שרייט ווי משוגענע, אינגלעך לויפען אום איבער די סטריטען ווי שמחת תורה אין בית המדרש, קינדער פישצען, ווייבער קוויטשען, גוים שרייען הורראה! קאראאול! די גלאָקען קלינגען, די טרובעס בלאָזען, די באראבאנעס קלאפען, וחצוצרות וקול שופר איבער'ן גאנצען שטעדטיל, און די אנשי חיל געהען מיט די נעזער ארויף, מיט שטעקענס אין די הענד, מיט פאָהנען, מיט לאמטערנעס, מיט הבדלות, מיט רויטע בענדער, מיט ווייסע לייליכער, מיט הויכע שווארצע היטלען ווי קוימענס, מיט קלאפערס, מיט גראגערס, מיט המן קלעפלעך און מען שרייט און מען שפייט, און מען פייפט, און מען קנאקט און עס טוט זיך אויף טיש און אויף ביינק...

---

*) דער טיגער, וועלכער שטעלט פאָר די דעמאָקראטישע (טע־מעני האָל) פארטיי פון דער שטאָדט ניו יאָרק.

# אַמעריקאַנער שדוכים.

(אַן אַנעקדאָט).

.1

אין איינע פון די אמעריקאנישע צייטונגען איז געווען געדרוקט אזא אנאָנסע: „אַ אידישע אלמנה ביי פערציג יאָהר, האָט די ווערטה ביי אַ צעהן טויזענד דאָל. וועגט 270 פונט, וויל זיך בעקאַנט מאַכען מיט אַ מאַן ניט עלטער פון דרייסיג יאָהר, דער צוועק איז חתונה האָבען. אדרעסירט בריעף אהין און אהין..."

די גליקליכע אלמנה וואָס איז ווערטה ביי צעהן טויזענד דאָלאַר און איז אַלט ביי פערציג, האָט אויפ'ן אנדערן טאָג ערהאַלטען אַ בריעף מיט די ווערטער: „מילעדי! איך בין נור מיט צעהן יאָהר על־טער פאַר אייך, אָבער מיין זעעלע איז יונג ווי די זונן און מיין בלוט זידט ווי די וואַסערן פון ניאַגאַראַ פאָללס. איך בין אַ געשיקטער ביזנעס מאַן און בין אַ פּראָפעסאָר פון מוזיק, אַ דאָקטאָר טעאָלאָגי, אַ רעוורענד, שוחט ומוהל; בין שטענדיג געווען ביי אינשורענס ביז־נעס און די קינדער וואָס איך האָב מל געוועזען זיינען זעהר קלוג און פעהיג. האָב די בעסטע אַטעסטאַטען און רעפערענסעס. וואָס אנבע־לאַנגט צו מיין צוועק וועל איך געווים ווערטה זיין דאָס, וואָס איהר וועט אויף מיר ספּענדען. פּראָפעסאָר און דאָקטאָר מאַנדעלקנייטש".

מיט דער ערשטער פּאָסט האָט דאָקטאָר און פּראָפעסאָר מאַנ־דעלקנייטש ערהאַלטען אַ קורצען און דייטליכען ענטפער: „דזשענ־טעלמען, אויב עס איז וואָהר וואָס איהר האָט מיר געשריבען און איהר זייט זיכער דאָס איהר וועט קענען אזא נאָבעלע ליידי ווי איך צו־פריעדענשטעלען, קומט מאָרגען צווישען צוויי און דריי נאָכמיטאָג. לעקסינגטאָן עווענױ. אויב איהר האָט אַ האָרב, אָדער איהר הינקט אויף אַ פוס, אָדער ביי אייך פּינטעלט אַן אויג, אָדער עס שמעקט

צע שטאָדט, מען שטיקט זיך פון פרייד און פון דאמפף, מען שמעלצט זיך, מען בריהט זיך, מען ברעכט זיך רוק און לענד, מען טאנצט חאָ־ ליאָנדרע... גרויסע פויערען געהען אום מיט טראָמפּעטען און בלאָזען אזוי שטארק, אז טויטע קענען טויב און משוגע ווערען, רייכע פּריצים געהען אום מיט בעזימער אין די הענד. גאנצע כאָרען זינגען פּיוט מיט די ווערטער: „טע רע רע בומס טעיע!“ און והעיר נ.י. יאָרק צהלה ושמחה...

א יאָ, עס איז גוט? קום צו פאָהרען צו אונז, וועסט דו נעהען העמ־ דער און וועסט ליגען אין דער ערד. פון מיר דיין פריינד וואָס ווינשט דיר גליק חצקאל קנישיק“.



שמייכעל, וואָס לאַכט זי? זיינען זיי ביי מיר חלילה ניט אַלע קנעפּ־לעך פּערשפּילעט אָדער די סקראַפּעטקע אַראָבגעקאַטשעט? האָט גע־מיינט דער פּראָפּעסאָר. ער האָט זיך אויף גיך אַרום געקוקט און געגע־בען דריי שטילע קלאַפּ אין טהיר. ער האָט געגלויבט אַז די טהיר וועט זיך עפּענען און זי... זי אַליין, די שעהנע מילעדי מיט איהר וויכטיגען געוויכט און צעהן טויזענדיגען ווערטה וועט ערשיינען, אָבער אַנשטאַט דעם האָט ער דערהערט ווי עטליכע מענער שטימען האָבען אויסגע־שריען:

„הערא־יין!"

ער איז אַריין און האָט דערזעהן נאָך צוועלף פּרעטענדענטען וועלכע זיינען געקומען נאָך פריהער פון איהם. זי איז נאָך ניט אַרויסגעגאַנגען אַלע צוועלף האָבען בעגעגענט דעם פּראָפּעסאָר פּונקט אַזוי פריינדליך ווי הינט וועלכע זיינען בעשעפּטיגט ביי אַ געפאַלענע בהמה, ווען עס קומט אַ איבריגער פרעסער. דער פּראָפּעסאָר האָט גע־וואָלט זיך איבערצייגען ווער קען זיין דער געפעהרליכסטער קאָנקו־רענט און האָט זיי אַלע בעטראַכט: דאָ זיינען געווען הויכע און נידריגע, פּעטע און מאָגערע, מיט פּליעכען און אָהן פּליעכען, אַ רייכער אַסאָרטמענט. ער האָט זיך אַנידער געזעצט און אַ זיפץ געטאָן.

ענדליך האָט זיך די טהיר געעפענט און אין צימער האָט זיך אַריינגעקאַטשעט אַ דיקע, אַ קיילעכדיגע אַן אונטערגעפּאַרבטע אי־דענע מיט אַ זעכציג יאָהר אויף די פּלייצעס און מיט אַ סך דיאַמאַנ־טענע רינגען אויף די פינגער... אַלע חתנים זיינען אויפגעשטאַנען און... און פּלוצלונג איז געוואָרען אַ גרויסער טומעל.

דאָס ביזט דו? האָט אַ געשריי געטאָן פּראָפּעסאָר מאַנדעל־קנייטש, טפוי זאָלסט דו ווערען!...

זי איז דאָ! זי איז דאָ! האָבען אָנגעהויבען שרייען אַלע איבריגע מענער.

— דאָס איז מיין צווייטע פרוי מיט וועלכע איך האָב חתונה גע־האַט אין ניו דזשערסי.

— דאָס איז מיין משולחת, וועלכע איך האָב גע'גט אין פּראָ־ווידענס.

— דאָס איז מיין זעקסטע מרשעת מיט וועלכע איך האָב מיך דורכ'ן געריכט געשיידעט אין סט. לואיס.

ניט פריש ביי אייך פון מויל, זאָלט איהר אייך ניט בעמיהען צו קומען".

2.

פּראָפעסאָר מאַנדעלקנייטש איז אויפגעשטאַנען גאַנץ פריה און האָט זיך אָנגעהויבען פּאָרצובּרייטען צום וויזיט. ער האָט אויסגע־רייניגט זיין אַלטען פּרינץ־אַלבערט מיט אַמאָניע און קעראָסין, האָט מיט'ן צונג אויסגעלעגט זיין צילינדער, האָט זיך אָרגאַניזירט און פערקאַמט אַזוי, אַז זיין פּליך זאָל ניט אויסוויייזען גרעסער ווי די לבנה; אויפ'ן קאָרנער האָט מען איהם אויסגעפּוצט זיינע שיך, ביי אַ חזן האָט ער געליהען אַ קייט מיט אַ זייגער, ביי אַ בעקאַנטען האָט ער גענומען אַ שטאָק מיט אַ זילבערנעם קנאָפּ, ביי אַ סטענד געקויפט צוויי דייטשע און צוויי ענגלישע פּייפּערס, האָט אָנגעזאָ־טעלט דעם נאָז מיט אַ פּאַנסנע, האָט זיך אריינגעזעצט אין אַ קאַר און איז אַוועק געפאָהרען צו דער גליקליכער אַלמנה נאָכ'ן אַד־רעס.

דאַרף מען נאָך דערצעהלען וועלכע זיסע געפיהלע האָבען גע־שטורעמט אין דאָקטאָר מאַנדעלקנייטש'ס האַרץ ווען ער האָט גע־דענקט פון דער שעהנער מילעדי, וועלכע וועגט, קיין בייזע אויג זאָל איהר ניט שאַטען, 270 פונט און וועלכע איז ווערטה ביי 10 טויזענד דאָלאַר? ווען ער האָט צום דריטען מאָל געמאַכט אַ ברית־מילה האָט ער ניט אַזוי געציטערט, ווי עס האָט איהם נעבעך געוואָרפען ווען ער איז צוגעגאַנגען צו איהר טהיר. זיין האַרץ האָט זיך געצאַפּעלט ווי אַ פייגעלע ביי אַ קינד אין די הענד. ער האָט געבראַכט זיין נאָז אין אָרדנונג, האָט זיך גוט אויסגעהוסט און האָט ענדליך געגעבען אַ קלונג...

3.

אַן אַלטע איירישע גויה האָט איהם געעפענט די טהיר, האָט איהם בעטראַכט פון קאָפּ ביז די פיס און פערקעהרט און האָט איהם גע־הייסען געהן אין פראָנט־רום אריין אויף דער גויה'ס פערדראָרטע לי־פען האָט דער פּראָפעסאָר מאַנדעלקנייטש בעמערקט אַן איראָנישען

# די מלחמה.

(הומאָרעסטקע).

ניט דער דייטש האַלט מלחמה מיט'ן פּרוססאַק, ניט דער טערק פיהרט אַ קריעג מיט'ן קאַצאַפּ — די מלחמה פיהרט דער אָרדען „בני ירך יעקב" מיט דער חברה „מערת המכפלה", די קריעג קומט פאָר צווישען צוויי גרויסע אידישע פּאַרטייען פון דער בעריהמטער שטאָדט צעלפּווישאָן.

די שטאָדט צעלפּווישאָן ליגט ניט ווייט און ניט נאָהענט פון ניו יאָרק. זי האָט זעהר ווענינ איינוואָהנער און זעהר פיעל קאַמאַרעס, אַ קליין קאַפּעטשקע אידען מיט זעהר אַ סך מחלוקות. אז אין צעלפּווישאָן איז דאָ אַ סך מחלוקות איז דאָס טאַקע אַ וואונדער פון גאָט! די 15 אידישע פאַמיליען וואָס לעבען דאָ האָבען 15 בית המדרש'ן — קען יעדער פאַמיליען פאַטער זיין אַ גבאי; זיי האָבען 15 פעראיינען — קען ברוך השם יעדער זיין אַ פּרעזידענט. זיי האָבען 15 „הייליגע ערטער" — קען מען בעגראָבען איינער דעם אַנדערן ווי פיעל מען וויל; זיי האָבען 15 מקואות כשרות לכל בנות ישראל —קען מען.... נור נאָך וואָס זאָל איך דערצעהלען אַלץ וואָס מען קען? עס איז גענוג אַז אין אַלגעמיין קען מען לעבען בשלום, טאָן עפּעס פיר עולם הזה און זאָרגען זיך פיר עולם הבא... און עס איז פּאַרט ווי מען זאָגט והלקלקות מיט מכות. מען גליטשט זיך, מען שטופּט זיך, מען רייסט זיך, מען בייסט זיך... און פאַר וואָס?

פערשטעהט איהר מיך, די 15 פאַמיליען ווילען האָבען 15 רבנים, 15 חזנים, 15 שוחטים, 15 מוהלים, 15 קצבים (בוטשער בלע"ז). מען קען קריגען אין אַמעריקאַ מיליע־מיליאָסען מיט חזנים, שוחטים און רבנים... אָבער וואָס ווען 15 רבנים פּסק'ענען? 15 שוחטים שניידען? 15 מוהלים מל'ען? 15 קצבים טרייבערען? וואו נעהמט

דאָ האָבען אַלע פּרעטענדענטען געכאַפּט זייערע צילינדרען, שטע־קענס, אמברעלעס, מאַנטלען, אויבער־רעק און אַזוי ווי פער'סם'טע האָבען זיי זיך אַלע אַ וואָרף געטאָן צו דער טהיר, האָבען זיך געשטור־כעט איינער דעם צווייטען מיט די עלענבויגענס, האָבען געטראָטען איינער דעם צווייטען אויף די היהנער־אויגען, האָבען זיך געטשע־פּעט פאַר די אייגענע שטעקענס און זיינען געלאָפען ווייטער.

און די גליקליכע אלמנה האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנד, האָט גענומען טינט און פעדער און האָט זיך געזעצט שרייבען אַ נייע אַנאָנסע פאַר אַ נייע צייטונג צוליעב אַ נייעם שידוך.



אַ פּאָר דאָלאַר און צוויי זיינען געקומען קיין צעלפּווישאָן מאַכען אַ דין תורה! אה! דאָס שטעטעל האָט געקאָכט! די אידען זיינען אומגעלאָפען מיט ארויסגעשטעקט צונגען, די שוחטים האָבען געציטערט, די בוטשערס האָבען געפּאָכטען מיט די קולאַקעס, און דער גאַנצער עולם מיט קינד און קייט האָט זיך פערזאַמעלט אין דער גרעסטער שוהל פון צעלפּווישאָן.

אָרדער! אָרדער! האָט מען געשריען פון איין זייט! אָרדער! אָרדער! האָט מען געדונערט פון דער אַנדערער זייט און דער עלטסטער רב האָט זיך אַנידער געשטעלט און האָט געזאָגט: „רבנן ורבותי! הערט מיך אויס, דער משל פון אַ הכשר איז אַזוי ווי כהנדוף עשן תנדוף”. דאָ האָט זיך אויפגעכאַפּט דער אַלטער בוטשער, האָט אַ קלאַפּ געטאָן מיט'ן קולאַק איבער'ן באַלעמער און האָט אויסגעשריען: וואָסער הינדע? און וואָס מיר טינדע? אַ הכשר גאָר! אַז איהר וועט צוקלעפּען אַ הכשר צו אַ חזיר וועט דען דער חזיר קיין חזיר ניט זיין? און פערקעהרט, אַז איהר וועט צוקלעפּען אַ חתימה צום רב אַז ער איז אַ חזיר, וועט דען דער רב קיין רב ניט זיין! איך פייף אויף אייער טאַטען!...

דאָס איז געווען גענוג. די מלחמה האָט זיך אָנגעצונדען ווי אַ פלאַם פייער! פּעטש, קולאַקעס, סטיסאַקעס זיינען געפלויגען רעכטס און לינקס. די טישען האָבען געטרישצעט, די ביינק געקנאַקט, די ווייבער האָבען געיאָמערט, די קינדער האָבען געליאַרעמט... אין דער לופטען זיינען ארומגעפלויגען האַלבע בערד, גאַנצע פּאות, צוקנאַקטע צילינדער היט, צופליקטע יאַרמעלקעס, צוקנייטשטע אָמברעלאַס, צוצויגענע סוספּענדערס, צושפּרייטע טלית קטן'ס, אויסגעזעצטע ציינער, אויסגעווייקטע שנופּטאַבאַק־טיכלעך, אָבגעריבענע רצועות און אָבגעשמיסענע הושענות.

די מלחמה וואָלט אפשר געדויערט ביז ביאת המשיח — אַז צוויי טרפ'ענע פּאָליסמאַנס מיט זייערע כשר'ע קלאָבס זאָלען זיך ניט אריינמישען אין דער קאַשע אריין... אַן אַמבולאַנס האָט אוועקגעפיהרט דריי העלדען אין האָספּיטאַל, די גרויסע רבנים האָבען זיך אומגעקעהרט אין זייערע רעזידענצען מיט גרויסע פּליכען אויפ'ן קאָפּ און די מלחמה האָט אויף אַ קורצע צייט געסטאָפּט. אויף אַ קורצע צייט איז די בעריהמטע קהלה קדושה פון צעלפּווישאָן

מען אַזוי פיעל אַרבייט און אַזוי פיעל געלד? אז מען קען ניט אַריבער מוז מען אַרונטער — איז געבליבען מען זאָל קריגען אַזאַ רב, וואָס זאָל ניט זיין נור אַ מורא הוראָה, נור אויך אַ שוחט ובודק, אַ חזן, אַ מוהל, אַ שמש, אַ בעדער, אַ פּרעדיגער, אַ מלמד. און ברוך השם עס האָט זיך געפונען אַזאַ איש ומושלם בכל המעלות, און ער האָט דער־צו געקענט אָפּשפּרעכען אַן עין הרע, אָבשרייבען קדחת אָבטרייבען קינדרעשע זאכען און פלעכטען שעהנע קעסטעלעך פון פערטריקענטע לולבן. אַ בוטשער אַ געזונטער יונג מיט אַ בליק פון אַ פּאָליסמען און מיט אַ קולאַק פון אַ סטאָליער האָט זיך אויך געפונען און והעיר צעלפּוי־שאָן צהלה ושמחה.

אָי וועה! ניט לאַנג, ניט לאַנג בליהט די שעהנע ראָזע, ניט עווינ זינגען די קליינע פויגעלעך, ניט שטענדיג עסט מען קוגעל מיט צי־מעס — איבערן רעוורענד, שו״ב, חזן, ומוהל און איבערן בוטשער איז רחמנא לצלן געוואָרען אין צעלפּווישאָן אַזאַ קאָכעריי... אַז עס האָט אָנגעהויבען ביי יעדער צעלפּיושאָנער איד זיעדען און קאָכען, רוישען און שטורמען, און... צו אַלע גרויסע רבנים זיינען געפלויגען בריעף מיט דעפּעשען, אין די בעק זיינען געפלויגען פּעטש, און פון די אויגען פונקען.

מען זאָגט ביי אידען איז ניטאָ קיין אחדות, אַ ליעגען! די קהילה קדושה פון צעלפּווישאָן האָט זיך ניט צובראָכען אויף 15 קליינע פּאַר־טייען, עס האָבען זיך נור אָבגעטיילט צוויי גרויסע אַרמעען, איין אַרמעע איז געשטאַנען מיט דעם אָרדען „בני ירך יעקב״, די אַנדערע מיט דער חברה „מערת המכפלה״, תיכף ומיד האָט מען אַרויסגעשריי־בען אַן אַנדער שוחט מיט אַן אַנדער בוטשער... איין פּאַרטיי האָט געפּסלט די אַנדערע, איין שוחט האָט גע'טרפ'עט דעם צווייטען, די גרויסע רבנים האָבען געשיקט סמיכות, הכשרים, שאלות ותשובות און מען האָט זיך ווידער געפּאַטשט... געלאָפען אין פּאָליציי, גע'־מסר'ט, געשריבען אין „וועכענטליכען שומר ישראל״ און געהאַקט ווי אין קרויט אַריין.

אַ שטורם שטורעמט אַזוי לאַנג ביז עס שטורעמט איבער, אַ ווייב איז ברוגז אַזוי לאַנג אויפ'ן מאַן ביז זי קאָכט קרעפּלעך, די קהילה קדושה פון צעלפּווישאָן האָט זיך געקריגט אַזוי לאַנג ביז די רבנים פון די גרויסע שטעדט האָבען זיך בעשלאָסען צו פערדיענען דערביי

# די נסיונות פון יוקיל קאַזיראָק.

אָדער

# די ענטוויקלונג דער ציוויליזאַציאָן.

(אַ הומאָריסטישע ערצעהלונג).

---

זאָגט דעם אמת, זייט איהר בעקאַנט מיט דעם יונגען הערר מאַקס דזשעפערסאָן? אויב איהר ווילט איהם זעהן, כאָטש פון דער ווייטען, — ווייסט, אַז ער שפּאַציערט גאַנץ אָפט אויף דער בויערי און אויף גרענד סטריט. איהר וועט איהם דערקענען, ער איז אַ דאַרער, אַ הויכער, אַ בלייכער און אַביסעל אַ געשטופּעלטער, נאָך ניט קיין אַלטער מאַן. ער געהט אין אַ פּענסנע, טראָגט לאַיקענע האַנד־שוה, אַ שעהנעם שטאָק מיט אַ זילבערנער הענטעל פון ניקעל. אויפ'ן קאָפּ אַ שוואַרצער צילינדער, אויף די לאַנגע פיס סאַרע הויזען און גרויסע שאָטלאַנדישע קעסטעלעך, די באָרד און די וואָנצעם גאָר אין גאַנצען אָפּגעגאָלט און אין זיין גראָבען רויטען האַלזטוך אריינגעשטעקט אַ פּין מיט אַ ביינערנע ווייבערשע קאָפּ. ער סמאָקטשעט שטענדיג אַ גראָבען ציגאַר און קען פייפען אַזוי הויך און שטאַרק, אַז ער האָט טאַקע באמת דאָס רעכט זיך צו רופען: דער ערשטער פייפער פון דאַון־טאַון. אַז איהר וועט איהם בעגעגענען, זאָלט איהר ניט קוקען אויף דאָס, וואָס ער האָט פאַריסען דעם קאָפּ אין דער הויך און האָט אָנגעזאָטעלט דעם נאָז מיט „פּיענצנע", איהר געהט צו צו איהם און זאָגט איהם: „האַלאָ! מיסטער דזשעפערסאָן!" ער וועט געוויס אויפהויבען זיין רעכטע האַנד ביז'ן נאָז און וועט זי אַ פיהר טאָן ביז'ן אויער און וועט אייך ענטפערען: האַלאָ! מיסטער טעפּעלזאָן! אין דער אייגענער צייט וועט ער אויף אייך ניט קוקען — ער וועט נאָך אַמאָל בעטראַכטען זיין אייגענע האַנד מיט דער לאַיקענע

אין אַ וואָפען־שטילשטאַנד... אָבער די מלחמה האָט זיך ניט גע־ענדיגט!

די מלחמה וועט זיך ניט ענדיגען זאָ לאַנג דער „פיינט” וועט לעבען.



נער קען ניט אזוי בעזעמען ווי ער. פערשטעהט זיך, אז מען האָט שוין אזא שם בישראל איז ניט שווער חתונה צו האָבען; עס האָט זיך געפונען א אידישע טאָכטער, וועלכע האָט געהאט א הויקער, ק״ן קערבלעך און צוויי זילבערנע לעפעל מיט א בעכער, און וועלכע האָט גערן געוואָלט ווערען מאדאם קאַזיראק: זיי האָבען חתונה געהאט מיט מזל.

עטליכע יאָהר האָט אָבגעלעבט ר׳ יוקיל קאזיראק מיט זיין ווייב, אזוי ווי עס פיהרט זיך ביי אונז אידען: אלע זונטאָג און דיענסטאָג א באָרשץ, אלע מאָנטאג און דאָנערשטאג מחלוקת מיט פעטש און אלע יאָהר א קינד. די יאָהרען זיינען געגאנגען, קינדער האָבען זיך געמעהרט, דער הויקער ביי ר׳ יוקעל׳ס אידענע האָט געוואקסען און ר׳ יוקעלס שכל איז אויך געוואָרען גרעסער: ער האָט אָנגעהויבען צו פערשטעהן, אז פאר אזא פיינעם בריה ווי ער איז, איז רוסלאנד קיין מדינה ניט, ליובאָוויטש קיין שטאָדט ניט, מאדאם קאזיראָק קיין ווייב ניט און בעדעריי קיין געשעפט ניט. ער האָט נאָך דאמאָלס ניט געוואוסט דייטליך, אז אויף דער וועלט איז דאָ אזא מין חיה, וועלכע רופט זיך ציוויליזאציאָן און וועלכע מוז וואקסען... אָבער עס האָט שוין דאָס אָנגעהויבען צו פיהלען. און ווי באלד ער האָט דאָס דערפיהלט האָט ער שוין ניט געקענט אָנקוקען אפילו זיין טלית־זאק, זיינע שמוציגע קינדער, די אידישע מנהגים, זיין פלונית׳טע — און ער האָט גענומען זיינע הענט און פיס און האָט געמאכט א ויברח. אָט אזוי פיהרט זיך אויף דער וועלט; געוועזן א פיינער בע־דער, יוקעל קאזיראָק און פלוצלונג — ניטאָ יוקעל קאזיראָק!...

וואָהין לויפט אזא מין איד ווי יוקעל קאזיראָק? פערשטעהט זיך אין אזא לאנד, וואו די ציוויליזאציאָן שטעהט הויך און די פרייהייט ליגט ברייט. ויצא יוקעל בליובאָוויטש וילך לאמעריקא. קיין אמערי־קא קומט מען אָבער ניט אזוי גרינג און אזוי גיך. יוקעל קאזיראָק האָט גענוג געשנאָרט, געבעטעלט, געלייגט, געוויינט, געגעסען לאָמי־טישע קיכלעך מיט געקוילעטע הערינג, געוואלגערט זיך אין הקדש׳ן, אידישע אכסניות און אנדערע פינסטערע גריבער, איידער ער איז געקומען אין דער פרייער לאנד, אין דער גרויסער אמעריקא. אין דער צייט האָט שוין די ציוויליזאציאָן אָנגעהויבען שייערען און כשר׳ען אונזער ר׳ יוקעל. אין בראָד האָט איהם א קאָמיטישער איד געשענקט

האַנדרשוה. האָט אויך איהם קיין פּאַראיבעל ניט, איהם געפעלען זעהר זיינע העטשקעס...

נור טאָמער איז דאָס אַלץ פאַר אייך ווענינ און איהר ווילט טאַקע פּשוט, וויסען: ווער איז ער און וואָס איז ער, אונזער פיינער מיסטער מאַקס דזשעפערסאָן? טאָ בעט מיך וועל איך אייך דערצעהלען אין גאַנצען פון אָנהויב ביז דעם סוף...

ער אליין זאָגט, אַז ער איז אַן אונגאַרישער דייטש פון בעהמען. אויב איהר וועט קיינעם ניט דערצעהלען, וועל איך אייך אויסזאָגען, אַז ער איז איינער פון אחינו בני ישראל און זיין פאָטער עליו השלום איז געווען כל ימיו אַ שמש אין ליובאָוויטש אין בית המדרש פון די אנשי חב"ד.

מאַקס דזשעפערסאָן האָט געהאַט אין דער היים אַן אַנדער נאָמען: דאָרט האָט מען איהם פּשוט גערופען יוקעל קאַזיראָק. אין חדר האָט ער בשום אופן ניט געקענט אויסלערנען ווער איז געווען שלמה בן דוד'ס טאַטע — האָט מען איהם אָבגעגעבען פאַר בעל מלאכה צו אַ ווייבערשען שניידער. איהם האָט געטראָפען דוקא אַ גוטער אָרט, ביי אַ פיינעם מאַדניק און פון איהם וואָלט געווים מיט גאָטעס הילף, ארויס אַ לייט. האָט זיך אָבער אַקוראַט געדאַרפט טרעפען, אַז אונזער חכם יוקעל האָט געהאַט, ניט פאַר אייך געדאַכט, עטליכע פעלערען און די בעל הבית'טע האָט איהם ארויסגעטריבען מיט אַ בעזים פון שטוב. דער ערשטער פעלער איז געוועזען, אַז אפילו נאָך זיין בר מצוה האָט ער אַלע נאַכט געזעהן בחלום, אַז ער געהט צום טייך כאַפּען פיש, און דער צווייטער פעלער איז געווען, וואָס ער האָט זיך קיין מאָל ניט געקענט אָנעסען... און אַ חוץ דעם האָט ער געהאַט אַ טבע צו גנב'ענען קנעפּלעך און העקלעך. מען האָט איהם ארויסגעטריבען....

זיין בילדונג האָט זיך דערמיט ניט געענדיגט. ער איז געווען נאָך דעם: אַ מורה־דרך ביי אַ בלינדען בעטלער, אַ זינגערעל ביי אַ חזן, אַ אינגעל אין אַ וויין־קעלער, אַ תלמיד בייא שמוקלער, אַ משרת ביי אַ פּראָצענטניק, אַ בעהעלפער ביי אַ מלמד, אַ קנעכט ביי אַ קברות־איד און לסוף איז ער אליין געוואָרען אַ בעדער. די גאַנצע שטעטעל האָט געוואוסט, אַז יוקעל קאַזירעק האָט גילדענע הענד, (ער איז נאָך דאמאָלס ניט געגאַנגען אין לאַיקענע האַנדרשוה) און אַז קיי־

ניט דעם צווייטען קיין פינגער אין מויל... ביזנעס הייסט, האָט ער געלערענט דעם פשט: חאַפּ אריין ווי פיעל דו קענסט; פּאָליטיקע הייסט: דערלאָז ניט, אז דער אַנדערער זאָל צוגנב'ענען אין גאַנצען, גנב'ע אויך כאָטש אַ ביסעל, אז דו קענסט ניט קיין סך. און פערדיע־נען אַ קערבעל הייסט: אונטערשטעלען דעם אַנדערען אַן אונטערפּי־סעל, אז ער זאָל פליהען צו אַלע שווארצע יאָהר. די הויפּט זאַכע, אזוי האָט געלערנט אונזער מיסטער דזשעפערסאָן, זיי ניט קיין נאַרר, זיי אַ פריי־דענקער און וויים, אז אין אונזער צייט דאַרף אַ מענש רעדען, דענקען, גלויבען נור אין דער ענטוויקלונג פון דער ציווילי־זאַציאָן! ווי באַלד דו גלויבסט נור אין דער ענטוויקלונג, מעגסט דו גאָלען די באָרד און די וואָנצעס, אָדער גאָלען נור די באָרד, אָדער גאָלען נור די וואָנצעס, אָדער טראָגען באַקען־באַרדען, אָדער לאָזען זיך פון דער באָרד בייביידע באַקען צוויי שמאָלע לענטעס, — אַלעס איינס, ביסט אַ בראַווער דזשענטעלמאַן און עס מעג קומען אַ ברכה מיט אַ הצלחה אויף דיין קעפּעלע...

די ענטוויקלונג האָט געבראַכט דערצו, אַז מיסטער מאַקס האָט פערשטאַנען, אַז ביי פּעדלעריי קען מען זעהר ווענינ „פּיקסען" די קעשעניע. אַ סטאָר, דאָס איז אַן אַנדער זאַך: אַ נאָמען, קרעדיט, ביזנעס, שאַכער־מאַכער, אַ פייער, פּרעמיע, פערדיענסט... עפּעס גאָר אַן אַנדער נגון... איינס צוויי דריי — און אונזער דזשעפערסאָן האָט שוין אַ סטאָר... איינס, צוויי, דריי אין דעם סטאָר איז שוין דאָ פיעל סחורה, איינס, צוויי, דריי ביי דער סחורה זעהר שעהנע מיידלעך... נו... איינס, צוויי, דריי: די סחורה ברענט, דער סטאָר ברענט, די מיידלעך לויפען, מאַקס לאַכט, טרינקט ביער און שפּרעכט פון דער ענטוויקלונג... מען זאָגט, אַז איינע פון די שעה־נע מיידלעך ווײנט נאָך איצט אויף דזשעפערסאָן'ס קאָפּ; מען זאָגט אַז דער פייער וואָס האָט זיך אָנגעהויבען אין זיין סטאָר איז אריבער־נעגאַנגען אויפ'ן גאַנצען הויז און עס זיינען פערברענט געוואָרען צוויי נפשות... און נאָך אַנדערע מעשות דערצעהלט מען, אָבער אונזער מיסטער מאַקס דזשעפערסאָן שפּייט איבער'ן לופט און זאָגט, ווי אַן אמת'ער פריידענקער: ביזנעס בעפאָר פּלעזשור.

פון איין שטופּע אויף דער אַנדערער, אַלץ העכער און העכער איז געגאַנגען אונזער מיסטער מאַקס דזשעפערסאָן. ער האָט פערשטאַ־

אַן אַלטען רעקיל, האָט ער אַראָפּגעוואָרפען פון זיך די לאַנגע פּער־שמאַלצענע בעקעשע. אין לעמבערג האָט ער זיך אונטערגעשאָרען איין פּאה אין קראָקאָוו האָט ער אונטערגעהאַקט די צווייטע פּאה. אין בערלין האָט ער זיך אָבגעפּיצקעט די באָרד, אין ליווערפּול איז ער פון יוקעל קאַזיראָק געוואָרען מאָריץ קאַזירמאַן, און פון א פּראָסטען ליובאָוויטשען הבדניק איז געוואָרען א אייראָפּעאישער פּריי־דענ־קער! יא! וואָס אמת איז אמת, יוקעל קאַזיראָק איז שוין געקומען קיין אַמעריקא א פּאַרטיגער פּריידענקער! און אויב די אַמעריקאַנער וועלען זיך בעריהמען און זאָגען פאר אייך, אז דאָס איז זיי'ער אַר־בייט, מעגט איהר זיי א שפּיי טאָן גלייך אין „ליבערטי" אריין. אין אמעריקא איז נור געקומען די ענטוויקלונג... אין אמעריקא האָט ער שוין מיט דער צייט גאָר אָפּגעגאָלט אין גאַנצען די באָרד מיט די וואָנצען, אין אַמעריקא האָט ער אָנגעהויבען טראָגען סוספּענ־דערס און איז געוואָרען פון מאָריץ קאַזירמאַן מאַקס דזשעפּערסאָן. און דאָס איז גאָר קיין חידוש ניט, אז א מענש קען מגלגול ווערען אין א קעלבעל, פאר וואָס קען ניט מגולגל ווערען יוקעל קאַזיראָק אין מאַקס דזשעפּערסאָן?

יוקעל קאַזיראָק האָט אָנגעהויבען אין אמעריקא אזוי ווי אַלע אידען הויבען אָן: ער איז געוועזען א קבצן, דערנאָך האָט ער געאַר־בייט אין א פּעקטאָרי, דערנאָך איז ער געשוואָלען געוואָרען פון הונ־גער, דערנאָך איז ער געוואָרען א וועבער, דערנאָך איז ער געווען א שנאָרער, דערנאָך א פּינישער, דערנאָך א ביגלער, דערנאָך א שוירט מייקער, דערנאָך אַן אָפּערייטאָר... אין קורצען, אזוי ווייט און אזוי לאַנג ביז וואַנען ער האָט זיך דערדיענט ביז א פּעדלער. אָט דאָ האָט ער אָנגעהויבען לעבען אויף דער וועלט! ער האָט זיך געקויפט א זיי־גער מיט א געלע קעטעלע, האָט אָנגעהויבען רויכערען סיגאַרען און האָט אויפגעהערט צאָהלען חובות... א פּאָר מאָל האָט ער געהעצקעט די סוחרים וואָס האָבען איהם געבאָרגט סחורה... דער שכל איז גע־וואַקסען ווי טייג אויף גוטע הויוען. ער האָט אָנגעהויבען צו פער־שטעהן, וואָס הייסט ביזנעס, וואָס בעדייטעט פּאָליטיקע, ווי עס וואַקסט פּעפּער, ווי אזוי פּערדיענט מען א קערבעל און ווי אזוי מאַכט מען אין אַמעריקא א לעבען. ער איז געוואָרען פּאָלקאָם ציווי־ליזירט. ער האָט געהאַט איין געבאָט: זיי קיין נאַרר ניט און לעג

וויקלונג דער ציוויליזאַציאָן ווייסט דו, אין גאָט און אין שדים גלויבסט דו ניט.. פאַר וואָס טאַקע באמת זאָלסט דו זיך ניט פּרובען? די ביהנע קענסט דו גוט, ווארום ביי דיר אין סאַלון זינגען דאָך אַרטיס־טען מיט אַרטיסטקעס די פיינסטע קופּלעטען; און דער „מענש" איז דיר דאָך גוט בעקאַנט, ווארום ביסט דאָך געוועזען אַזוי פיעל יאָהר אַ בעדער... און וואָס די בעזוכער און די צוהערער פאָדערען ווייסט דו אויך גאַנץ גוט — ווארום האַלטען דריי יאָהר אַ סאַלון איז דאָך קיין קליינינקייט ניט... אַזוי לאַנג און אַזוי ברייט, דער יצר הרע האָט גובר געוועזען אין אונזער ר' יוקעל, אָדער בלע"ז מאַקס דזשעפּערסאָן, האָט אָנגעהויבען מאַכען דראַמעס מיט טראַגעדיעס. אין היסטאָרישע ווערק האָבען מתים מיט שדים געטאַנצט קאַנקאַן, כהנים גדולים מיט מלאכים געזונגען קופּלעטען. אין לעבענס־ווערק האָבען אָבעזיאַנעס גערעדט פון דער הייליגער טוגענד און מענשען האָ־בען געטרונקען פעסער בלוט און האָבען גענעסען שווערדען מיט שפּי־זען. די שוישפּילער האָבען געשריען משוגענער־ווייז, די בעזוכער האָ־בען געשריען בראַוואָ און געפּליאַסקעט אַזוי לאַנג ביז וואַנען זיי האָבען זיך אונטערגעריסען... וליהודים היתה אורה, ושמחה וששון, ויקר!....

די ענטוויקלונג איז אָבער געגאַנגען נאָך ווייטער, און ויהי היום, אַז אונזער מיסטער דזשעפּערסאָן האָט זיך אליין אַ פּאַטש געטאָן אין שטערען און האָט אליין זיך געפרעגט אַ קשיה: זאָג מיר, ר' יוקעל, פאַר וואָס זאָלסט דו ניט ווערען אַ רעדאַקטאָר פון אַ צייטונג? שרייבען קענסט דו גוט, דאָס זעהסט דו אַרוים פון דיינע דראַמעס. פון דער ענטוויקלונג ווערסט דו אין דיין צייטונג קענען בעסער און מעהרער שפּרעכען ווי אין ביער־סאַלון, און מכח פּאָליטיקע דאַרפסט דו גאָר קיין יסורים ניט האָבען, ווארום אויב מען גיט „שווייג־געלד" אַ סאַלון־קיפּער, וועט מען נאָך פיעל מעהרער געבען אַ רעדאַקטאָר פון אַ צייטונג.. אַ קליינינקייט אַ צייטונג! וואָס איז ציוויליזאַציאָן, און וואָס איז פּראָגרעס, וואָס איז ענטוויקלונג און וואָס איז פּאָליטי־קע אָהן אַ צייטונג?... אַזוי ווי אַ הונט אָהן אַן עק, אַזוי ווי אַ שוהל אָהן אַ גבאי, כך הוה: מיסטער יוקעל קאָזיראָק האָט אָנגעהוי־בען רעדאַקטירען אַ נייע, אַ פיינע, גאַזעטע. ער אליין האָט געשריבען אַרטיקלען „איבער" וויסענשאַפט און קונסט, האָט געלייענט דעם

נען, אַז אין אַ פרייע לאַנד איז דאָ פּאָליטיק נור אויף דערויף, אַז יע־דער פיינער בירגער זאָל אויך קענען כאַפּען אַ שטיקעל פון דעם קהל'שען לויתן. ער האָט געזעהן בעשיינפּערלעך, אַז צום געפּילטען לויתן זיצען זעהר נאָהענט די בראַווע סאַלון־קיפּערס. האָט ער טאַקע גענומען באַלד אַ סאַלון... און ער האָט טאַקע גוט געטראָפען. פאַר יעדער עלעקשאָן־דעי האָט ער גענומען געלד פון ביידע צדדים: ביי איינע האָט ער גענומען געלד ער זאָל שווייגען, ביי די אַנדערע האָט ער גענומען געלד ער זאָל גאָרנישט זאָגען. אַלס סאַלון קיפּער האָט ער געפיהרט אַ גליקליכען און רוהיגען לעבען: די שיכורים האָבען פאַר איהם געצאָהלט רענט, האָבען איהם גוטע קעסט געגעבען און אויך פּראָפיט אין קעשענע אריין. די פּאָליציי האָבען איהם געגעבען רעס־פּעקט, דער קעפּטען איז מיט איהם געווען אדרבה־ווי־אדרבה, דער דזשאַדזש האָט איהם פריינדליך געדריקט די הענד און אַלע שכנים האָבען איהם געהאַלטען פאַר אַ מענשען מיט אַ גרויסע דעה אין שטאָדט. אָפט פלעגט מיסטער מאַקס דזשעפערסאָן האַלטען אַ רעדע צו זיינע בעזוכער. ער פלעגט זיי דערצעהלען פיעלע טיעפע געדאַנקען פון דער ענטוויקלונג דער ציוויליזאַציאָן און זיי פלעגען אראָפּלאָזען זייערע אויערען און הערען מיט גרויס שמחה און פערגעניגען. מען זאָגט, ווי באַלד די אויפגעקלעהרטע אידען, די רעפאָרמאַטען, האָבען זיך דערוואוסט, אַז עס איז דאָ אַזא פיינער רעדנער און אַ קלוגער ביזנעס־מאַן האָבען זיי איהם געוואָלט מאַכען פאַר אַ פּרעדיגער ביי זיי אין טעמפּעל, נור מיסטער מאַקס דזשעפערסאָן האָט געענטפערט, אַז אַ סאַלון געפעלט איהם בעסער פון אַ טעמפּעל און שיכור'ע לויפערס פערשטעהען מעהר פון פרייהייט ווי די רעפאָרמירטע און ציוויליזירטע אידעלעך... גוט, זאָג איהם, אַז ער זאָגט אַ ליגען...

אין דערזעלבער צייט איז מיסטער דזשעפערסאָן געפאַלען אויף אַן אַנדער איינפאַל: געפיהלט האָט ער זיך גאַנץ גוט, דער לונג און לעבער איז ביי איהם געלעגען אויף אַן אָרט. הויכע און פּאַטעטישע געדאַנקען האָבען ביי איהם געשפּילט אין קאָפּ, אַקוראַט ווי דער גאַז שפּילט אין אַ באָטעל „לעמאָן". האָט ער זיך מישב געווען און האָט געזאָגט: יעקעל! פאַר וואָס זאָלסט דו ניט אויפשרייבען עפּעס אַ שעהנע דראַמאַ פאַר דעם אידישען טהעאַטער? אַ צילינדער אויפ'ן קאָפּ טראָגסט דו, די וואָנצעס און די באָרד גאָלסט דו, פון דער ענט־

# ניו יאָרקער חברה־קנאַקער.

## יאָסי קרעפּעלכאַפּער

ניש־קשה, די דאַון־טאַונער אידען מעגען זיך איבערנעהמען מיט מיסטער יאָסי קרעפּעלכאַפּער! האָט איהר אַמאָל געזעהן דעם פּאָ־נישען גענעראַל סקאָבעליעוו אין אַ ווייסע קאַפּאָטע אויף אַ ווייסען פערד? זאָג איך אייך, אַז סקאָבעליעוו איז ניט מעהר ווי אַ הונד געגען אונזער מיסטער יאָסי קרעפּעלכאַפּער. קרעפּעלכאַפּערס באַקענ־באַרדען זיינען צוויי מאָל לענגער און ברייטער, זיין בויך פיער מאָל דיקער, זיין נאָז אין זיעבען מאָל גרעסער, זיין דאָנערשטימע ניין מאָל שטאַרקער און זיסער, און פּונקט אַזוי ווי סקאָבעליעוו איז ער בעהאַנ־גען פון גאָרגעל ביז אונטער די ריפּען מיט מעדאַליען, רעגאָלען, מעדאַ־ליאָנען, אָרדענסשטערען, מגן דוד׳ס, בענדלעך, לענטעס. סקאָבע־ליעוו האָט מלחמה געהאַלטען מיט דעם טערק, רייטענדיג אויף אַ פערד, און קרעפּעלכאַפּער האַלט מלחמה אין אַלע לאָדזשען, האָרע־וועט אַליין ווי אַ פערד. לויפט אום צו פוס, סאָפּעט, שוויצט, שרייט, קוויטשעט, קנאַקט, טרינקט אויס גאַנצע פעסער ביער, עסט אויף אַלע לאַונטשען אין די ביער סאַלונען און רויכערט אויס אַלע בעסטע סיגאַרען. אין איין לאָדזש איז מיסטער יאָסי פּרעזידענט, אין דער אַנדערער וויים־פּרעזידענט, אין דער דריטער אַ מאַרשאַל, אין דער פיערטער אַ ריטטער, אין דער פינפטער אַ טראָסטי, אין דער זעקס־טער אַ טרעזשורער, אין דער זיעבעטער אַ סעקרעטער, אין דער אַכ־טער אַ בעל עצה, אין דער נייַנטער אַ בעל טובה, אין דער צעהנטער אַ מאַכער, אַ דרייער, אַ מוסר זאָגער, אַ שלום מאַכער, אַ מאַרטש פיהרער, אַ פּאָליטיקע דרייער. . אַ קנאַקער, אַ פייפער, אַ טוער, אַ מיוחס, אַ גוטער ברודער...

עולם מוסר, האָט געלערנט ווי אזוי מען דארף זיין אָרענטליך און פיין. א חוץ דעם איז ער געוואָרען א פּאָעט און האָט אין יעדער נומער געגעבען זיינע לעזער צוויי—דריי שעפעל מיט פּאָעזי. ער האָט געוואוסט, אַז פּאָעזי פאָדערט, אז מען זאָל לעבען „רעט" שטעלען „קעט" און לעבען „געוואָרען" — „פערלאָרען"... און דאמס־אָל!...

איהר זייט שוין יעצט אליין גאַנץ גוט בעקאַנט מיט מיסטער מאַקס דזשעפערסאָן און א סך דערצעהלען אייך פון איהם איז איבע־ריג. איך דארף אייך נור זאָגען, אַז ווי באַלד ער האָט דערהערט, אז מען לאכט פון איהם ווי פון א גראָבען יונג איז ער באַלד געוואָרען א סטודענט אין קאַלעדזש... נור דאָרטען האָט מען פון איהם זעהר אָפט געלאכט, וואָרעם ער האָט זעהר שווער געלייענט אפילו געדרוק־טע עברי און ער האָט א מאָך געטאָן מיט'ן האנד און האָט געזאָגט: לאָזען אַנדערע גראָבע יונגען שטודירען!...

היינט איז מאַקס דזשעפערסאָן געוואָרען קאַלטבלוטיג און סאָ־ליד. ער זאָגט, אַז שרייבען א צייטונג, מאַכען דראַמעס און רעדען צום גראָבען פאָלק פון דער הייליגער ענטוויקלונג דער ציוויליזאַציאָן קען נור א הייסער אידעאַליסט... ער שטעהט שוין יעצט העכער פון דאָס אַלעס... ער האָט א באַנק וואו די אָרעמע לייט היטען זייער געלט און פערקויפט לאַטס... ער איז פּרעזידענט אין פיער לאָדזשעס און וויצע־פּרעזידענט אין עטליכע ביזנעס אַסאָסיאיי־שענס... ער שפּאַצירט אָפט אויף דער בויערי, רויכערט א האוואַנא סיגאַר און פייפט אוים: דזשאָנני געט יור גאָן.

זעהט וואָס די ענטוויקלונג פון דער ציוויליזאַציאָן מאַכט פון א מענשען?



אָדער וויפיעל מאָל גלאָצט מיט די אויגען א רעפאָרמערשער מגיד. אין קורצען קען איך אייך נור זאָגען, אז ר׳ יאָסי האָט ליעב צו אונטער־האַלטען זיך נור מיט אנשטענדיגע מענשען, למשל, מיט רייכע פעד־לער, דיקע בוטשערס, קלוגע בעל הבית׳טעס פון פריילּיכע הייזער, רויטע סאַלון קיפּערס, בודלערס פון טעמעני האָלל, פּרעזידענטען פון שוהלען און לאָדזשען, אפּטייקערס, אגענטען, ליטעראַטען פון העס־טער סטריט, דעטעקטיווס און אנדערע עדעל לייטע.

שטענדיג שמייכעלט ער און חנפט זיך צו יעדערען. ער איז ניט קיין בייזער מענש און אז ער קריגט אמאָל א „קיק" אין די ציין אָדער א „באָקס" אונטער די אויגען, אָדער א שפּיי אין פּנים ווישט ער אָב די ליפּען און מאַכט א שוויינג. בייז ווערען און קריגען זיך איז ניט אין זיין כאַראַקטער.

ער לויפט אום גאַנצע טעג, ער איז פערסאָפּעט, דער צונג ארויסגעשטעקט, דאָס געזיכט רויט און פערשוויצט... ער געהט ניט אום לעדיג; ער איז שטענדיג בעשעפטיגט מיט קהל׳שע געשעפ־טען. ער שמעקט מיט׳ן נאָז, אפשר קען מען גרינדען א נייע לאָדזש, אפשר קען מען ערגיץ וואו אין א רעסטאָראַן געפינען דעם קאָראָנער שמאַטקין, דעם עקס־סענאַטאָר כאַפּלאַפּקין, זאָגען זיי גוט מאָרגען! און מכבד זיין זיי מיט א גלאָז וויין.

רעדט ער פון גרויסע פּאָליטישענס, פון פעהיגע בודלער, פון רייכע קאַפּיטאַליסטען, לעקט ער זיך ארום מיט׳ן צונג פון פערגעני־גען, דאָס הארץ פרייט זיך ביי איהם, די נשמה קוועלט. דערמאָנט איהם אָבער, אז עס זיינען דאָ קבצנים און סאָציאַליסטען, ווערט ער באַלד גרין און בלוי, קריצט מיט די ציין, כראַקעט מיט׳ן נאָז. ער האָט פיינט א סאָציאַליסט ווי א חזיר האָט פיינט א אידען... מיינט ניט חלילה, אז די סאָציאַליסטען האָבען איהם שלעכטס געטאָן און ער האָט עפּעס צו זיי — ניין! זיין רייכע נשמה קען ניט פערטראָגען קיין קבצנ׳עשע טעאָריע. ניט פערזענליכקייטען שפּילען דאָ א ראָלע — ניין! דאָ שפּילען א ראָלע פּרינציפּען!...

ער איז א מבין אויף אלץ אין דער וועלט, א קריטיקער, א רע־צענזענט: ער זאָגט מבינות אויף א דרשה פון רב הכולל, אויף א ספּיטש פון א פּאָליטישען, אויף א שטיק פון אידישען טעאַטער, אויף דעם שפּיל פון א שוישפּילער און אויף די פעהיגקייט פון פּייטערס...

מיסטער קרעפּעלכאַפּער פיהרט זיך ברייט, לאַכט הויך, דענקט פריי און האַלט שטאַרק פון רב הכולל. קיין שונאים, קיין פיינט, קיין קאָנקורענטען האָט ער ניט. אַלע קענען איהם, אַלע ליעבען איהם, אַלע זיינען מיט איהם צופריעדען. דער פּאָליסמען לאַכט צו איהם מיט אַ פריינדליכען געלעכטער, דער סערזשאַנט שיקט איהם פון דער ווייטענס אַ ברייטען שלום עליכם, דער קעפּטען שנעלט איהם אין בייכעל און דער דזשאַדזש ווינקט צו איהם מיט אַן אייגעל. עוויג! עוויג וועט ניט פערגעסען ווערען דאָס, וואָס מיסטער יאָסי קרעפּעלכאַפּער טוט פאַר דעם כלל ישראלם ווענען. בויען אויס די אידען אַ נייע שוהל און ווילען אַז אויף חנוכת הבית זאָל ביי זיי זיין קאָראָנער שמאַטקינס און ער זאָל האַלטען אַ רעדע פון דער אַמעריקאַנער קאָנסטיטוציע — וועט שוין דאָס מיסטער יאָסי פּיק־סען און קאָראָנער שמאַטקינס וועט שוין די אידען גליקליך מאַכען. פערגליסט זיך אַ רייכען פעדלער אַז ביי זיין טאָכטער אויף דער חתונה זאָל עקס־סענאַטאָר כאַפּלאַפּקינס האַלטען צוויי זאַכען... דאָס הייסט, האַלטען אַ רעדע און האַלטען אַ שטעקען פון דער חופה — וועט שוין מיסטער יאָסי דעם סענאַטאָר ברענגען, און דער סענאַטאָר וועט שוין האַלטען, דער פעדלער וועט שוין קוועלען און דאָס „פּ אַ ר פּ אָ ל ק" וועט שוין טריומפירען. טאָמער דאַרפט איהר, אַז ביי דעם פעטען סאַלון קיפּער אויפ'ן ברית זאָל אַסעמבלימאַן מייק קאַנאַליע זיין וויצע־סאַנדעק און זאָל האַלטען אַ ספּיטש איבער דער פרייהייט פון דער גרויסער רעפּובליק און די וויכטיגקייט פון דער מצוה ברית מילה — וועט שוין דאָס מיסטער יאָסי בעזאָרגען... ער וועט ניט שלאָפען, וועט ניט עסען, וועט ניט רוהען, וועט ניט לאָזען צו רוה, וועט בעטען, חנפענען, צו זאָגען פּאָליטישע הרים וגבעות, ביז וואַנען ער וועט שוין מחיה זיין זיינע ברידער מיט אַ קאָראָנער, עקס־סענאַ־טאָר אָדער אַססעמבלימאַן... זאָל ער ניט זיין יאָסי קרעפּעלכאַפּער, אויב ער וועט ניט דאָס ניט אויספיהרען!....

די וואונדערבאַרע איינגענשאַפטען, די זעלטענע מעלות פון אונ־זער בעליעבטען גוטען פריינד מיסטער יאָסי קרעפּעלכאַפּער איז אונ־מעגליך איבערצוצעהלען און אויסצורעכענען, אַזוי ווי עס איז אונ־מעגליך איבערצוצעהלען וויפיעל האָאָר אַ יאַרקשירסקי חזיר האָט אויפ'ן רוקען, אָדער וויפיעל מצוות טוט אַן אמת'ר עהרליכער איד,

פון א טאַנצמייסטער, שוויים פון א בעדער, א קאָפּ פון אן אייזעל און געהירען פון אן אַמעריקאַנישען מיניסטער און האָט איהם בע־פוילען געה אין ניו יאָרק אויפ׳ן דאון טאון און ווער דאָרט א קהל׳ס מאַן, א פּאָליטיקער, א קריטיקער, א מבין, א טוער, א פיהרער...

און מיסטער יאָסי קרעפּעלכאַפּער איז געקומען און איז גע־וואָרען...



ער אז אַ מבין אויף אַן אָפּערא און אויף אַ חזן און זינגט אליין „עני רוני" און „טע־טע רע־ בומס טעראם!"

אליין איז ער אַ בראַווער דעמאָקראַט, האָט ערנסט פיינט די רעפּובליקאַנער און איז הערריסאָנען אַ דם שונא. עס איז נאָך ניט געווען און עס וועט ניט זיין אין ניו יאָרקער דאַון טאַון אַזאַ טרייער, אַזאַ פליסיגער, אַזאַ הייסער דעמאָקראַט ווי מיסטער יאָסי קרעפּעל־כאַפּער!... פאַר די עלעקשאָנס צורייסט ער זיך נעבעך אויף שטיק־לעך, ער שרייט ביז ער ווערט הייזעריג, ער לויפט אום ביז די פיס ווערען איהם געשוואָלען ווי קלעצער, ער שוויצט ביז ער ווערט צו־פרייעט. ער איז בערייט צו ליגען, שווערען זיך, אונטערקויפען אַלע אידישע צייטונגען, אָבקויפען ביי אַלע אידלעך זייערע וואוטס, דער־טרינקען אַלע סאָציאַליסטען אין איין לעפּעל וואַסער, געבען אַלע אַנאַרכיסטען באָמבעס אין די הענד און טריטען אַלע פּאָליסמענס כדי זיי זאָלען שרייען: חי וקים!...

איהר וועט מיך פרעגען, אָבער וואָס קומט ארויס ר' יאָסי קרעפּ־פּעלכאַפּער פון די אַלע געשעפטען? וואָס האָט ער דערפון, וואָס ער שמייכעלט, חנ'פּענט, טראָגט אויפ'ן הארצען פול מעדאַליען, מישט זיך אין אַלע לאָדזשען, שרייט פאַר די דעמאָקראַטען, שילט די סאָ־ציאַליסטען, טראַקטירט דעם קאָראָנער מיט'ן עקס־סענאַטאָר, קרי־טיקירט דעם אידישען טעאַטער און לויבט דעם רב הכולל? וואָס פּערדיענט ער דאַביי, וואָס ער שוויצט, קריצט, שמעקט, שרייט, לויפט און טרינקט, זינגט אַמעריקאַנישע פּאַטריאָטישע לידער — איז ער רייך? ניין! ער האָט מכות מיט קדחת... לעקט ער אַ ביינ־דעל ביי די דעמאָקראַטען? — ניין! זיי גיבען איהם לעקען אַ פייג! האָט ער חאָטש כבוד? שטילערהייד לאַכט יעדער פון איהם און האַלט איהם פאַר אַ יאָלד... היינט צו וואָס דאַרף ער דאָס? — צו וואָס?? צו וואָס דאַרף די לבנה שיינען אַזוי העל אין אַ קלאָרע זומער נאַכט? צו וואָס דאַרף דער נאַכטיגאַל שעהן און זיס זינגען? צו וואָס דאַרף די געטליכע ראָזע אַזוי גוט שמעקען?...

ר' יאָסי קרעפּעלכאַפּער איז נעביך ניט שולדיג... די נאַטור אליין האָט געוואָלט, אַז ער זאָל נור זיין מיסטער קרעפּעלכאַפּער און ניט קיין אַנדערער... דאַרום, אַז זי האָט איהם בעשאַפען, האָט זי גענומען אַ נשמה פון אַ שקלאַף, אַ בויך פון אַ זולל וסובא, פיס

זיי נאַרען זיך אַליין אָפּ און מיינען, אַז די רעזולטאַטען פון דער „סאָ־סייטע וואָרם"־קריינק וועלען זיין די דאָזיגע: כבוד, פּאָפּולאַריטעט, אַ שעהנער נאָמען, פעטע פּראַקטיקע, אַ פּאָליטישער דזשאָב, אַ קהל׳־שער צימעס.. און נאָך פיעל אַזעלכע זאַכען.

אונזער מיסטער חיים יעקעל ציקאַוועס איז געווען אַ מעמבער פון די פאָלגענדע חברות, פעראיינען, לאָדזשען און סאָסייטעס, וועלכע ערקלערען אַם בעסטען וואָסערע פּרינציפּען און איבערצייגונ־גען ער האָט נעבעך געהאַט, איידער ער איז נעבעך משוגע געוואָרען און וויפיעל אַרבייט און מיה זייערע פערזאַמלונגען און מיטינגען האָ־בען פון איהם געפאָדערט, ואלו הן:

„פערבאַנד פון ציוויליזאַציאָן און פּראָגרעס".

„חברה לומדי משניות ועין יעקב".

„פעראיין פון בילדונג, פון וויסענשאַפט, פון קונסט, פון לי־טעראַטור".

„די מיסטעריעזע סאָסייטע פון קדחת, עין הרע אָבשפּרעכען און איבערהויפּט ספּיריטיזמוס".

„למכ׳ס בענעוואָלענט און פילאַנטראָפּיקאַל סאָסייטע"

„דהע בייסיקעל ענד פינאַקעל קלאָב נומער 9".

„די סימפאָנישע געזעלשאַפט פון מוזיק און האַרמאָני".

„עוג מלך הבשן׳ס לאָדזש נומער 44".

„סאָציאַליסטישער טורן פעראיין נומער 17"...

„חובבי ציון וירושלים".

„די פריינדע פון דער קלאַסישער דראַמאַ".

„דובנער תהלים זאָגער".

„פריידענקער אַטעאיסטען נומער 1".

„די שטיצע דער רעליגיאָן".

„די סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדאַ".

„בית יעקב לכו ונלכה"...

„מאָצאַרט׳ס און בעטהאָווענ׳ס מוזיקאַליש־כאָראַלישער פער־איין".

„באַקונין־פּראָלעטאַרי־פעדעראַציאָן".

„די סמאָרגאָנער אַנשי גמילות חסדים".

# פאַר וואס חיים יענקיל ציקאַוועס איז משוגע געוואָרען.

הלואי זאָל זיך דאָס ניט טרעפען — עס האָט זיך געטראָפען און עס איז גאַנץ מעגליך, אז עס וועט זיך נאָך טרעפען: מיסטער חיים יענקיל ציקאווועס איז משוגע געוואָרען. ער איז נעביך אראָפּ פון זי־נען. ער ליעגט א געבונדענער אין האָספּיטאַל, שרייט, ניט מיט זיין קול, קוקט ארום זיך, ווי א טויט דערשראָקענער, ציטערט פאר זיין אייגענער שיין און דערקענט ניט זיינע קרובים און פריינד, וועל־כע וויינען ארום איהם .. ער לעבט נאָך און איז אָבגעשטאָרבען פאר דער גאַנצער וועלט. ער איז משוגע געוואָרען... ווען איהר וועט ווי־סען, פאר וואָס חיים יענקיל ציקאווועס איז משוגע געוואָרען, וועט איהר מוזען צוגבען, אז מיסטער ציקאווועס איז ניט דער איינציגער קאנדידאט און אי"ה מיט גאָטס הילף, ניט איינער נאָך וועט חס חלילה, ענדיגען מיט אזא מיאוס'ן סוף.

חיים יענקיל ציקאווועס איז ניט קיין איירישער גוי און ניט קיין דייטשער ערל, ער איז א אידישער געוועהנליכער אינטעלעגענט פון אונזער איסט סייד. די חולאת, פון וועלכע מיסטער ציקאווועס איז אזוי מיאוס קראַנק געוואָרען, איז אזא מין וואָרעם, וועלכער זיצט אונטער'ן הארצען, לעבען מאָגען פון יעדער „איסט סיידער" און וועלכער איז בעקאַנט אין דער מעדיצין מיט דעם נאָמען „דהע סאָסייטע וואָרם"... אין רוסישען רופט זיך דאָס, די קהלשע „גליסטא". דיעזער סאָסיי־טע וואָרעם זויגט און צופּט און נודיעט, און צווינגט יעדען צו גרינ־דען נייע סאָסייעטעס, איינשליסען זיך אין די סאָסייעטעס, וועלכע עקזיסטירען שוין און דענקען פון סאָסייטעס און פעראיינען, וועלכע קענען נאָך געגרינדעט ווערען. די חולאת בעשטעהט אין דעם, וואָס

# אַ טשאַריטי קנעפּעל.

(אַ היסטאָרישע ערצעהלונג ווי אַזוי אַ געשיקטער שנאָרער און אַן אייזערנער דלפון ווערט גיך און גוט אַ גאַנצער טשאַ־ריטע קנעפּעל און קריגט ממתקים).

.1

זיין נאָמען איז פיליפּ זאָוער. ער איז ניט קיין פערשפּיצטער חכם; דאָך דאַרף מען איהם קיין פינגער אין מויל ניט לייגען. ער איז ניט שרעקליך געבילדעט; דאָך לעזט ער נור דעם דייטשען „מאָרגען זשורנאַל" און „שפּריכעוועט" דייטש; נור דייטש, כאָטש ניט איהם אַ קריינק! ער גלויבט אין גאָט און דאָך פון זיין גאַנצע באָרד לאָזט ער זיך איבער נור צוויי שמאָלינקע פּאַסען; דאָס איבריגע ראַזירט ער אוים ביז'ן דעק. ער איז פרום ווי אַ צאַפּ און דאָך דאַ־וועגט ער אין אַ רעפאָרמירטע שוהל; ער עסט ניט קיין חמץ אום פּסח, בשום אופן, און דאָך איז ער אַן אויפגעקלערטער. ער איז ניט לאַנג אין ניו יאָרק, און דאָך האָסט ער יעדען גרינהאָרן. ער קען נאָך ניט אין ענגליש אַ קאַץ אַן עק פערבונדען און האָט שוין שעהנע עט־ליכע טויזענד דאָלאַר. ער לייגט ניט אריין קיין פינגער אין קאַלטע וואַסער, און דאָך פערדיענט ער געלד אויפ'ן פּוד; ער אַרבייט ניט און איז געזונד ווי אַ מויער. קיינער ווייס ניט ווער ער איז, וואָס ער איז, פון וואַנען ער איז — און דאָך איז ער שוין בעקאַנט מיט דער גאַנצער „טשאַריטעבעלנע" אַריסטאָקראַטיע „שייקט הענדס" מיט מיסטער סאָלאָמאָן און קיצעלט אונטערן אָרעם מיסטער רייכאָוו... וואָס־זשע מיינט איהר — ער איז אפשר אַ מכשף, אָדער אַ בעל שם,

„די ברידערליכקייט פון רוסישע רעוואָלוציאָנערען"....
„די גאַליציאַנער תלמוד תורה"...
און נאָך אנדערע 77 לאָדזשען, סאָסייטעס און פעראיינען, וועלכע מיר וועלען ניט אָנרופען מיט'ן נאָמען, ווייל מיר האָבען ניט קיין פּלאַץ...

יעדען אבענד איז מיסטער חיים יענקעל ציקאַוועס געווען פערנומען אויף די מיטינגען און פערזאַמלונגען. אזוי ווי א צומישטער איז ער אומגעלאָפען פון איין האָל אין דעם צווייטען. אומעדום האָט ער געוואָלט נעהמען אנטהייל אין די דעבאַטען, אומעדום זיך בעווייזען און פון זיך לאָזען הערען. כמעט זיין גאַנצען לעבען האָט ער אומגעוואַנדערט אין א פערצויבערטען קרייז פון אמענדמענטס; פון פּאָינט אָף אָרדערס און פּוינט אָף אינפאָרמיישאָן... ביסלעכווייז איז די ווירקליכע וועלט פערשוואונדען געוואָרען פון זיינע אויגען. אין מיט'ן טאָג אין קאַר אויפ'ן גאַס האָט ער אָפּט אָנגעהויבען זעהן אנשטאַט מענשען פּוינט אָף אָרדערס, וועלכע געהען אום און רעדען און קלאַפּען מיט די ציין און געהען געקליידעט ווי אמת'ע מענשען....

איצט איז חיים יענקעל ציקאַוועס אין האָספּיטאַל. יעדען אויגענבליק גיט ער זיך א וואָרף ווי א פערווירטער און שרייט: „זעהט, זעהט! דער פּוינט אָף אינפאָרמיישאָן, א לאַנגער פראַגעצייכען 13 פוס לאַנג, א מאָדערנער דזשענטעלמען, וועלכער רוקט זיך צום פּרעזידענט'ס טשער! און אָט קומט דער פּוינט אָף אָרדער, א דיקער נידריגער רוצח, וועלכער דריקט מיר מיין מוח... און די אמענדמענטס, אזוי ווי קליינע רוח'לעך שפּרינגען אין די אויגען... אוועק פון מיר! פּוינט אָף אָרדער! טשעפּע זיך אָפּ פון מיר, דו צרה'דיגער פּוינט אָף אינפאָרמיישאָן! לאָזט מיך! געוואַלד! קאַראַול! א מענדמענטס — שמע ישראל...

אוי, ווער איז מיר ציקאַוועס איז משוגע געוואָרען...

———(—0—)———

אָפּאָטהעקע... געפּוצט די שטיוועל און גערייניגט דעם פלאָר...
ער אליין אָבער דערציילט, אַז זיין זיידע איז געווען אַ ראַבינער, זיין פאָטער אַ באַנקיר, און ער אליין אַן אַפּאָטהייקער... מיט אַזאַ יחוס איז שוין ניט שווער אין ניו יאָרק צו מאַכען אַ לעבען.

קוים האָט ער נור דערזעהען פון שיף די אויסגעשטרעקטע האַנד פון דער „סטעטשו אָף ליבערטי" איז ער שוין אריינגעקומען אין זיין שווארצען קאָסטיום, האָט בעקרוינט דעם קאָפּ מיט'ן סטאָוו פּייפּ און בעזאָטעלט דעם נאָז מיט אַ פּאָר „פּינצנע", וועלכע ער האָט געקויפט אין דייטשלאַנד פאַר 5 פעניג. ער האָט זיך געשטעלט בע־זונדער און האָט געקוקט אויף די רוסישע אידען מיט אַזאַ צאָרן און גאוה, מיט וועלכע אַ האָן קוקט אין בני אדם אריין... דערמיט האָט ער באַלד פערדיענט כבוד און רעספּעקט... מיט רעספּעקט האָט מען איהם דורכגעלאָזט דורך די גראַטעס פון „קאַסטער גאַרדען", מיט רעספּעקט האָט דער עקספּרעסמאַן גענומען זיין קליינינקען טשע־מאָדאַנטשיקעל, מיט רעספּעקט האָט אויפגענומען דער קאָמיסיאָנער פון אַן עמיגראַנטען הויז...

הערר פיליפּ זאָוער האָט זיך אויסגעצוואָגען, האָט צוגעגלעט זיין פּליעך (איהר דאַרפט וויסען, אַז אַ פּליעך איז אויך אַ סימן גדלות), האָט פערדרעהט די וואָנסיעס, האָט אויסגעפּוצט די שטיוועל, אויס־געווישט די גלזעלעך פון די פּיענצנע, אַרומגעלעקט מיט'ן צונג דעם צילינדער, כדי ער זאָל זיין גלאַטער, און איז באַלד אַוועק אויף דער אַכטע סטריט... דאָ זיינען די רוסישע געשטאַנען אויפ'ן רעגען אין דרויסען, דער פּאָליסמאַן האָט זיי געשטורכעט, דער דזשעניטאָר האָט זיי געגעבען פּעטש, די מענעדזשערס האָבען זיך געקרימט און געשפּיגען, די סופּעראינטענדענטען האָבען אויף זיי געטאַפּעט מיט די פיס און געשריען. הערר פיליפּ זאָוער אָבער איז באַלד אריין אין קדשי קדשים אריין. דער צילינדער האָט איהם אויפגעהויבען ביז דעם סופּעראינטענדענטס נאָז, די דייטשע „שפּראַכע" האָט איהם גע־מאַכט פאַר אַ גאַנצען „יאַ טעבע דאַם"... אַזוי ווי אַרבעס פון אַר־בעל האָבען זיך באַלד אָנגעהויבען שיטען: ביטע! נעהמען זי פּלאַץ!...
אָ! עס פרייט מיך זעהר!... מיין הערר! מיט פערגנניגען!... וואס מעגליך!... ווי שמעקט איהנען מיינע סיגאַרע?... דאַרף איך איך דערצעהלען, אַז דעם הערר פּיליפּ זאָוער האָט די סיגאַרע גע־

אָדער א מומחה, אָדער א בעל מופת? חס וחלילה! ער איז א געוועהנ־ליכער בשר ודם; ער עסט און טרינקט ווי אלע מענשען און אז ער שלאָפט שבת נאָכ'ן קוגעל, פייפט ביי איהם אין נאָז־לעכעל גלייך ווי ביי יעדער אידען. נור וואָס־זשע דען? אָט דאָס וויל איך דאָך אייך טאקע דערציילען.

.2

איהר ווייסט פאר וואָס ער מאכט חוזק פון די רוסישע אידען און קוקט אויף זיי ווי אן אלטער קאָטער אויף קליינע בלינדע קעצע־לעך? ערשטענס דערפאר, ווייל ער איז א גאליציאנער איד און קען ניט גאָטס פערדאמטע רוסישע שרעקליכע, בארבארישע, קאצאפישע שוויין־שפראכע! א קלייניקייט, ער שפריכט נור ריין קוגעל דייטש גלייך מיט אלע אידישע שוואבען און קאָלבאס־פאבריקאנטען. צוויי־טענס, ווייל ער גאָלט און שערט די רוסישע אידלעך אָהן א ראזיר מעסער און אָהן א שעהר, נור מיט פילאנטראָפּי, נור מיט טשאריטיעס.. ווארום ווען נאָך איז אזוי לייכט צו נאררען און פיהרען ביי דער נאָז, ווי דעם רוסישען אידעלע?...

ער איז געקומען קיין ניו יאָרק אין איינעם מיט די רוסישע איד־לעך. אין איינעם מיט זיי האָט ער געגעסען מכות מיט הערינג אויפ'ן שיף און האָט געקראָגען סטיסאקעס פון די מאטראָזען. דער חלוק איז נור דאָס, וואָס דער רוסישער איד גאָלט אָב זיין באָרד שוין אין אמע־ריקא, און ער האָט זיך „מגלח" געווען נאָך אין האמבורג, און אין לי־ווערפול איז ער שוין געוואָרען פון שמריה זויערטייג — הער פיליפ זאָוער... נור ניט אין דעם אליין איז געווען זיין קראפט. נאָך אין בערלין, וואו ער האָט געשנאָרעט און איז געקראָכען גאנצע חדשים־וייז, האָט איהם איינער פון די „אנשי קאָמיטע" געשיינקט א ביסעל א צוגעטראָגענעם שווארצען קאָסטיום און א צילינדער הוט... אָט דאָ ליעגט דער הונד בעגראָבען! די דייטשעשע „שפראכע", דער שווארצער אנצוג און דער אונגעהייער גרויסער צילינדער הוט האָבען איהם געמאכט פאר א לייט... וואָס ער איז געווען אין זיין הייליגען פאָטערלאנד— ווייס איך ניט. איינינע זאָגען, ער איז געווען א משרת אין א אידישער אכסניא, אנדערע זאָגען — ער איז געווען א קעל־נער אין א דייטשישע ביער־האלע, דריטע זאָגען אז ער האָט אין אן

אין אַ קורצע צייט אַרום האָט איהם דער גרעסטער סופּעראינ־טענדענט געזאָגט: הערר זאור, איך בין צופריעדען!... זי זינד איין פּעהיגער און זעהר אַ נוצליכער מאַן פיר אונז און פיר אונזערע אונ־גליקליכע רוסישע ברידער... פון הייטע ווערדעט איהר 75 דאָ־לאַר פּער וויק בעקאָמען; אבער, ענטשולדיגען זי, איהר ווערדעט מוסען נאָך מעהר, נאָך מעהר ארבייטען... זעהען זי, פּיעלע אָרימע, וועלכע האבען שוין היער איין וואָהנונג ביטען אום הילפע... איי־ניגע זאָגען זי זינד קראַנק, צווייטע זאָגען זי האבען מאַנגעל אין געלד... זי ווערדען איינע געוויסע סומע געלד האבען אונד יעדען בעזוכען אונד נאָך איהרע מיינונג בעפרידיגען... — מיסטער פיליפּ זאור איז אַ פּעהיגער יונג —— די געוויסע סומע האָט ער גענומען, די קראַנקע אונד די אָרימע בעזוכט... און ווייטער... ווייטער פערשטעהט איהר שוין אליין... מיסטער זאור איז דאָך ניט קיין דוסישער יאָלד — ער פערשטעהט דאָך, דאָס ביזנעס איז ביזנעס... ער האָט אימפּאָרטירט אויס גאַליציען זיינע צוויי ברידער, צוויי גליעדס־שוועסטערקינדער, צוויי פעטערס, צוויי מוהמעס, אַ שטיף־פאָטער..' און אַלע זיינע זיי געוואָרען אויפזעהער, אויפקוקער, משגיחים, אָפּפיסערס פון דער אבטער סטריטיגער טשאריטע...

אין אַ קורצע צייט אַרום איז שוין מיסטער זאור אליין געקומען צום גרויסען סופּעראינטענדענט און האָט אָפען געזאָגט: איך פער־שטעה יעצט גאַנץ גוט מיט וואָס מע עסט אייער טשאַריטע!... איהר זייט אַ ביזנעס מען, איך בין אַ ביזנעס מען... נאָך וואָס זאָל אָנקומען דער ריוח וויים ווער? ... הערט! איך וועל רעגטען אַ גרויסען הויז... רענט וועט איהר צאָהלען... איך וועל קויפען מאַטראַצען און בעטען — געלד וועט איהר צאָהלען.. איך וועל זיי געבען עסען קריינק — און געלד וועט איהר צאָהלען... איך מיט מיינע קרובים וועלען פערנעהמען אַלע פּאַרלאָר רומס און די עמיגראַנ־טען וועלען ליגען אין בייסמענט — און געלד וועט איהר צאָהלען, — איך וועל אכטונג געבען אז די וואָס האָבען טיפוס זאָלען גוט קרענקען און געלד וועט איהר צאָהלען, און אחוץ דעם וועל איך אייך צושטעלען בילס און געלט וועט איהר צאָהלען...

הערר פיליפּ זאור האָט געדענטעט — און האָט גענומען דאָללאַרס האָט געקויפט מכות און האָט גענומען דאָלאַרס, האָט געגעבען עסען

שמעקט גוט און אז ער האָט גענומען פּלאַץ מיט פערגניגען... און, אַז „וואָס מעגליך" האָט איהם געפרייט?...

.3

די אַכטע סטריט האָט גענומען אונזער הערר פיליפּ זאוער און האָט איהם געמאַכט פאַר א „טשאַריטע קנעפּעל"... ויאמרו — האָבען געזאָגט די בעלי טובות פון דער אַכטע סטריט צו איהם: זי זינד איין פאָלקאָם אַנשטענדיגער מענש.... זי וויסען ווי די אבשיילינע רוסישע אידען ערנידריגען אונז... דאַרום מוז אייער פּפליכט זיין אַלע עמיגראַנטען ערקלעהרען, זיי זאָלען פון ניו יאָרק פאָרט פאָהרען!... דאַפיר קריגט איהר 30 דאָלאַר א וואָך... עס איז וועהניג... אָבער זי וויסען אונזער געלד איז טשאַריטע געלד... און מיר האבען קיינע רעכט פיעל צו פערשפּענדען... מיט דער צייט!... —

— וואָס קען מען מאַכען! צו הויז העטע איך מיר ניט ערלויבט צו האַנדלען מיט זאָלכע נידעריגע געשעפּפע... אָבער היער... איך בין צופריעדען....

און הערר זאוער האָט גענומען 30 דאָלאַר און א חוץ דעם 5 דאָלאַר אויף „קאַר פער" און האָט געטנה'ט מיט די עמיגראַנטען זיי זאָלען פאָרען נאָך וועסט, נאָך איסט, נאָך סאוטה... ער איז שטענדיג געגאַנגען אין זיין צילינדער — האָבען איהם די „בעלי טשאַריטעס" גערעכענט פיר דעם עהרליכסטען מענשען... אין א קורצע צייט אַרום האָט איהם דער גרעסטער סופּעראינטענדענט געזאָגט: מיסטער זאוער! זי זינד זעהר א פעהיגער אונד זעהר א נוצליכער מענש פיר אונז... איהר קריגט פאָן הייטע 50 דאָלאַר פּער וואָך, נור, פערצייהען זי איהרע פפליכטע ווערדען אויך גרעסער זיין... איהר ווירד מוסען אין איהרע טאַשע איין פּאַאַר הונדערט דאָלאַר פון אונזער טשאַריטע געלד האַבען אונד יעדען עמיגראַנט איין קליינע סומאַ ביז פינף דאָלאַר געבען... נור, זאָלען זיי זיך פאָרט פּאַקען!... הערר זאור איז געוועזן זעהר א פעהיגער יונג — די עמיגראַנטען האָבען זיך פאָרט געפּאַקט — לכל הפחות אַזוי האָט ער געזאָגט — און די טשאַריטע געלד פלעגט פערשוואונדען ווערען, ווי שנעע ווערט פערשוואונדען, אַז די זונן הויבט אָן באַקען...

# די אָבלאַווע

(אוים דעם אידישען לעבען אין רוסלאַנד.)

עס איז געווען א שעהנע און פיינע נאַכט, איינע פון די נעכט, וועלכע זיינען גוט בעקאַנט יעדען, ווער עס האט נור אמאָל געלעבט אין זיד־רוסלאַנד. די גאַנצע שטאָדט קיעוו האט שוין געשלאָפען מיט א טיעפען און רוהיגען שלאָף. די הייזער זיינען געווען בעדעקט מיט א דונקעלען שאָטען־מאַנטעל פון אַלטע און שעהנע בוימער, און נור דער קלאָרער טייך, דער גרויסער דניעפּער, איז געווען פּרעכטיג איליומינירט פון דער לבנה מיט די שעהנע לייכטענדע שטערען. שטיל האבען געפּליסטערט די וועלען פון טייך, לאַנגזאַם האבען גע־שוואומען אין רקיע השמים די לבנה מיט איהרע בליצענדע קינדער־לעך — אַלעס אין דער נאַטור איז געווען רוהיג און שטיל.

און ווער וואָלט געגלויבט, אז אין די זעלבע מינוטען זיינען דאָ מענשען וואס האבען ניט קיין רוה, קיין פריעדען? יא! אַלע רוהען יעצט נאָך זייער ארבייט און מיה, נור פיעלע אידעלעך אויפ'ן פּאָדאָל, אין דער אידישער גהעטאָ, שלאָפען נאָך ניט און האבען קיין רוה. אלעס איז יעצט, אין די שפּעטע שטונדען פון דער נאַכט, פערגעסען; אַלעס שלאָפט, נור די שנאה צום אידען שלאָפט ניט; נור דאַס, אז מען קען דעם אידען דריקען און פּייניגען צו יעדע צייט און אין יעדער שעה — דאס פערגעסט מען ניט!

טס! וועמעס איילענדע טריט הערען זיך יעצט אין אזא שפּע־טער צייט? וועמעס קופּערנע קנעפּלעך זיינען בעלויכטען מיט די בלאַסע שטראַהלען פון דער לבנה? וועמעס שווערדען קלאַפּען אָן די שטיינער פון די גאַסען? אידעלע שאַ! דער פּאַטרול קומט... ווער פערשוואונדען! בעהאַלט זיך! גרייט אָן די לעצטע גראָשען צו געבען באַקשיש (חאַבאַר), גרייט אָן דיינע בלאַסע באַקען צו ליי־

א קריינק און האָט גענומען דאָלארס, האָט די געזונטע קראנק געמאכט — און האט גענומען דאָלארס, האט די קראנקע אויף דעם חשבון פון דער אכטער סטריט עקספּאָרטירט אויף יענער וועלט און האט גענומען דאָלארס... צו לעצט האט ער געזאָגט, אז פון די קראַנקע האט ער זיך אַליין אָנגענומען טיפוס און פאר דער טובה האט מען איהם בעזונדער געגעבען א גאַנץ גראָבע פּויתיקע...

היינט טראָגט מיסטער פיליפּ שוין ניט יענעם ראָק וואס ער האט אויסגעשנאָרעט אין בערלין און ניט יענעם הוט און ניט יענע „פיענצנע"... ניין!... ער איז איינער פון די ערשטע פּראַנטען, טראָגט גילדערנע פּיענצנע, א שטעקען מיט א גילדערנע הענטעל, דיאמאַנטענע זאַפּינקעס, דיאמאַנטענע רינגען... און האט א שעהנע פּאָר טויזענד דאָלאַר אין באַנק...

שטעלט זיך פּאָר וואס פאר א גילדערנע זאַך טשאַריטי איז, אז אזאַ קליינער טשאַריטע קנעפּעל מאכט אַזעלכע גילדערנע געשעפטען... אוי! הלואי אויף אַלע גוטע אידען געזאָגט געוואָרען... אמן סלה!



פער און האבען אָנגענומען די אידישע לעהרע, אז עס איז נור דאָ איין מצוה: ואהבת לרעך כמוך — אין דיזער היילינער שטאָדט דארף א איד ניט נור ציטערען, נור אויך קריינקען פון יסורים און שאנדע, פון די גרויזאמקייט פון די ליעבענדע קריסטען און פון די גראָבקייט פון איהרע בעאמטע.

יא! מען דארף זאָגען דעם אמת: ר' משה לעווין האט קיין רעכט ניט צו וואָהנען אין קיעוו. ער איז קיין בעל־מלאכה און קיין רייכער קויפמאַן — ער איז אַן אָרעמאַן. נור וואס זאָל מען טאָן ווען אַן אָרעמאַן וויל אויך עסען און האט די העזה קינדער צו האבען, אַז אַן אָרעמאַן וויל אויך ניט, אַז זיינע קינדער זאָלען שטארבען פון הונגער און קעלט? אין די קליינע, פינסטערע און שמוציגע שטע־טעלע, וואו ר' משה לעווין האט פריהער געוואָהנט, האט ער ניט געהאט מיט וואס זיך מפרנס צו זיין, וואס האט ער געזאָלט טאָן? בעזעצען זיך אין א דארף טאָר ער ניט, איבערציהען זיך אין טיף רוסלאנד האט ער קיין רעכט, זיין א גזלן קען ער ניט. האט ער גע־טאָן וואס אַלע אנדערע אָרימע אידען זיינען געצוואונגען צו טאָן: געבען כאבאר און ציטערען, ארום־געהן דעם זאקאָן און זיין א קבצן, האָרעווען און ניט דענקען וואס מאָרגען וועט זיין...

— שש! האט פּלוצלונג א געשריי געטאָן ר' משה און איז געוואָרען ווייס ווי קאַלך, מען געהט! איך הער טריט! איך הער א גערויש!

ער האט גיך פערלאָשען דעם לאָמפּ און זיי זיינען ביידע געבלי־בען זיצען, ווי פערשטאָרבענע. אסתר'קע האט געהערט, ווי איהר ברודער האט א געשריי געטאָן: „מען געהט!" און דאס בלוט איז ביי איהר פערקיהלט געוואָרען. זי האט געוואָלט זיך אויפהויבען און זעצען זיך אויפ'ן בעט, נור די כוחות האבען איהר פערלאָזען, און זי איז געבליבען ליגען אין אָנמאכט. אין דער אייגענער מינוט האט אי־מיצער מיט גרויס כח א שלעפּ געטאָן דעם גלעקעל פון דער טהיר...

— אוי! מען קלינגט... האט ר' משה אויסגערופען מיט א יאָ־מער־קול און האט פערבראָכען מיט די הענד.

און דער גלעקעל האט ניט אויפגעהערט צו קלינגען... און א חוץ דעם האבען די פּאָליציסטען אָנגעהויבען שטארק צו פייפען מיט זייערע פייפלעך.

זען אייזערנע פּאַנישע פּעטש, גרייט אַן דיינע פּיס צו געהן „פּאַ־עטאפּו" צוזאמען מיט מערדער און פערברעכער, נור דערפאר ווייל דו ביסט א איד און ווילסט אויך לעבען און עסען... שאַ! די קור־פּערנע קנעפּלעך קומען צו נעהענטער און נעהענטער, זיי געהען רוהיג, נור עס הערט זיך ווי זיי קלאפּען אָפּ מיט די פּיס: ראַז דוואַ! ראַז דוואַ!

* * *

עס איז שוין האַלבע נאַכט, און אויף דעם פּאַדאָל ביי ר' משה לעווין אין שטוב ברענט נאָך די קעראָסין לאָמפּ. דאָ שלאָפט מען נאָך ניט; ווייטאָגען און יסורים טרייבען אוועק פון דאַנען דעם שלאָף... אין די צוויי איינגע און קליינע צימערלעך פון ר' משה'ס קוואַרטיר הערען זיך אָפּט שטילע רייד און טיעפע קרעכצען. געוויס איז אין דער שטוב ניט אַלץ בשלום. ביי'ם טיש וואו עס ברענט די קליינע קעראָסין לאָמפּ, זיצט ר' משה אַליין — ער איז בלאַס און דערשראָקען; אנקעגען איהם זיצט אַן אַלטער דיקער איד מיט אַ פערענדערטען געזיכט פון שמערץ און קומער. שטיל רעדען זיי צוויי־שען זיך. אָפט ווערען זיי פּלוצלונג אנשוויגען, ציהען אוים זייערע קעפּ און הערען זיך צו. ווען זיי דערהערען אין דרויסען א פּייף אדער א קלונג פון א גלעקעל, כאַפּען זיי זיך אויף פון זייערע ערטער און בלייבען שטעהן ווי פערשטיינערטע; דאַס בלוט ווערט זיי פערקיהלט, דאַס האַרץ הערט אויף צו קלאַפּען.

וואָס האבען די צוויי אידעלעך געטאָן, וואָס פאַר א פערברע־כען האבען זיי בעגאַנגען, וואָס זיי האבען אזוי מורא? האבען זיי ווע־מען עס איז גע'הרג'ט, אדער בע'גנב'עט, אדער איז ביי זיי דאָ אַ פאַבריק פון פאַלשע אסיגנאַציעס? ניין! דאָ זיצען שטילע, אָרענט־ליכע לייט; זייער גאַנצער פערברעכען בעשטעהט אין דעם, וואָס זיי זיינען אידען און, וואָס זיי האבען דאָס גליק און די עהרע צו זיין אונטער דעם „שוץ" פון דעם רוסישען געזעץ. א איד איז מחויב צו ציטערן אין רוסלאַנד. אין דער הייליגער שטאָדט קיעוו, וואו עס איז דאָ אזוי פיעל טעמפּלען צו לויבען דעם גאָט, וועלכער האט געזאָגט „ווער עס ליעבט ניט דעם נעכסטען, דער איז א בעטריגער," אין קיעוו וואו די רוסען האבען זיך געטויפט אין דעם וואַסער פון דניע־

ער האָט זיך געדונגען אויפ׳ן פּאָדאָל א קליינע און וואָלוועלע דירה׳לע און האָט אָנגעפּאַנגען פיעל צו האָרעווען, וועניג צו פערדיענען און צו געבען פיעל חאבאר די פּריסטאַווס, קוואַרטאַלנעס, גאָראָדאָווא־יעס און אַלע היישעריקען פון דער פּאָליציי, און צו האָבען דערביי זעהר וועניג רוה און זיכערהייט.

ר׳ משה לעווין, דער פיינער העברעער און תלמודיסט, דער משכיל און קלוגער מאַן, איז פּשוט געוואָרען א „זשיד מאָשקאָ", וועלכער האָט געדאַרפט נייגען דעם קאָפּ פאר יעדען שיכור׳ן פּריץ, אראָפּנעהמען די היטעל און בוקען זיך צו יעדען פּאָליצייסקען און געבען שוחד יעדען, ווער עס וועט אויף איהם שרייען — און ווער האָט ניט דאָס רעכט צו שרייען אויף דעם זשיד מאָשקאָ? נור, ווי זאָגט מען, דער מענש איז שטאַרקער פון אייזען — דאָס איז וואהר; דער איד אָבער איז נאָך פיעל שטאַרקער ווי גלאַט א מענש. דאָס וואָס א איד קען איבערטראָגען, קען ניט איבערטראָגען קיין מענש אין דער וועלט; מיט וואָס א איד קען זיין צופריעדען, קען זיך ניט בעגני־גענען קיין בעשעפּינס אין דער גאַנצער נאַטור.

ר׳ משה לעווין איז געוואָהנט געוואָרען מיט זיין לאַגע און איז געוועזן צופריעדען די פּאָליציי האָט גענומען ביי איהם מאָנאַטליכע געהאַלט און ער האָט זיך אליין גערעכענט פיר איינעם פון די גליק־ליכסטע. אזוי זיינען פערביייגעגאַנגען עטליכע יאָהר.

נור זייט צוויי טאָג האָט ר׳ משה ווידער אָנגעהויבען צו ציטע־רען די לעצטע צוויי נעכט שלאָפט ער ניט, ער זיצט און וואכט פון מינוט צו מינוט. זיין הארץ פיהלט און זאָגט איהם, אז עס דארף ביי איהם עטוואָס שרעקליכעס געשעהען. די אורזאכע פון זיין שרעק איז וואָס פאָר־געסטערען איז צו איהם געקומען פון פּוילען זיין אלטער פאָטער מיט א שוועסטער, א מיידעל פון א יאָהר 17. ניט צו גאסט זיינען זיי געקומען און ניט צו בעזעצען זיך אין די הייליגע שטאָדט קיעוו — אהער האָט זיי געבראַכט א נייער אונגליק: ר׳ משה׳ס שוועסטער, די שעהנע און פיינע אסתר׳קע, איז פּלוצלונג געוואָרען געפעהרליך קראַנק אויף די אויגען. זי האָט געהאַט א פּאָאָר שעהנע, לייכטענדע, שווארצע אויגען און האָט פּלוצלונג אויפגעהערט צו זעהן. דער אַלטער פאָטער האָט געמוזט ברענגען זיין אונגליקליכעס און געליעבטעס קינד צו א בעריהמטען פּראָפעסאָר. ער האָט גע־

אוי, וועה איז מיר געשעהען! — האָט אויסגעקרעכצט דער אַלטער פּאָטער מיט אַ ציטערענדע שטימע. אַלע קינדער האָבען זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף זעהר דערשראָקען.

— מיר האָבען מורא! האָבען אָנגעפאַנגען צו וויינען די קלענע־רע קינדער, וואו איז דער לאָמפּ? מיר ווילען ניט בלייבען אין דער פינסטער!

— עי זשיד! מאַך אויף די טהיר! האָט אַ געשריי געטאָן פון דרויסען דער עלטסטער מיט כעס.

— וועה איז מיר, וואָס זאָל איך מיט אייך טאָן? האָט געיאָ־מערט ר׳ משה ארומלויפענדיג פון איין צימער אין אַנדערען ווי אַ צודולטער.

מיר זיינען פערלאָרען! האָט געזאָגט מיט אַ געוויין ר׳ משה׳ס פרוי.

— ווייסט דו וואָס? האָט זיך פּלוצלונג אָפּגערופען דער אלטער לעווין, בעהאַלט מיך אין דעם קליידער שקאַף.

— אָ טאַקי, דו ביזט גערעכט! האָט געענטפערט מיט פרייד ר׳ משה, נו, און וואָס טהוט מען מיט אסתר׳קען? וואו קען מען איהר בעהאַלטען?

— אסתר׳קען, האָט זיך אָבגערופען ר׳ משה׳ס פרוי, וועלען מיר בעהאַלטען אין בעט אונטער די קישענס.

— עי זשיד! האָט ווידער אויסגעשריען אַ קול פון דרויסען, לאַנג וועל איך נאָך דארפען ווארטען אויף דיר?

— באַלד! באַלד! האָט געענטפערט ר׳ משה. מאַכט עס גע־שווינד קינדער! לעגט זיך אויף אייערע ערטער און בלייבט שטיל. ווער עס וועט זיך ריהרען פון אָרט, וועל איך דער׳הרג׳נען.

אין איין מינוט איז אין שטוב ווידער געוואָרען שטיל. דער לאָמפּ האָט געברענט אויפ׳ן טיש. דער אַלטער לעווין און די קראַנקע אסתר׳קע זיינען פערשוואונדען געוואָרען. די דערשראָקענע קינדער האָבען זיך איבער גערעקט איבער׳ן קאָפּ און האָבען אפילו מורא גע־האַט צו אטהעמען. ר׳ משה איז אוועק געגאַנגען אויפמאַכען די טהיר.

* * *

**ר׳ משה לעווין** איז געקומען מיט זיין פאמיליע קיין קיעוו.

איהר גלייך שווער, נור זי קרעכצט שטיל, שטיל, דער פאָטער און דער ברודער זאָלען ניט הערען.

ביידע צימערען ביי רב משה'ן אין הויז זיינען פול מיט פּאָ־ליציסטען. איינינע שטעהען ביי'ם טהיר בעוואָפענט פון קאָפּ ביז די פיס; איינינע זוכען אונטער'ן טיש, די אנדערע קריכען אונטער'ן בעט, אויף וועלכע עס ליגט ר' משה'ס ווייב מיט איהר קליין קינד.

— וואָס איז דאָ ביי דיר אויף דער ערד? האָט געפרעגט דער עלטסטער און האָט א שטארקען שטויס געטאָן די קינדער מיט'ן פוס.

— דאָס זיינען מיינע קינדער.

— דעק זיי אויף! אפשר ליגט דאָרט בעהאַלטען נאָך א זשיד.

— די קינדער האָבען זיך נאָך מעהר דערשראָקען און האָבען אָנגעהויבען צו וויינען ניט מיט זייער קול.

— שאַ! האָט אויף זיי א געשריי געטאָן דער עלטסטער, אויב איהר וועט ניט אויפהערען, וועל איך אייך הייסען אריינוואַרפען אין טייך.

די דערשראָקענע קינדער האָבען זיך א וואָרף געטאָן צו זייער מוטער מיט א שרעקליכען געשריי: „מאַמע! מאַמע!"

דאן איז צוגעגאַנגען צום בעט דער עלטסטער און האָט אָהן א שום בושה אראָפּגעשלעפּט פון ר' משה'ס ווייב די קאָלדרע...

— וואו איז דיין פּאַס? האָט געפרעגט מיט כעס דער עלס־טער.

ער האָט שוין פיעל מאָל געזעהן ר' משה'ס פּאַס און האָט שוין ניט איין מאָל גענומען ביי ר' משה'ן חאַבאַר; נור ער האָט סתם געוואָלט פייניגען דעם „זשיד". ר' משה האָט איהם דערלאַנגט זיין פּאַס און אליין האָט ער זיך אנידער געשטעלט פון דער ווייטען און האָט אראָפּגענומען די היטעל פון קאָפּ מיט א בעטענדיגען בליק.

— א! דו האָסט אויך ניט קיין רעכט צו וואָהנען אין קיעוו, מאָרגען זאָלסט דו קומען צו מיר אין קאַנצעלאַריע, אויב דו ווילסט ניט איך זאָל דיך ארויסשיקען..

ר' משה האָט פערשטאַנען וואָס דאָס מיינט און האָט א נייג גע־טאָן מיט'ן קאָפּ.

קוים זיינען די שפּעטע געסט ארויסגעגאַנגען און ר' משה האָט

האָפט און פיעלע דאָקטוירים האָבען איהם פערזיכערט, אַז מען קען זי נאָך אויסקוּרירען. יאָ, דער פּראָפעסאָר האָט שוין נעכטען אויך געזאָגט, אויב אסתר׳קע וועט פערבלייבען אין קיעוו אויף צוויי וואָכען, וועט זי זיין ווידער געזונד.

אָבער וואָס וועט זאָגען די פּאָליציי? די לעצטע צייט איז אויפ׳ן פּאָדאָל יעדע נאכט אַבלאַוועס — מען רינגעלט ארום מיט זעלנער און פּאָליציסטען יעדע הויז, וואו עס וואָהנען אידען, מען זוכט אין יעדע ווינקעלע, מען כאַפּט דעם אידען ווי אַ שעפּס און מען פיהרט איהם אין געפענגניס, ווי צום שלאַכט. מיט וואָס איז ר׳ משה בעסער ווי אַנדערע אידען?

*  *  *

דער זייגער שלאָגט איינס, ווייט ערגעץ האָט דער האָהן, דער שומר פון דער נאַכט, אויסגעשריען הויך, אַז עס איז שוין פערביי געגאַנגען די צווייטע אשמורה, און עס איז ווייטער געוואָרען שטיל. ר׳ משה לעווין זיצט אַלץ ביי׳ם טיש פערזאָרגט און פערטראַכט: זיין אַלטער פאָטער האַלט אָפען דעם תהלים און לייענט זיינע אויגען זיינען פול מיט טרערען, ער זיפצט און זאָגט „אלי אלי למה עזבתני רחוק מישועתי דברי שאגתי”... „אלהי, אקרא יומם ולא תענה ולילה ולא דומיה לי”...

אין צימער, וואו ר׳ משה מיט זיין פאָטער זיצען, שלאָפען אויף דער ערד, צוגעדעקט מיט אַלטע קליידער, פיער קליינע קינדער; אין אַנדערען דונקעלען צימער שלאָפט ר׳ משה׳ס ווייב מיט דער קראַנקער אסתר׳קע. די קינדער זיינען גליקליך, זיי ווייסען ניט וואָס הייסט רעכט, וואָס הייסט אונרעכט, און שלאָפען רוהיג... זיי ווייסען ניט, אַז עס זיינען דאָ קינדער, וואָס שלאָפען אין גראַמע, ליכטיגע צימערס, וואָהין קיין פרעמדער מענש האָט ניט דאָס רעכט אריינצוגעהן, אין שעהנע בעטעלעך און וואַרעם צוגעדעקט. די אָרימע קינדער קענען אַלץ איבערטראָגען, און זיי שלאָפען געשמאַק. זייער מוטער איז מיעד און שלאָפט מיט אַן אונרוהיגען שלאָף. ווי אַ קינד גיט אַ געשריי פון שלאָף — הויבט זי זיך שוין אָן צו קערען און זאָגט פון שלאָף: „גאָט איז מיט דיר, מיין קינד!” אסתר׳קע שלאָפט ניט זי ליגט מיט אָפענע אויגען און זעהט גאָר ניט. די גאַנצע וועלט איז פאַר

און זיין הארץ האָט איהם באַלד אויסגעזאָגט דעם גאַנצען אמת: ער האָט דערפיהלט אז אַלעס איז שוין פערלאָרען...

— מיין קינד! האָט ער אָנגעהויבען צו קלאָגען און וויינען. ערוועק זיך און דערבאַרם זיך אויף דיין אַלטען פאָטער! אסתר! גיב איין בליק אויף דיין אַלטען פאָטער! אסתר גיב איין בליק אויף דיין אַלטען אונגליקליכען טאַטען, וועה איז מיר, ווי אַזוי וועל איך קומען אהר זאָגען און מיט וואָס טרייסטען? מיין קינד! מען האָט דיר גוט אויסגעקורירט אין דעם בעריהמטען קיעוו!...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אסתר׳קע האָט זיך ניט אויפגעכאַפּט פון דעם געיאָמער, איהרע שווארצע שעהנע אויגען האָבען זיך שוין קיין מאָל ניט געעפענט; זי איז אנשלאָפען געוואָרען אויף אייביג.

אָ, אָרימער אַלטער פאָטער! אָ, אָרעמער אונגליקליכער איד... ער קלאָגט און יאָמערט דער אָרעמער איד אויפ׳ן פּאָדאָל, און די לבנה מיט די שטערען האָבען זיך אַזוי ווי אָבגעשטעלט אין מיטען הימעל, און די קלאָרע וועלען פון דעם דניעפּער זיינען געבליבען שטיל שש! די ריינע אונשולדיגע אסתר׳קע שלאָפט מיט אַן אייביגען שלאָף...



ווידער פערשפּאַרט די טהיר, איז אַרויס געקראָכען פון שאַפע דער אַלטער לעווין, ער איז געווען גאַנץ נאַס — אַזוי פיעל שוויים האָט זיך פון איהם געגאָסען, זיינע הענד און פיס האָבען געציטערט — ער האָט ניט געקענט שטעהן. דאָך איז ער געווען גאַנץ פריילעך און האָט אַ געשריי געטאָן: „דאַנקען גאָט! איבערגעקומען!"...

— איבערגעקומען! דאַנקען גאָט! האָט געענטפערט ר׳ משה אפשר וועט שוין יעצט אסתר׳קע קענען פערבלייבען ביי מיר אויף צוויי וואָכען. אסתר׳קע, קריך אַרויס!

ר׳ משה׳ס פרוי איז אַראָפּגעשפּרונגען פון בעט און האָט אָנגעהויבען אַראָפּ צו נעהמען די בעטגעוואַנט.

— אסתר׳קע, האָט זי געזאָגט, וואָס שווייגסט דו? יעצט מעגסט דו שוין רעדען. אונזערע מערדער זיינען שוין אַוועקגעגאַנגען.

אָבער אסתר׳קע האָט ניט געענטפערט קיין וואָרט און האָט זיך ניט קיין ריהר געטאָן.

— אסתר׳קע, וואָס איז דיר? האָט געפרעגט ר׳ משה׳ס ווייב אביסעל שוין דערשראָקען, וואָס שווייגסט דו?

קיין ענטפער...

— וועה איז מיר! האָט זי אַ געשריי געטאָן און האָט אַ כאַפּ געטאָן דאָס אונגליקליכע מיידעל פאַר אַ האַנד.

די הענד זיינען נאָך געווען גאַנץ וואַרעם.

דער אַלטער פאָטער און ר׳ משה זיינען דאַן אַריינגעלאָפען אין צימער און האָבען ביידע געפרעגט מיט אמאָל, — וואָס איז דאָ?

— אוי, זעהט, וואָס איז דאָס געשעהען מיט אסתר׳קען! האָט די פרוי געיאָמערט

— אסתר׳קע, וואָס איז דיר? האָט אויסגערופען דער אַלטער פאָטער. שרעק אונז ניט, מיין קינד! עס איז שוין גענוג שרעק און יסורים. אסתר! אסתר!

אסתר׳קע איז געלעגען שטיל ווי אַן אונטערגעהאַקטער בוים. איהרע פיס און הענד זיינען געווען אויסגעצויגען. די אויגען פערמאַכט.

— מיין קינד! האָט ער אָנגעהויבען צו קלאָגען און וויינען. וועה איז מיר! מינטערט איהר אָפּ! ראַטעוועט איהר!...

דער אַלטער לעווין האָט אַ קוק געטאָן זיין טאָכטער אין געזיכט,

שטאַנען, וואָס וויל פון איהם די שווערע סדרה „ואלה המשפטים", האָט זעהר פריה אָנגעהויבען צו זאָרגען וואו נעהמט מען אַ שטיקעל ברויט, האָט חתונה געהאַט צו אַכטצעהן יאָהר און ווען ער איז געוועז אַלט איין און צוואַנציג האָט מען איהם צוגענומען פאַר אַ סאָלדאַט צוזאַמען מיט נאָך פיעל יונגע לייט האָט ער געוויינט, ווען ער האָט געמוזט פערלאָזען זיין היים, האָט געליטען קעלט און הונ־גער, איז געגאַנגען הונדערטער ווערסט צו פוס אין בלאָטע און שנעע, ביז ער איז געקומען אין זיין פּאָלק. ווייל ער איז געוועזן אַ הויכער, אַ געזונטער, האָט מען איהם געמאַכט די עהרע און מען האָט איהם פערשריבען אין אַ דראַגונער פּאָלק. אַזאַ גליק און אַזאַ כבוד קומט אָן אַ אידען זעהר זעלטען.

איהר מיינט געוויס, אונזער העלד האָט אויסגעזעהן שרעקליך, זיינע אויגען האָבען געברענט און אַלע האָבען פאַר איהם געציטערט? אָבער גאָר ניט! פערקהרט, אַלע זיינע רוסישע קאַמעראַדען פלעגען איהם מיט אונגלויבליכע גרויזאַמקייט פערפאָלגען, האָבען איהם אויף יעדען שריט און טריט בעלעדיגט און צום שפּאַט געמאַכט, געשטור־כעט, געשלאָגען, גענאַרט. און זיין וואַכמייסטער האָט איהם ניט אנדערש גערופען ווי „ריאַבאַי זשיד" — במחילה, געשטופּעלטער איד. עס איז געוועזן דערפאַר, ווייל מען האָט שמואל'קען פערגעסען צו שטעלען פּאָקען ווען מען האָט געדאַרפט טאָן.

אין אָנפאַנג האָט אונזר העלד מורא געהאַט צו געהן צו זיין פערד, וועלכען מען האָט איהם געגעבען. און ער האָט איהם געמוזט רייניגען און וואַשען אַלע טאָג. דאַרף איך אייך דערצעהלען ווי פיעל מאָל זיין פערד האָט איהם גענעבען שלום עליכם מיט דער קאָפּיטע? ווי פיעל מאָל שמואל בעזיק איז ארויסגעפאַלען פון זאָטעל? ווי פיעל מאָל זיינע חברים האָבען פון איהם שרעקליך געלאַכט ווען ער איז געלעגען אויף דער ערד אַ צו־וואונדערטער? און ווי פיעל דער וואַכמייסטער האָט אונזער אידישען קאַוואַלעריסט געגעבען אין די ציינער מיט זיין האַרטען סאָלדאַטסקען פויסט?

שמואל בעזיק האָט געליטען און געשוויגען. ער האָט זיך קיין מאָל ניט געקלאָגט, ווי שלעכט מען זאָל איהם ניט בעהאַנדלען, ער האָט זיך קיין מאָל ניט געבעטען ווי שווער מען זאָל איהם ניט בע־שטראָפען ער האָט געשוויגען, אָבער אין קאָפּ האָבען ביי איהם גע־

# די העלדען פון עללים איילאנד.

די צייט פון העלדען, גבורים אנשי חיל איז שוין לאנג פאָראי־בער געגאנגען. ניט נור ביי די אידען, אפילו ביי די יונגערע פעלקער זיינען שוין ניטאָ אזעלכע מוטהיגע און שטארקע מענשען, וועלכע זאָ־לען קענען צורייסען א לייב ווי שמשון הגבור, אָדער ארויסגעהן קע־גען גלית הפלשתי, ווי דוד המלך. עס איז דערפאר, ווייל די מענשען פערלירען יעצט די קראפט פון זייערע מוסקולען אין שווערען קאמפף פאר'ן לעבען, און פערשווענדען די ענערגי פון זייערע נערוועז אין שווערען קאמפף מיט דער דומהייט און אונוויסענהייט. דאָך זיינען נאָך ניט אַלע העלדען אויסגעשטאָרבען און אפילו צווישען אונזערע פערשראָקענע און אָבגעשוואכטע אידעלעך געפינען זיך גבורים, וועל־כע וואָלטען געווים געמאכט א רעש אין אמאָליגע יאָהרען ... פון דעם העלדענטהאט פון אייניגע רוסישע אידען, וועלכע זיינען פון רוס־לאנד פערוואָגעלט געוואָרען אין עלים איילענד, דעם עמיגראנטען איני־זעל, פון אונזער ניו יאָרקער קאראנטין, וועל איך אייך דאָ דער־צעהלען. היינטיגע צייטען זיינען די צייטונגען אונזערע דברי הימים, אונזערע היסטאָרישע אַנואַלען.

## .1

## שמואל בעזיק.

שמואל בעזיק איז געבאָרען געוואָרען אין א קליין שטעטעל אין קאָוונער גובערניע. אזוי ווי אַלע אידישע אינגלעך איז ער געגאנגען אין חדר, האָט געלערענט חומש מיט רש"י, האָט זעהר ווענין פער־

זעהר שטאַרק און איגדער זיי האָבען זיך אַרומגעקוקט איז שמואל'קע געווען שוין אויפ'ן פערד. . אין איין מינוט אַרום שוין גאַלאָפּירט פון יענער זייט טייך... אַ ליאַרעם... אַ געשריי עטליכע קאָזאַקען פון סקאַדראָן האָבען אויסגעשאָסען און שמואל בעזיק איז פערשוואונ־דען געוואָרען אין וועלדעל.

אין מאָנאַט אָקטאָבער 1894 יאָהר איז שוין אונזער העלד פער־ביי געפאָהרען די גרויסע סטאַטוע דער פרייהייט און אַלס געפאַנגענער איז ער טראַנספּאָרטירט געוואָרען קיין עללים איילאַנד. אויף די פראַ־גען: האָסט דו געלד, האָסט דו פריינד אין אַמעריקאַ? האָט ער גע־ענטפערט „ניין" און די קאָמישיאָנערס האָבען בעשלאָסען שיקען איהם צוריק נאָך איירופּאַ.

צוריק! זיין אין אַמעריקאַ, זעהן פון דער ווייטען די הויכע מויערן פון ניו יאָרק, אָבזאָגען זיך פון אַלע זיסע האָפנונגען און נאָך אַזוי פיעל צרות און אונגליק פאָהרען צוריק! ניין! דאָס טוט ניט שמואל בעזיק. עס איז געווען אַ פינסטערע נאַכט, דער רעגען האָט געגאָסען דער ווינד האָט געשטורעמט און געפייפט ווען שמואל און נאָך מיט צוויי פּאָלאַקען האָבען זיך אַראָבגעלאָזט פון פענסטער פון זייער געפענגנים, שטיל צו געגאַנגען צום ברעג.. אָבגעבונדען אַ קליין שיפעלע און שנעל אָבגעשוואומען... אויפ'ן צווייטען טאָג האָט מען דאָס שיפעל געפונען לעבען ברוקלין ברידזש און די אַנטלאָ־פענע עמיגראַנטען זיינען ווי אין וואַסער פערשוואונדען... עס איז קיין צווייפעל ניט געווען, דאָס אין דער שרעקליכער שטורעם־נאַכט זיינען זיי אַלע דערטרונקען געוואָרען אין די טיעפע און קאַלטע וועלען פון טייך.

אונזער העלד לעבט זיך גאַנץ רוהיג אין פילאַדעלפיא, ער איז אַ קבצן, נעהט העמדער און רעכענט זיך פאַר איינעם פון די בעסטע שוירט מייקערס...

## 3.

## יענקיל בעל תכלית.

„איך וויל פאָהרען קיין אַמעריקאַ, דאָס הייסט, ניט קיין אַמע־ריקאַ, נור קיין „ניו יאָרק", האָט געזאָגט יענקעלע בעל תכלית, און

רוישט אָפּט שרעקליכע געדאַנקען. זיין בלוט האָט אין איהם געקאָכט און אין די לאַנגע שלאָפלאָזע ווינטער נעכט פלעגט ער אָפּט דענקען פון בלוטיגע ראַכע, פלעגט טרוימען פון פערשיעדענע פּלענער ווי זיך צו בעפרייען פון זיין שרעקליכע געפענגנים און פון זיינע בלוט־דורשטיגע קאָמאַנדירען. אַזוי איז אַוועק צוויי יאָהר און אונזער שמואל׳קע איז געוואָרען אַ קאַוואַלעריסט מיט אַלע ביינער...

.2

ויהי היום... עס איז געווען אַ הייסער זומער טאָג! דער גאַנ־צער פּאָלק האָט געמאַכט מאַנעווורען ניט ווייט פון עסטרייכער גרע־נץ. שמואל בעזיק מיט אַן אונטער אָפיציר און מיט נאָך אַ סאָלדאַט זיינען ארויסגעשיקט געוואָרען אַלס פּראָטיערס... זיי האָבען גע־לאָזט דעם פּאָלק אונטער זיך אויף צוואַנציג ווערסט... די זונן האָט געבאַקט, גאַנצע וואָלקענס שוואַרצער שטויב האָבען זיך אויפגעהוי־בען פון אונטער די פיס פון די מידע פערד, וועלכע האָבען געברויזט און געניסט... אונזערע דריי סאָלדאַטען האָבען אַראָבגעקעהרט אַבי־סעל פון וועג, זיינען אַראָב פון די פערד און האָבען זיך צוגעלעגט אויף דר׳ערד. די 2 רוסען האָבען געררויכערט, געלאַכט און שמואל האָט גע־שוויגען.... זיינע אויגען זיינען געווען געוועגדעט אַהין, צום טיי־כעל... פון יענער זייט האָט זיך געזעהן אַ וועלדעלע... און נאָך ווייטער אַזוי ווי אין אַ נעבעל, הייזער, — דאָרט איז געווען עסט־רייך... אַ נייע פרעמדע לאַנד... פון יענער זייט טייכעל איז די פרייהייט און דאָ שקלאַפעריי, שמעריץ, צרות... שמואל האָט אַראָב־געלאָזט דעם קאָפּ און האָט זיך פערטראַכט. — געשטופּעלטער איד, וואָס שווייגסט דו? האָט געפרעגט דער אונטער־אָפיציער?

„איך טראַכט דערפון, האָט געענטפערט שמואל גאַנץ רוהיג, אַז איך זאָל אייך צוזאַמענבינדען מיט מיין רימענעם גאַרטעל וואָלט איהר ניט געקענט זיך אליין בעפרייען...

— אַזוי נאַר? האָט געזאָגט דער אונטער־אָפיציר... אַי! אַי! וואָס פאַר אַ בריה דו ביסט! אַ נו פּרוביר. די הענד פון אונ־זער העלד האָבען אַביסעל געציטערט ווען ער האָט גענומען זיין לע־דערנעם גאַרטעל, דאָך האָט ער זיינע בעגלייטער צוזאַמענגעבונדען

גרענעץ האָבען איהם אידעלעך אריבערגעפיהרט. ביז האמבורג איז ער געפאָהרען מיט'ן פיערטען קלאַס און מיט איין ברוויטעל. אין האמ־בורג האָט ער געקויפט זעהר ביליג א שיפס־קארטע ביי א אידען, וועלכער האָט ניט געוואָלט פאָהרען קיין אמעריקא, און יענקעלע בעל תכלית איז ארויף אויפ'ן שיף מיט'ן נאָמען מוזעס יאָצמאַך און איז אוועקגעשוואומען. אויפ'ן שיף האָט ער געליטען קעלט, הונגער, די מאַטראָזען האָבען איהם געטורכעט, די פאַסאַזשירען האָבען פון איהם געלאַכט און ער איז געווען גליקליך און רוהיג — ער האָט געוואוסט, אז די שיף פיהרט איהם קיין „ניי ראָק", ער האָט געוואוסט אז אין דער וואַטע פון זיין אַלטען פּאַלטאָ איז נאָך ביי איהם איינגענעהט א שעהנע פותיקי, און ער האָט געלאַכט פון דער גאַנצער וועלט.

ווי איז אייער נאָמען? האָט געפרעגט דער נאַטשאַלניק פון קאַסטעל גארדען ווען יענקעלע בעל תכלית איז צוגעגאַנגען צום טי־שעל א פרייליכער, א גליקליכער מיט איין קליין פּעקעלע אונטערן ארעם און מיט א האַנד אויף זייט פון פּאַלטאָ וואו זיין גרויסע סומע געלד איז געווען פערנעהט.

— מיין נאָמען איז יענקעל בעל תכלית!

— זאָ! ווארום זייט איהר פערשריבען אויף דער ליסטע אַלס מאָזעס יאָצמאַך?

ווייל, ווייל.... יאָצמאַך איז מיין נאָמען אין דער רוסישער שפּראַך און איבערזעצט אויף דייטשעם הייסט עס בעל תכלית!

— קיין עלים איילענד און פון דאָרט צוריק אין אייראָפּא..

אזוי פיעל צייט, אזוי פיעל געלד און מיה פערליערען און ניט זיין אין ניו יאָרק?... מיט ביטערע טרערען האָט נעבעך יענקעלע געוויינט, ווען מען האָט איהם פון עלים איילענד צוריק אָבגעשיקט נאָך האמבורג. געדאַנקען פון פערצווייפלונג זיינען איהם געקומען אין קאָפּ, ער האָט זיך געוואָלט הענגען, אריינוואַרפען זיך אין וואַסער, שטעכען זיך מיט זיין אַלטע שער, וועלכע איז געלעגען ביי איהם אין פּעקעל. אָבער... אָבער יענקעלע בעל תכלית איז געווען א העלד און העלדען שטאַרבען ניט פון פערצווייפלונג. ווען מען האָט איהם מיט קלעפּ און סטוסאַקעס אראָבגעיאָגט פון שיף אין האמבורג, האָט ער באַלד אָנגע־הויבען צו זוכען א אידישען שניידער. זעקס חדשים האָט ער געאַר־בייט ווי אן עזעל, ניט געשלאָפען נעכט, ניט געגעסען, ניט געטרונקען

אַזוי איז דאָס געבליבען. פאַרוואָס איז ביי איהם ניו יאָרק געוואָרען „ניי ראָק", קען קיינער ניט וויסען, נור עס קען זיין עס איז דערפאַר, ווייל אליין איז ער געוועזן אַ שניידער, ער אליין אָבער האָט קיין מאָל קיין נייעם ראָק ניט געהאַט, ער האָט אויך קיין מאָל קיין נייען ראָק גענעהט, וואָרום ער איז געוועזן אַ פאַרטאַטש, ער האָט נור געקענט פעררריכטען אַן אַלטע טראַנטע, פערלאַטען, איבערפּרעסען, איבער־ניצעווען, ארויסנעהמען פלעקען וכדומה למשל.

הערט וואָס ביי אידען קען פּאַסירען: יענקילע בעל תכלית איז געוועזן דרייסיג יאָהר אַלט און דאָך געוועזן נאָך אַ בחור. ער איז טאַקע ניט געוועזן קיין פּאַרשוין, מען דאַרף זאָגען דעם אמת. אין מיט'ן נאָז האָט ער געהאַט אַ טיעפען טהאָל, וועלכער האָט איבערגעטהיילט דעם נאָז אויף צוויי חלקים, די אויבערשטע טהייל האָט ארויסגעוויזען ווי אַ שטעהענדיגע קוואַסאָליע און די אונטערשטע ווי אַ קאַרטאָפעל. דער גאַנצער פּנים האָט אויגעוויזען ווי אַ רעטעך מיט'ן קאָפּ אַראָפּ... איהר פערשטעהט שוין אליין, אַז מיט אַזאַ נאָז האָט יענקעלע ניט געקענט ווי אַ כשר'ער איד דאַרף זאָגען „אפפוני". ער איז נאָך גע־ווען דערצו אַביסעל טויבלעך... ער זאָגט, אַז דעם נאָז און דעם אויער האָט איהם קאַליע געמאַכט די בעל הבית'טע ווען ער איז נאָך געוועזן אַ לערען־אינגעל.

יענקעלע בעל תכלית, ווי איהר זעהט פון זיין נאָמען, האָט שטענדיג געלעבט מיט תכלית, ער האָט שטענדיג זעהר וועניג גע־האַלטען פון אַזעלכע נאַרישקייטען ווי זייף, אַ באָד, אַ קעמעל, וועש, במחילה אונטער־הויזען, וכדומה למשל. נור אויף איין איבריגע זאַך פלעגט ער זיך יאָ ערלויבען אויסצוגעבען אַ סך געלד, ער פלעגט אַלע טאָג עסען אַ גאַנצע שיסעל וואַרעמע סופּ מיט אַ פעטען מאַרך־ביין. ווי אָבער ער האָט זיך בעשלאָסען צו פאָהרען קיין „ניי ראָק" האָט ער גאַנצע חדשים געגעסען טהע און געטרונקען וואַסער. קאָפּי־קעס ווייז, פּיטאַקלעך ווייז האָט ער געקליבען אַ יאָהר, צוויי יאָהר, דריי יאָהר... ער האָט געציטערט איבער יעדען גראָשען, האָט אָפּט ניט געשלאָפען וואָכען ווייז און איז ענדליך פאַרט געקומען צו זיין ציעל: אין דער וואַטע פון זיין אַלטען ווינטער פּאַלטאָ איז געוועזן פערנעהט 90 קערבעל מזומן געלד.

ביז'ן גרענעץ איז יענקעל בעל תכלית געגאַנגען צופוס, איבערן

# אַ פערקעהרטע וועלט.

(אַ מאָנאָלאָג פון אַן אַלטען שניידער.)

---

שש! רבותי, בעיני ראיתי, מיט מיינע אייגענע אויגען האָב איך דאָס געזעהן אויף דער אידישער גאַס און לפיכך „ויברחת"... אָבער קודם כל לאָמיך זיך ארומקוקען וועמען דבר (דאבער) איך דאָ. קיין עין הרע, אַ עולם. אידען? האַ? איך זעה דאָ אפילו אַ סך גוי'שע מאָרדעס. אָבער איך ווייס שוין, ברוך השם, אַז היינטיגע צייטען נעהמט מען ניט קיין ראיה פון קיין גוי'שע מאָרדע, די מאָרדע טאַקע אַ גוי'שע און דאָס הארץ איז אידיש. לפיכך, אַז מיר זיינען דאָ יא אייגענע מעג איך דערצעהלען די גאַנצע מעשה שהיה. הערט זשע, זייט זשע מוחל... אָבער עס קען גאָר זיין, אַז איהר ווייסט ניט, ווער איך בין און איך רעד צו אייך. דאָס איז יא — דבר אל העצים ואל האבנים.

איך בין משה זאנוועל וואַטע, דאָס הייסט, מיין אמת'ע פאַמיליע איז ניט „וואַטע", חלילה וחס! מיין ריכטיגע פאַמיליע ווי אין די מעטריקעס פערשריבען, איז משה זאנוועל ברוך יאַנקעלעוויץ דריפּקין. נור מען רופט מיך „וואַטע" שוין אַ יאָהר דרייסיג. והמעשה שהיה כך היה....

איך בין ניט פאַר אייך געדאַכט, אַ שניידער. ויש אומרים, זיי זאָגען, יאַק בי מיט דרייסיג יאָהר צוריק, אַז איך האָב געשטעפּט פאַר דער אַלטער רבצין מייטקעס, עליה השלום, האָב איך אַראָבגעלאַטכענט אַ גאַנצע „יריעה" מיט וואַטע. לפיכך דאַרף איך אייך זאָגען, קודם כל איז דאָס גלאַט אַ בלבול, און, שנית, ווען אפילו יא, בין איך דען ניט אַ איד ווי אַלע אידען? וואַטע? לפיכך איז וואָס? זאָל זיין וואַטע, מען איז דאָך ניט מעהר ווי אַ איד... און מע דאַרף לעבען אויף דער וועלט... אָבער, חלילה, גענען אידישקייט, אָדער גענען

און האָט שוין געקויפט אַ שיפס־קאַרטע ניט אויף יאָצמאַח׳ס, נור אויף זיין אייגענעם נאָמען. אָבער פאָהרען גלייך קיין „ניו יאָרק" האָט ער מורא געהאַט, די שרעקליכע „נאַטשאַלסטוואָ" זאָל איהם חלילה ניט דערקענען. ער איז אוועק פריהער קיין קאַנאַדאַ... דאָרט האָט ער ווידער אַ פּאָר מאָנאַט געאַרבייט און איז אַ גרויסער מאַן געקומען קיין „ניו יאָרק" מיט׳ן באַהן...

שוין דריי וואָכען וואַנדערט ער אַרום איבער די גאַסען פון דאַונטאַון און זוכט זיך אַרבייט. די באָסעם טרייבען איהם, די לויפערס לאַכען פון איהם און ער פייפט זיך מיט׳ן נאָז „אַפּפּוני" און ער איז גליקליך: דען ער איז דאָך אין דער גרויסער שטאָט „ניי ראָק", ער פיהלט זיך ניט עלענד און הילפלאָז, ער פרעגט זיך ניט קיין קשיות: וואָס האָט איהם אַהער געבראַכט און וואָס דאַרף ער דאָ? יענקעלע בעל תכלית האָט געזאָגט: איך וויל זיין אין „ניי ראָק" און אויף צו להכעיס אַלעמען איז ער אין „ניי ראָק". איז דען יענקעלע בעל תכלית ניט קיין העלד?



און דאָנערשטאָג געאַרבייט טאָג און נאַכט... געה אין מיטען וואָך בעטען אויף שבת האָב איך ניט געהאַט קיין העזה, ווי געהט מען עס מטריח זיין ר' שמריהו איידער די קאַפּאָטע איז פערטיג? פלעגען מיר טאַקע די וואָך האָבען אַ חושך'דיגען שבת, אויף די גוים געזאָגט געוואָרען אַזאַ שבת, אָבער שאַ!... איך פלעג זיך די אויגען אויסברענען... איהר האָט עס געדאַרפט זעהן, ווי איך פלעג איהם אַנידערלעגען אַ קאָלנער, ווי איך פלעג איהם אָבשטעפען אַ לאַץ! אויסשטריגיווען אַ פּאָדשיווקע! ערב שבת פלעג איך לויפען מיט פרייד, מיט שרעק און, זאָל מיך גאָט ניט שטראָפען, מיט גאוה, פלעג איך לויפען מיט'ן שטיקעל אַרבייט צו ר' שמריהו'ן... מע האָט מיר געהייסען וואַרטען אין קיך... ר' שמריהו איז ערשט געקומען פון מרחץ, יישר כחם, און טרינקט טהעע — פלעג איך שטעהן און וואַרטען כעני בפתח. אַ ריח נחוח פלעגט זיך אין קיך צוגיסען איבער אַלע ביינער. די פיש האָבען געשמעקט ווי בשמים, פון אויבען איז געגאַנגען אַ פּאַרע פול מיט חיות נפשות. אויפ'ן טיש געלעגען חלות געפלאָכטען אין צוועלף מערכות... יעדע חלה גראָב און פעט ווי אַ חזיר, להבדיל. אָבער איך האָב חלילה ניט מקנא געווען. איך האָב געוואוסט, איך בין ניט מעהר ווי אַ בעל מלאכה און ר' שמריהו איז ר' שמריהו... און אַז מע פלעגט מיר ענדליך זאָגען: שניידער, ר' שמריהו רופט דיך! פלעגט מיר טאַקע פשוט ממש אָנהויבען ציטערן דער פּופּיק... הענד און פיס פלעגען ביי מיר וואַרפען ווי אַ קדחת, ווען ער פלעגט אַראָבוואַרפען פון זיך זיין שעהנעם חאַלאַט און איך פלעג אויף איהם ארויפציהען דעם נייעם בגד.

— דו, בעל חייט, האָסט מיר ווידער געמאַכט שמאָל אונטער דער פּאַכווע? הא? האָט געדונערט ר' שמריהו מיט זיין ברייטען בעל הבתישען קול.

— ניין, ר' שמריהו, דאָס איז גאָר ניט... דאָס איז דער אונטערשלאַג, פלעג איך פּישצען מיט אַ שניידערשע שטימע.

— די שפּאַלטען אויפ'ן הינטען צוגעהען זיך ווידער און עפענען זיך ווי די שערי השמים!...

— ניין! ניין! חלילה, ר' שמריהו, עס צוגעהט זיך ניט אויפ'ן הינטען... חלילה! דאָס איז געמאַכט געוואָרען צוליעב דעם שפּרייז... יאַ! יאַ!

א העכערען מענשען, אָדער געגען א שעהנעם אידען א בעל־תורה, אָדער געגען דיני מלכות — לגמרי לחלוטין חלילה וחס, אין מיין לעבען ניט! היינט אָבער ביי די איצטיגע איז, ניט פאַר אייך גע־דאַכט, אַלעם קאַפּוירעם מיט די פּיס... אוי! אויף דער אידישער גאַס איז איצט א פערקעהרטע וועלט. עולם ומלואה!

איך האָב אָבגעלעבט כל ימים ושנים דאָ אין שטעטעל, ווער האָט דען געהערט אמאָל מיין קול?... דאָס הייסט, אין דער היים פלעגט מיין פלונית'טע, זאָל זי זיך מיהען דאָרט פאַר אונז, זעהר אָפּט הערען קולות וברקים. אָדער דאָרט א פועל, א לערענ־אינגעל פלעגט טאַקע קריגען פון מיר א פּאָאָר מאָל אין וואָך ריסוק אברים אויך — דאָס אָבער בעלאַנגט דאָך צו מענשליכקייט. אָבער אזוי אין אמת'ן לעבען האָב איך כל ימי ניט גנעפענט קיין מויל, ניט געפרעגט קיין קשיות, נט געטענה'ט. איך האָב געטאָן, וואָס מע האָט מיר גע־הייסען, האָב גענומען וויפיעל מע האָט מיר געגעבען... האָב גע־דאַנקט גאָט, יתברך שמו, פאַר זיינע חסדים און האָב אָבגעגעבען כבוד די בעלי־בתים פון שטאָט פאַר זייערע מעשים טובים. איך בין טאַקע כל ימי געווען א קבצן, טאַקע געווען א דלפון, טאַקע אַן אביון, לפיכך איז וואָס? איז הו עשיר השמח בחלקו... ווער איז אַן עושר? דער וואָס פרייט זיך מיט'ן חלק... האָסט ניט וואָס צו עסען? שווייג און דאַווען און דאַנק גאָט. דערויף ביסט דו א איד און גאָט איז אונזער טאַטע פאָטער, די היינטיגע אָבער... ע! ביי זיי איז יא ווי מע זאָגט: אנא בכח, תתיר צרורה!..

ווער פון אייך קען ניט מורינו ר' שמריהו קאַטשקאַוואַל, אונזער פרנס חודש און מורה דרך? א איד א זקן, א בעל־תורה, א מיוחס. ער האָט זיין לעבען קיין האַנד אין קיין קאַלט וואַסער ניט אריינגע־לעגט, לעבט שטענדיג ווי א שררה פון אַלעם גרייטען... מטל השמים ומשמני הארץ. — איך ווייס, מען טאָר זיך ניט גרויס האַלטען, אָבער כל זמן שהנשמה בקרבי, זינד איך בין געוואָרען א רעכטער שטיקעל בעל־מלאכה, בין איך געווען זיין שניידער. אז ער האָט געזאָגט: משה זאַנוועל וואַטע, איך וויל די קאַפּאָטע זאָל זיין פערטיג פרייטאָג פאַר קבלת שבת, — האָבען מיר אפילו די אויגען געמעגט קריכען פון קאָפּ איז שוין געווען ווי ר' שמריהו האָט געזאָגט... א גאַנצע וואָך געזעסען צונויפגעקאָרטשעט כאיל על אפיקי מים און מיטוואָך

איך אודאי ניט מטריח געווען, נור דער שבת קודש...

— הערסט אַן איינפאַל פון אַ שניידער? פאַר קבלת שבת, וועל איך מיר געהן דולען דעם קאָפּ?... אין מיטען וואָך, ווערסט מיך באַגעגענען אין גאַס, ווערסט מיך דערמאָנען, וועל איך דיר בעצאָה־לען...

אוי! עס פלעגט מיר טאָקע פינסטער ווערען אין די אויגען און געפּיהלט האָב איך טאַקע פשוט חלמיש למעינו מים, אָבער שאַ! איך וועל דאָך ניט געהן זיין אַן עזות פנים געגען אַ איד אַ בעל הבית און אַ בעל תורה.

אבל וחפוי ראש, ווי אַ גענעראַל־גובערנאַטאָר, פלעג איך מיר געהן אהיים און אַז מיין פלוניתטע פלעגט אָנהויבען צו טענה'ן, פלעג איך איהר אָבגעבען אַ גוט־שבת מיט אַ פאָרציע זמירות, אַז צו די פיש, וואָס זיינען ניט געווען, האָט מען שוין קיין חריין אויך ניט געדאַרפט רייבען. . והעיר שושן צהלה ושמחה!...

אין מיטען וואָך פלעג איך עטליכע מאָל דאַרפען אוועקוואַרפען די אַרבייט, און געהן אין גאַס זעהן ר' שמריהו.... איין מאָל זעה איך, ער שטעהט און רעדט מיט גרויסע בעלי הבתים, האָב איך מורא צו צוגעהן.... איין מאָל זעה איך, זיין פנים איז אָנגעכמורעט, מסתמא עפּעס צוטראָגען — איך דרעה זיך ארוים ר' שמריהו זאָל מיך חלילה ניט דערזעהן. סוף כל סוף, געה איך דאָך אמאָל צו, עפען אויף מיין שניידערשען מענה־לשון און קוים וואָס מע הערט, זאָג איך: האָט קיין פעראיבעל ניט...

— וואָס איז? וואָס דאַרפסט דו? בייזערט זיך ר' שמריהו מיט זיין ברייטען בעל הבתישען קול...

אַ האַלב־טויטער שטאַמעל איך: איהר האָט מיר געהייסען, אַז איך וועל אייך דערזעהן אין גאַס, זאָל איך אייך דערמאָנען...

— דערמאָנען? וואָס דערמאָנען? וואָס דולסט מיר אַ קאָפּ!...

— האָט קיין פעראיבעל ניט, פאַר דער נייער קאַפּאָטע...

— הא? ! אויפ'ן גאַס גאָר שטעלסט דו מיך אָב צו מאָנען געלד? האָסט דו געהערט אַ חוצפה פון אַ שניידער־יונג! וואָס איז, איך האָב ניט קיין היים, חלילה? פערד! חמור!...

איך בין נעגאַנגען אהיים און האָב געשוויגען... וואָרום ר' שמריהו איז טאָקע ר' שמריהו און איך בין ניט מעהר ווי אַ בעל־מלאכה...

אמאָל פלעג איך כאַפּען; שייגעץ! עם־הארץ! פּאַסקודניאַק! פאַלגע! און אפילו אין טאַטען פערעטאַטען אויך... מיין טאַטע נעבעך, לאַנג שוין געלעגען אין דער ערד און עס פלעגט פערדריסען, אָבער איך האָב ניט געעפענט מיין מויל. ווארום איך האָב געוואוסט, איך בין ניט מעהר ווי א בעל מלאכה און ר' שמריהו, זאָל געזונד זיין, איז א איד א בעל הבית... איך פלעג בלייבען שטעהן ביי'ן טהיר און וואַר־טען. ר' שמריהו פלעגט זיך אָנשלאָגען און פעררויכען זיין לעצטע ערב שבת'דיגע ליולקע, פלעגט געהן ווייזען זיינע בני־בית די נייע קאַפּאָטע, פלעגט זיך אומגעהן איבער'ן שטוב און זינגען עפּעס א פּזמון פון די אידישע זאַכען.

איך פלעג שטעהן און וואַרטען. ר' שמריהו זאָל לעבען האָט גאָר פערגעסען, אז דער שניידער שטעהט ביי'ם טהיר, און ווי זאָל איהם טאַקע ליגען אין זינען אזא נאַרישקייט? עטליכע מאָל פלעג איך וועלען זאָגען: ר' שמריהו עס ווערט באַלד נאַכט און מיין פּלוניתטע האָט נאָך ניט דעם גאַנצען שבת אין שטוב... אָבער מיין צונג פלעגט זיך ניט ריהרען און מיין מויל פלעגט זיך ניט עפענען.

עס איז געוועןן א תענוג צו זעהן, ווי ר' שמריהו האָט געשפּאַנט איבער'ן זאַל, זיינע שבת'דיגע אויסגעפּוצטע שטיוועלעך האָבען גע־סקריפּעט בחצוצרות וקול שופר, זיין פּנים האָט נאָכ'ן מרחץ געשיינט ווי דער גלאַנץ פון א סאַמאָוואַר, פּשוט די שכינה האָט אויף איהם גערוהט. א זיסע וואַרעמקייט איז געלעגען אין שטוב און דער ריח פון פיש האָט געקיצעלט אין נאָז און געקאַלופּעט אונטער'ן האַר־צען.

ענדליך פלעג איך דאָך ווערען א גאַנצער גבור החיל, ווי זאָגט מען, נויטה ברעכט אייזען. איך פלעג זיך א שאָקעל טאָן פון איין פוס אויפ'ן צווייטען און, פול מיט נצחון און בעשלאָסענהייט, פלעג איך גע־בען א קליינעם שטילען הוסט... א פּיצעלע הוסטעלע, ווי אַן עופה'לע פערכעט... ר' שמריהו הערט ניט... לפיכך גיב איך זיך ווידער א שאָקעל אויף די פיס און גיב אזא הוסט, אז איך אליין דערשרעק זיך. ר' שמריהו קעהרט זיך אום צו מיר און פרעגט בייז:

— דו ביזט נאָך דאָ גאָר?

— יא, זאָג איך, און שעם זיך ווי א גנב... טוט מיר א טובה, זאָג איך בקול דממה דקה, און גיט מיר וויפיעל עס איז... איך וואָלט

ער מאָנט ווי א שייגעץ, ווי אַן עזות מחוצף פּנים. ער וויל ניט זי־צען טאָג און נאַכט צונויפגקאָרטשעט ביי דער אַרבייט, ער וויל נור אַרבייטען אכט שעה. הערסט א חוצפה פון א דלפון! איך האָב גע־שווינען, זיי שרייען. איך האָב ניט געוואגט צו טענה'ן, זיי פאָדערן גאָר זיך די געפּלאָכטענע חלה מיט די געפילטע פיש, הערסט א חוצפה! מיר האָבען געזאָרגט פאר אידישקייט, זיי זאָגען גאָר, „נאַ שצאמיני אידישקייט, אַז עס איז ניטאַ וואָס צו עסען?..."

איך האָב פופציג יאָהר געזונגען הנותן תשועה למלכים, און זיי... וועה איז מיר! מיין אייגענער זוהן זאָגט מיר, שש! איך וועל אייך זאָגען בסוד, — ער זאָגט מיר: „טאַטע, ניטאַ קיין הנותן תשועה, א מכה מיינע שונאים! וועה איז מיר! די האָאָר שטעלען זיך קאַ־פויר! אין אונזערע צייטען האָט מען אויף דער אידישער גאַס נור שמחת תורה געזעהן א פאַפּירענע פאָהן מיט אַן עפּעל, היינט געהען זיי אום מיט הקפות אין מיטען דער וואָך מיט רויטע פאָהנען... יעדער שנעק, יעדער שולאָק, יעדער חניאָק לייענט היינט צייטונגען מיט גאַזעטען מיט סמארקלאראציעס... און גאָט, ברוך הוא אליין איז ביי זיי אריין אין שוסטער־גאַס. מיין אייגענער זוהן לאכט פון מיר, וואָס איך זאָג צו גאָט, יתברך שמו, הנשמה שלך והגוף שלך! לפיכך, זאָגט ער, אויב גאָט איז טאַקע דער בעל הבית אי פון דער נשמה, אי פונ'ם גוף, האָט ער זיך אַנדערש געדאַרפט פיהרען. דו זאָרגסט זיך פאר דיין נשמה האָט ער זיך, לכל־הפּחות געדאַרפט זאָר־גען פאר'ן גוף און ווען עס איז מאַכען דיר א פּאָאָר הויזען... איהר הערט? הויזען, כביכול!...

אוי! ווער איך דאָך בייז און זאָג: „וואָס דען ניט דער בורא יתברך האָט בעשאַפען די נשמה? שייגעץ! עס שטעהט דאָך בפירוש „ויפּח באפּיו" און ער האָט אריינגעבלאָזען אין זיינע נאָזלעכער". זאָגט ער מיר, אַז גאָט האָט גאָר די נשמה ניט אריינגעבלאָזען, א שלאָג איז צו מיינע ביינער! אַז ניט דער בורא יתברך האָט אריינ־געבלאָזען, היינט ווער דען האָט אריינגבלאָזען? אָט אזוי רעדט עס על ד' ועל משיחו. עס האָט ניט מורא פאר קיין זאַך. ער ציטערט שוין ניט ווען ער דערזעהט א גאָראָדאָוואי, בלאַ! דער פּאָליצמייס־טער אליין ציטערט נעבעך ווי א הונד אין קאַלט וואַסער, אַז ער קומט אין דער אידישער גאַס... אמאָל פלעגט מען ביי א אידען קענען

איך וועל חלילה ניט געהן רעדען ר׳ שמריהו׳ן אנקעגען, אָבער אין דער היים פלעג איך שוין געבען לשון... און אנדערש מאָל פלעגט וועי רען אזוי ביטער, אז איך פלעג טאקע געבען דבר אחר ביד חזקה שתים...

אָט אזוי האָבען מיר אמאָל געלעבט. אויף דער אידישער גאַס איז געוועזען שטיל און רוהיג. מע האָט געהאט דרך־ארץ פאַר אן על־טערען, כבוד התורה איז געוועזען וויכטיגער פון ברויט. מיר האָבען ניט גע׳טענה׳עט, מיר האָבען געבעטען גאָט אונזער פאָטער... מיר האָבען ניט געזאָרגט פון קיין זאך, אויסער אידישקייט. היינט וועגען דיני דמלכות — חלילה! אז אויף דער אידישער גאַס פלעגט זיך ווייזען א פּאָליציייסקי קנעפּעל האָבען מיר אלע געציטערט ווי אין א קאלטע פריה־מאָרגען צו סליחות. גערעדט האָבען מיר צו׳ן איהם פּונקט, ווי א פרומער שליח צבור ביי „הנני העני ממעש...״ נייעס האָבען מיר געהערט שבת בין מנחה למעריב אין קלויז ביי דער הרובע. ווער האָט געוואוסט פון צייטונגען, פון גאַזעטען, פון טעלעגראַמעס? אין דער גאַנצער שטאָדט איז געוועזען איין משוגע׳נער, וואָס האָט גע־לעזען דעם „המגיד״.

וואָס איז אָבער איצט געוואָרען פון דער אידישער גאַס? אי! עס איז א פערקעהרטע וועלט! עס איז א פערקעהרטע וועלט! די בכבוד׳יגע אידען מיט׳ן הדרת מלך, די שעהנע בעלי הבתים מיט׳ן תן כבוד לתורה, פון אלץ איז געוואָרען תל, אשפּה, עולם ומלואה! דער בעל מלאכה האָט אויפגעעפענט זיין פּיסק און דער שעהנער איד מוז בלייבען שטום ווי יורקעס־הונד! אז ר׳ שמריהו זאָגט דעם היינ־טיגען שניידער דו פּאַלגוטש! זאָגט ער איהם: דו, בייגעל כאַפּער! אז ר׳ שמריהו פרעגט: ווען וועט זיין מיין קאַפּאָטע פאַרטיג, זאָגט ער מיט א קאלטען לונג און לעבער: ווען איך וועל זי אויפנעהען וועט זי פאַרטיג זיין!... אז ר׳ שמריהו זאָגט, ברענגט מיר מיין בגד. זאָגט דער שניידער: איך? בלא! איך וועל דיר אָבשיקען מיט׳ן לערנ־אינגעל, און דו זאָלסט דעם לערנ־אינגעל גוט בעהאַנדלען, וואַ־רום אז ניט וועלען מיר מיט דיר לערנען בלק!... דו הערסט? א לערנ־אינגעל איז ביי זיי היינט אויך א גאַנצע מציאה. דער היינטי־גער וויל ניט שטעהן אין קיך און וואַרטען, ער קריכט דורך דער פּאַ־ראַדנער טהיר. ער הוסט ניט, אז ער קומט מאָנען פאַר זיין אַרבייט,

# קען דאָס זיין?

(א פאנטאזי.)

איך בין געוועזן זעהר פערוואונדערט און מיין ערשטער געדאנק איז געוועזן: קען דאָס זיין? איז דאָס די ווירקליכקייט? אָבער ווי אזוי קען איך צווייפלען, אז אַלעס וואָס איבערראשט מיך אזוי שטעהט פאַר מיינע אויגען? איך זעה עס, בעגרייף עס, עמפּפינד עס און אויסער דעם, אָט שטעהט געגען מיר א יונגע לעדי, וועלכע ערקלעהרט מיר די בעדייטונג פון יעדע זאַך, דערצעהלט מיר די געשיכטע פון יעדע זאַך, גיט מיר סטאטיסטישע איינצעלהייטען, פאקטען, ציפערען, נעמען.

קען דאָס זיין?

ערלויבט מיר צו דערצעהלען אייך די געשיכטע פון אָנהויב. מיט א קורצע צייט צוריק בין איך געזעסען אין קאפע רעסטאָראַן זעהר שפּעט ביי נאכט. מיינער א בעקאַנטער, וועלכער איז איינער פון די דירעקטאָרען פון דער „עדיוקיישיאָנעל אליאַנס", אָדער בעסער בעקאַנט אונטער נאָמען „היברו אינסטיטוט", האָט מיך טראַקטירט מיט א סי־גאַר און האָט זיך צוגעזעצט צו מיין טישעל. אָבוואָהל דער דאָזיגער דירעקטאָר איז א דייטשער יהודי, איז ער דאָך א גאַנץ אנשטענדיגער מענש און זאָגאַר ניט קיין גראָבער יונג (וואָס איז ווירקליך זעהר א גרויסער חידוש). מיר האָבען גערעדט, ווי געוועהנליך, וועגען דער אי־דישער גהעטאָ. זאָגט צו מיר דער דייטשער יהודי: די „עדיוקיישיאָ־נעל אליאַנס" קאָסט אונז אַלע יאָהר במעט הונדערט טויזענד דאָלאַר, מיר האָבען פיעל טראָבעל און זעהר ווענינ נחת. מיר דאַכט זיך, זאָגט ער, ווען אויף דער איסט סייד וואָלט זיך געפונען א שטארקע, פּער־אַנטוואָרטליכע, סאָלידע אָרגאַניזאציאָן, וואָלטען מיר זיי אָבגעגעבען די בילדונג און הכל בכל און זאָלען זיי זיך פיהרען דעם אינסטיטוט ווי זיי פערשטעהען.

גערפינען אין קעשענע אַ לוח, אַ טאַבאַק־פּושקע, אַ קליין תהילים'על, אַ גראַגער, אַ דרעדעל, אַ פּעקעל ציצית, און היינט, שמעו שמים והאזיני ארץ !.. היינט טראָגען זיי דאָך ביי זיך אין די קעשענעס כלי־זיין אויך... יאָ ! פּונקט ווי דער גוי, פּונקט ווי עשו־חזיר מיט'ן ביקסעל... און וואָס, מיינט איהר, בין איך אהער געקומען צולויפען אַ טויט־דערשראָקענער ? איך האָב געזעהן, בעיני ראיתי, ביי אונז אויף דער אידישער גאַס פּיף פּאַף ! אי, אַ פערקעהרטע וועלט, אַ אַ גוי'שע קלאַפּער געצייג, אַ, ווי זיי רופען דאָס, אַ „ריוואָלווער" — אויף דער אידישער גאַס פּיף פּאַף ! אי, אַ פערקעהרטע וועלט, אַ פערקעהרטע וועלט ! און דו גאָטעניו שווייגסט. קומה ד' ויפוצו ! וואָרום אַז ניט, וועט ווערען, חלילה, אַן איבערקעהרעניש אין דער אידישער גאַס, און אַלע אונזערע בכבוד'יגע אידען, אַלע אונזערע שעהנע בעל התים, אַלע אונזערע העכערע משגיחים פון אידישקייט וועלען זיך דאַרפען בעגראָבען לעבעדיגערהייד !... (געהט ראש) בעסער זאָלען זיי דאָס ניט דערלעבען ! גאָטעניו פאָטער, בעסער זאָלען זיי דאָס ניט דערלעבען !



— איך געדענק, די עדויקיישיאָנאַל אַליאַנס האָט דאָ כלומרשט געהאַט מוזיקאַלע קלאַסען... ווי האַלט עס יעצט?

— מיין הערר, ניט כלומרשט קלאַסען, מיר האָבען ריכטיגע מוזיקאַלע קלאַסען פון וויאָלין און פּיאַנאָ. הונדערטער פון אונזערע קינדער לערנען דאָ און אייניגע פון זיי וועלען געוויס זיין גרויסע אַרטיסטען. מיר האָבען אונזערע אייגענע צוויי אָרקעסטרען. מיר האָבען צעהן כאָרן פון יונגע זינגער און זינגערקעס... איך בעט אייך, אינספּעקטירט די גאַנצע בילדונג, וועט איהר זעהן אונזער גאַנצען אינסטיטוט. אויבען האָבען מיר די רעדאַקציאָן פון אונזער צייטונג און זשורנאַל. די ביוראָ פון אונזער צענטראַלע אַדמיניסטראַציאָן, אַבטהיילונגען אין פערשיעדנע שטעדט, האָבען אין דער סאָוטה צוויי סאַניטאַריומס פון קאָנסאָמפּטיווע קראַנקע, און אויסער דעם אונזערע אַלטע לייט פון דער „אַרבייטער רינג" געהען ניט אויף דער עלטער בעטען אַ פּלאַץ אין דעם זאָ פיעל קריטיזירען „מאָנטעפיאָרע האָום". מיר האָבען פאַר אַלטע איין אייגענעם היים און אַ פּראַכטפאָלע געזונטע געגענד. אויסער דעם, יעצט איז ביי אונז אויסגעאַרבייט אַ פּלאַן. מיר וועלען אַליין בויען בעקוועמע, ביליגע און געזונטע וואָהנונגען פאַר די אַרבייטער. זיי וועלען ניט האָבען קיין לענדלאָרדס, וועלכע רייסען פון זיי די הויט... זיי וועלען צאָהלען פיער פּראָצענט אויפ'ן קאַפּיטאַל און דאָס איז אַלעס...

— הייסט עס „דער אַרבייטער רינג" האָט זיך צו־וואַקסען?

— מיין פריינד, מיר וואַקסען, ווייל „דער אַרבייטער רינג" איז די איינציגע אמת־פּראָגרעסיווע און פּראַקטיש געבויטע אַרבייטער אָרגאַניזאַציאָן. מיר האָבען יעצט פיער הונדערט און אַכציג בּרענטשעס מיט אַ מעמבערשיפּ פון פערציג טויזענד. מיר אַליין אינשורען דאָס לעבען פון אונזערע מיטגליעדער מאַכען די אינשורענס קאָמפּאַניעס קיין סענט ניט און אויסער דעם...

— סעי, מיסטער!

איך האָב געמיינט, די ליידי רעדט דאָ צו מיר און האָב זיך געוואונדערט, אויף איהר זיסע שטימע און אויסער דעם האָט מיך אימיצער ניט איבעריג העפליך געשטורכעט אין די זייטען און געצופּט פאַרן קאָלנער פון מיין אויבער־ראָק. איך עפען מיינע אויגען און זעה דעם קאָנדוקטאָר פון דער קאַר... ער פרעגט מיך, וואו דאַרף איך אַראָפּ?...

— נאָסטראַנד עווניו, זאָג איך.

הם! האָב איך מיר א טראַכט געטאָן, די איינציגע אידישע שטאָר־קע, פּעראַנטוואָרטליכע אָרגאַניזאַציאָן, וועלכע אין דער זעלבער צייט אינטערעסירט זיך מיט בילדונג, איז „דער ארבייטער רינג”. וואָס וואָלט געווען, ווען כדומה למשל, הא? ..

קען דאָס זיין?

— יא, מיין הערר, זאָגט די יונגע ליידי און א גוטער ליעבליכער שמייכעלע שפּיעלט אויף איהרע ליפּען. דאָס אלעס, זאָגט זי, געהערט איצט צום „ארבייטער רינג”. דאָ איז יעצט ניטאָ קיין דירעקטאָרען מיט אויטאָמאָבילס, ניטאָ קיין „זיידענע־זאָקען”־גנבים, ניטאָ קיין „קיד גלאָווס” פּאטראָנעסעס. אלעס געהערט אונז, ארבייטער, און אלעס ווערט פון אונז ארבייטער פערוואלטעט.

— דאכט זיך איז אמאָל געווען א „פּיפּעלס סינאַגאָגע”, פרעג איך.

— יא, איצט האָבען מיר אנשטאָט דעם א פּיפּעלס יוניווערסיטי. אָט דאָ אין אודיטאָריום ווערען יעדע נאכט געגעבען לעקטשורס, רע־גולער קורסען, אויסער דעם האָבען מיר פּאָפּולערע פּאָרטרעגע פאַרן פאָלק. קיינע מגידים, קיינע רבנים, קיינע חזנים און דרשנים מעהר.

— איך זעה דאָ אין דעם צימער שטעהט אַן אָרגעל. הייסט עס, איהר האָט דאָ מאַנכעס מאָל יא א גאָטעס דיענסט?

— ניין, מיין הערר, אונזער גאָטעס דיענסט איז צו דיענען איי־נער דעם צווייטען. מיר האָבען פאַר אונזערע קינדער א מין סאָנדיי סקוהל. דאָ קומען זיי זיך צונויף הערען שעהנע מוזיק. זיי זינגען ליעדער וועגען גערעכטע פערהעלטניסע צווישען מענש און מענש...

— און וואָס איז דאָ אויבען אויף דעם פלאָאָר?

— דאָ האָבען מיר אונזערע לייבראַרי און רידינג רום. אויסער דעם האָבען מיר דאָ א קלאַס, וואו עס ווערען פאָרבערייטעט לעקטשורער. אמאָל פלעגען אונזערע ברענטשעס אין דער קאָנטרי זעהר ליידען, ווייל זיי האָבען ניט געהאַט קיין לעקטשורערס. איצט, אונטער אונזער סו־פּערוויזשיאָן דאָ, זיינען אָרגאַניזירט סיסטעמאַטישע לעקטשורס כמעט אין יעדע שטאָט פון אמעריקא. און לעקטשורערס האָבען מיר איי־גענע.

— נאָסטראַנד? וואהאי, מיר זיינען שוין מיט צעהן בלאָק וויי־טער. קריך, ברודער, ארויס פון דער קאַר, זאָגט ער, און הולך צוריק. א בייזער, א פערשלאָפענער, בין איך געגאַנגען אהיים און ווען מיר איז ווידער געקומען דער געדאַנק: קען דאָס זיין? האָב איך אליין אויף זיך א געשריי געטאָן מיט כעס: פאַר וואָס זאָל דאָס ניט קענען זיין? וואָס איז דאָס אזוינס?

אז עהרליכע מענשען מיט שכל און ענערגי ווילען עס זאָל זיין, וועט זיין!



